הערש שישלער

# לאַכט מיט מיר

סאַטירעס • שאַרזשן
הומאָרעסקעס



אַרויסגעגעבן דורך דעם
פאַרלאַג „קאַיאָר“
יאָהאַנעסבורג, דרום־אַפריקע,
ה.תשל״ז — 1977.

דאָס בוך „ל אַ כ ט מ י ט מ י ר“ דערשיינט אַ דאַנק דער הילף
פון אייניקע לייענער און נאָענטע פריינד פון מחבר צו זיין געזונט חערן.

# LACHT MIT MIR

Selected Short Humorous Stories

By

Hersh Shishler
P. O. Box 7690
Johannesburg
South Africa, 1977

Printed by Pacific Press (Pty.) Ltd.

דערשינענע ביכער פון הערש שישלער:

„פריילעכע זיג־זאַגן" — װאַרשע, 1937.

„שמייכל און געלעכטער" — יאָהאַנעסבורג, 1949.

„קרומער שפּיגל" — יאָהאַנעסבורג, 1953.

„ערנסטער שפּאַס" — יאָהאַנעסבורג, 1959.

„מיט אַ שמייכל אויף דער ערד" — יאָהאַנעסבורג, 1963.

„לאָמיר לאַכן" — יאָהאַנעסבורג, 1968.

„זאָלן יידן לאַכן" — יאָהאַנעסבורג, 1974.

„לאַכט מיט מיר" — יאָהאַנעסבורג, 1977.

אַלע נעמען און כאַראַקטערן פון דעם בוך זיינען פיקטיװע און האָבן נישט קיין שייכות צו װעלכער עס איז לעבעדיקער פּערזאָן.

אַדרעס פון מחבר:

H. SHISHLER,

P.O. Box 7690, Johannesburg,

South Africa.

# אינהאַלט

זייט

# אַנשטאָט אַ פּאָרוואָרט

איך האָב אַ גוטן פריינד, ער איז שטענדיק מיט מיר. ער איז מיט מיר ביי דער אַרבעט, נאָך דער אַרבעט, אין געזעלשאַפט, אין גאַס, אין טעאַטער, אפילו אויף באַנען, עראָפּלאַנען. אומעטום קומט ער מיט מיר מיט. ער פאָרט מיט מיר אויף וואַקאַציעס, קומט מיט מיר אויף באַנקעטן, חתונות און — נישט דאָ געדאַכט — אויך אויף לוויות איז ער מיט מיר. איך רייד זיך פאַר אים שטענדיק אויס אַלץ — פריילעכס, טרויעריקס. איך באַהאַלט גאָרנישט פאַר אים אויס. ער ווייסט מיינע סודות. ער ווייסט אַלץ וואָס איך טו. אפילו ליבעס־בריוו באַהאַלט איך נישט אויס פאַר אים, ווייל ער איז מיר טייער, ליב, געטריי, ערלעך. וואָס איך זאָג, שטימט ער צו. איך קען אפילו אים דיקטירן, וועט ער זיך נישט אנטקעגן שטעלן, נישט מאַכן אַ קרומע מינע.

ווען איך בין קראַנק, כ׳ליג אין שפּיטאָל, איז ער לעבן מיר, איז גרייט פאַר מיר צו טאָן אַלץ. זיין געטריישאַפט איז אַן אָפענע, אַן איבערגעגעבענע. איך קען זיך אַלעמאָל מיט אים באַנוצן, זאָגן וואָס איך וויל.

ווען איך דאַרף אַן אונטערשריפט אויף צו קריגן אַ הלוואה, זאָגט ער מיר קיינמאָל נישט אָפּ. אפילו אַ טשעק וועט ער פאַר מיר אויסשרייבן. אזא גוטער, אזא געטרייער איז ער מיר. וועט שטענדיק פאַר מיר טאָן יעדע אַרבעט וואָס איך פאַרלאַנג. איך קען זיך מיט אים באַנוצן בייטאָג, ביינאַכט. צו יעדער צייט איז ער גרייט מיר צו דינען, צו העלפן. וועט קיינמאָל נישט זאָגן ער איז פאַרנומען, מיד, פאַרמאַטערט. אפילו ווען אים טריקנט אין האַלדז, באַמיט ער זיך אַלץ מיר צו העלפן.

אַ דאַנק מיין געטרייען פריינד האָב איך נאָך פריינד. ער האָט מיך פאַרבונדן מיט פיל מענטשן דאָ און אין אַנדערע לענדער. ער העלפט מיר צום שרייבן בריוו, צו שיקן גרוסן. ער זאָגט קיינמאָל נישט אָפּ פאַר מיר צו געבן אַ גאַראַנטיע, אַן אונטערשריפט, עס קאָן זיין אויף דער גרעסטער סומע, זאָגט ער מיר נישט אָפּ, און ער טוט דאָס מיט אַ גוט האַרץ.

מיין פריינד מוטיקט מיך, ווירקט איך זאָל נישט אָפּהאַלטן זיך פון זאָגן וואָס איך וויל זאָגן, אַ וואָרט, אַ געדאַנק. זעט איך זאָל נישט זיין אומעטיק, טרויעריק, כ׳זאָל נישט ארייננפאַלן אין אַ מעלאַנכאָלישער שטימונג. מיין פריינד טרייסט מיך. ווען איך קאָן נישט שלאָפן איז ער נאָענט צו מיר, באַרירט מיין האַנט, מיינע פינגער — און איך פיל לייכטער, בעסער...

ער ווייסט פון מיינע לייד און פרייד, איך פאַרהויל גאָר נישט פאַר אים. איך האָב נישט קיין סעקרעטן פאַר אים. אונדזער פריינדשאַפט האַלט שוין אַן שיינע יאָרן. מיר האָפן צו זיין גוטע פריינד ביז סוף פון לעבן.

איך זע, ליבע פריינד, איר זייט נייגעריק, אירווילט וויסן ווער ס׳איז מיין גוטער און געטרייער פריינד, וועל איך אייך זאָגן — דאָס איז מיין פען...



## שרייבער און שרייבערײַ...

אייך איז גוט — זאָגט צו מיר אַ ייד — איר זייט אַ שרייבער. מען זאָגט אז אַ שרייבער איז נישט קיין מענטש וואָס אַרבעט. אַ שרייבער דאַרף נישט אויפשטיין אין דער פרי און לויפן, יאָגן נאָך אַן אויטאָבוס. אַ שרייבער האָט צייט — וואָס האָט ער צו טאָן? דאָס וואָס ער טוט איז קיין אַרבעט נישט. שרייבן איז נישט קיין מלאכה און מען דאַרף נישט שווער אַרבעטן. קיין האַמערס מיט זעגן און קאָוואַדלעס דאַרף מען צו דעם נישט האָבן. די שרייבערשע מאַשין איז אַ פעדער. ווי שווער איז אַ פעדער?

און די אַרבעט וואָס אַ שרייבער טוט, קאָן ער טאָן זיצנדיק, ליגנדיק, פאַרבדיק און אפילו שלאָפנדיק קאָן ער באַוויזן צו טאָן די מלאכה... שרייבערײַ איז נישט קיין אַרבעט וואָס מען דאַרף צו דעם האָבן וואַרשטאַטן, סחורה, מוסטערן. ס׳איז נישט ווי צו מאַכן אַ גאַרניטור, וואָס היינט איז דאָס גוט און מאָרגן איז דאָס שוין אויס פון מאָדע, און מען האָט נישט די זאָרג אז עס וועט זיין שמאָל, לאַנג, קורץ, ברייט. שרייבן איז נישט אין מאָדע און וועט קיינמאָל נישט זיין. מען דאַרף נישט צו דעם קיין „דיזיינערס" און קאָלירן, פאַרבן. וואָס מען שרייבט אָן איז גוט, און אז מען שרייבט וואָס אָן וואָס טויג נישט, איז אויך גוט.

צו זיין אַ שרייבער דאַרף מען נישט האָבן קיין כוח, מען קאָן דאָס טאָן אפילו קראַנקערהייט. מען שוויצט נישט, מען קלאַפּט נישט, מען הובלעוועט נישט. אויב דאָס שרייבן קומט נישט ארויס גלאַטיק, איז אויך נישט קיין אומגליק. נישט יעדער איז אַ מבין און ווייסט, אז עס דאַרף זיין גלאַטיק, ס׳איז דאָך נישט קיין טיש, קיין בענקל אָדער בעט!

אַ שרייבער טוט די אַרבעט, דאָס שרייבן, ווען ער וויל, ווען אים גלוסט זיך, ווען ער האָט חשק און ווען עס פאַלט אים וואָס איין. ס׳איז דאָך נישט שניידערײַ, סטאָלערײַ צי שוסטערײַ, וואָס מען מוז דאָס רעגולער יעדן טאָג טאָן. וואָס אַ שרייבער וויל שרייבט ער. ס׳איז נישט קיין בגד, אַ טיש, אַ פאָר שיך,

וואָס אזוי און אזוי מוז דאָס זיין. אַ שרייבער האָט נישט די זאָרג, אז עס מוז זיין אזוי גרויס און נישט מיט אַ נומער גרעסער אָדער קלענער. ס׳איז נישט קיין בגד וואָס וועט זיין צו גרויס אָדער צו קליין און וועט נישט פּאַסן. דערפאַר זאָג איך, אז שרייבער זיינען קלוגע מענטשן, זיי האָבן זיך אויסגעקליבן אַ פּראָפעסיע צו וועלכע ווייניק מענטשן האָבן זיך צו איר גענומען, אַ מלאכה וואָס מען דאַרף זיך נישט ברעכן דעם קאָפּ. וואָס מען טראַכט אויס איז גוט, שרייבט מען דאָס אָן — און פאַרטיק. פאַראַן שרייבער וואָס שרייבן אפילו אומגעטראַכטערהייט.

ווען איך וואָלט זיין אַ שרייבער, וואָלט איך אויך גאָרנישט געטאָן און גאָרנישט געטראַכט. נאָר איך האָב פיינט צו זיין אַ ליידיקגייער און גאָרנישט טראַכטן. אַ מענטש דאַרף טראַכטן, קלערן, זאָרגן, מאַכן פּלענער און אַרבעטן — און נישט זיין אַ פּוסטע כּלי. איך פאַרשטיי נישט ווי אזוי איר קאָנט אזוי לעבן און גאָרנישט טאָן.

נישט איינמאָל פרעג איך אייך, צו וואָס דאַרף מען דאָס שרייבן. מען קאָן אויסקומען אָן דעם. ווער האָט צייט און געדולד דאָס צו לייענען. אויב עס געפינען זיך מענטשן וואָס האָבן חשק, וואָס ווילן לייענען, קאָנען זיי אויסקומען אָן די שרייבער. פאַר עטלעכע סענט קויפן זיי אַ צייטונג, אָדער נעמען אַ בוך פון אַ פריינד, און זיי האָבן שוין וואָס צו לייענען. עס זיינען אויך דאָ גענוג ביבליאָטעקן מיט ביכער וואָס מען גיט זיי צו לייענען בחינם, און צייטונגען וואַלגערן זיך אין די גאַסן. מענטשן קויפן צייטונגען אָבער זיי לייענען זיי נישט, מען וואַרפט זיי אַוועק. אויך אין אויטאָבוסן, אין באַנען לאָזן מענטשן איבער צייטונגען מיט ביכער. קיין אָנצוג, אַ בעט, אַ טיש לאָזט מען נישט איבער, וואַרפט מען נישט אַוועק.

שרייבער איז בעסער פון אַנדערע מענטשן. זיי לעבט זיך לייכטער, גרינגער, זאָרגלאָזער. טראַכטן נישט און קלערן נישט. אַ שרייבער קען אַוועקלעבן דעם גאַנצן לעבן אומגעקלערט, און טאָמער קלערט ער עפּעס, איז דאָס וועגן שרייבן. אָבער ער דאַרף נישט לאַנג קלערן, ס׳פעלט נישט וועגן וואָס צו שרייבן. מען שרייבט וועגן דעם און יענעם — און פּטור. אַ חוץ דעם, ווער צווינגט דעם שרייבער צו שרייבן, קיינער שטייט נישט אין אָטשערעד, מען בעט נישט און מען פאָדערט נישט, אז ער מוז שרייבן. מען קען אויסקומען אָן דעם.

די איינציקע וואָס קאָנען אָן דעם נישט אויסקומען, זיינען נאָר די שרייבער אליין. איז אַ מצווה אויף זיי — זיי האָבן געדאַרפט זיך אויסלערנען מענטשלעכע מלאכות, נישט שרייבעריי. ווי זאָגט מען: ווי מען בעט זיך אויס, אזוי שלאָפט מען...

# ווי אזוי צו ווערן באַרימט...

עס זיינען געזעסן אייניקע שרייבערס און האָבן געפירט אַ שמועס וועגן דעם, ווי אזוי מען ווערט אַ גרויסער און באַרימטער שרייבער. יעדער פון זיי האָט זיך ארויסגעזאָגט זיינע געדאַנקען. איין שרייבער האָט געזאָגט: אויף צו ווערן אַ גרויסער און באַרימטער שרייבער, איז דאָס סאַמע ערשטע וואָס מען דאַרף האָבן איז — טאַלאַנט. אַ צווייטער שרייבער האָט געזאָגט, אז מען קען זיין אַ באַרימטער שרייבער אָן טאַלאַנט. עס זיינען דאָ גענוג אַזעלכע שרייבערס. אַ דריטער האָט זיך ארויסגעזאָגט, אז אויב מען וויל ווערן אַ באַרימטער שריי־בער, איז געוווּנטשן צו זיין — אַ גביר. געלט העלפט אַמאָל מער צום ווערן באַרימט, ווי טאַלאַנט.

פאַרשיידענע מיינונגען און געדאַנקען האָבן די שרייבערס זיך ארויסגע־זאָגט. איינער אַ יונגער פּאָעט האָט געזאָגט, אז צו זיין אַ גוטער און באַרימטער שרייבער, איז פריער פון אַלץ דאַרף מען האָבן די מוזע. איינער אַ שרייבער, מיט גראָבע אויגן־גלעזער און מיט אַ פליכעוואַטן קאָפּ, האָט זיך אָפּגערופן:

— אין דער היינטיקער צייט צו זיין אַ שרייבער דאַרף מען נישט די אַלע זאַכן, וואָס איר האָט דאָ אויסגערעכנט!

— וואָס דען דאַרף מען? — האָט מען אים געפרעגט.

ער האָט אַ קראַץ געטאָן זיין גלאַנציקן פּליך און געענטפערט:

— צו זיין אַ באַרימטער שרייבער היינט, דאַרף מען האָבן אַן אַנונג.

— וועגן וואָס דאַרף מען האָבן אַן אַנונג? אפשר וועגן זויערע אוגערקעס, וועגן געוועזלטע הערינג? — האָט איינער געשפּאַסט.

— איך האָב פיינט וויצן! — האָט דער שרייבער מיטן פּליך געזאָגט — ס׳איז מיר נישט אזוי גוט אויפן האַרצן צו הערן שפּאַסן!

— וואָס איז דיר נישט אזוי גוט. האָסט זיך אפשר פאַרדאָרבן דעם מאָגן?

— איך האָב אין גאַנצן ניט געגעסן! — האָט ער בייז געענטפערט.

— חברים, איר קריכט אַראָפּ פון דער טעמע! — האָט זיך אריינגעמישט דער יונגער פּאָעט.

— דאָס איז עס. מען דאַרף נישט אַראָפּקריכן, נאָר ארויפקריכן!

— וואָס פאַר אַ קריכן? רעדט צו דער זאַך.

— ווו האַלטן מיר? — האָט געפרעגט דער יונגער פּאָעט.

— דאָ ווו מיר האָבן אָנגעהויבן.

— ביי וואָס האָבן מיר אָנגעהויבן?

דער שרייבער מיט די גראָבע אויגן־גלעזער און פּליכעוואַטן קאָפּ האָט בייז אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און געזאָגט:

— חברים, אויב איר ווילט באַהאַנדלען אַן ערנסטן ענין, איז רעדט ווי מענטשן, נישט ווי געגנדז! מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער שמועס וועגן דעם, ווי אַזוי מען ווערט היינט אַ באַרימטער שרייבער.

— יאָ, יאָ! — האָבן געענטפערט שטימען.

— איז לאָזט מיך ריידן, לערנט זיך האָבן אַ ביסל קולטור־דערציאונג. זייט נישט ווי יענע שרייבער!

— ווי וועלכע?

— אַז איר וועט מיך לאָזן ריידן, וועל איך אייך זאָגן וועגן וועלכע שרייבער איך מיין!

— גוט, רעדט. אָבער זאָגט עפּעס!

— שוין, איך זאָג אייך באַלד. לויט מיין נאַרישן שכל מיין איך, אַז צו זיין אַ באַרימטער שרייבער דאַרף מען האָבן, חוץ דערפאַרונג, קענטעניש און וויסן ווי צו שרייבן, דאַרף מען אויך האָבן דערפאַרונג אין — סעקס.

— אין וואָס? — האָבן אַלע דערשטוינט אויסגערופן.

— אין סעקס, אין סעקס! אַזוי ווי איר הערט. אויב איר ווילט זיין באַ־רימטע שרייבערס און מען זאָל אייך לייענען, דאַרף אייער שרייבן זיין נאָר וועגן סעקס. דאָס איז היינט די בעסטע און גאַנגבאַרסטע טעמע, די בעסטע סחורה. און וואָס מערער איר וועט שרייבן וועגן סעקס, אַלץ מערער וועט מען אייך לייענען. אַלץ מערער וועט איר ווערן באַרימט. איר וועט רייך ווערן, איר וועט באַקומען דאָקטאָראַט־טיטולן מיט ליטעראַטור־פּרעמיעס, מיט געלט־מתנות, איר וועט ווערן גרויס און באַרימט!

מיט פאַרווונדערונג האָבן זיך די איבעריקע שרייבערס צוגעהערט, זייערע אויגן זיינען געוואָרן גרעסער, זיי זיינען ווי צוגעשמידטע געבליבן צו די ערטער.

* * *

אַלס רעזולטאַט פון דעם האָבן אייניקע שרייבערס פון דער גרופּע זיך ערנסט אריינגעטראַכט וועגן דעם וואָס זיי האָבן געהערט. די עצות, די געניאַלע אַנווייזונגען ווי צו ווערן אַ באַרימטער שרייבער האָט זיי שטאַרק געלאָקט. זיי־נען זיי אַוועק און זיך איינגעהאַנדלט פּאָרנאָגראַפישע ליטעראַטור, וואָס זאָל זיי העלפן ווערן באַרימטע שרייבער...

# ער מאַכט לידער...

אַ יידישער דיכטער האָט פאַר זיינע חברים זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ און געזאָגט: איך ווייס נישט וואָס איר טוט, איך מאַך לידער. אַ שניידער מאַכט בגדים, אַ שוסטער מאַכט שיך — איך מאַך לידער. מיין פראָפעסיע איז מאַכן לידער!

עס איז טאַקע שווער — האָט ער געזאָגט — צו מאַכן דערפון אַ לעבן, אָבער וואָס קען מען זיך העלפן, פאַרפאַלן, דאָס איז מיין פאַך — איך מאַך לידער.

דאָס ווייב מיינס איז נישט צופרידן פון דער פראָפעסיע מיינער, זי האָט צו מיר טענות פאַרוואָס איך האָב זיך נישט גענומען צו אַ מענטשלעכע פּרנסה, וואָס מען קען פון איר מאַכן אַ לעבן, און זי רייסט מיך ארונטער ביז דער ערד. זי וויל נישט האָבן אַ מאַן אַ דיכטער, וואָס מאַכט לידער און מאַכט נישט קיין לעבן. זי וויל איך זאָל זיין אַ גביר, אַ ראָטשילד, אַ ראָקפעלער.

זי בייזערט זיך אויף מיר און זאָגט: אויב כ׳וועל נישט זיין קיין ראָטשילד, אַ ראָקפעלער, וועל איך איר געבן אַ ראַק־פעלער...

אָבער וואָס ווייס אַ יידענע. זי האָט זיך איינגעשפּאַרט, זי וויל נישט קיין לידער, זי וויל נאָר געלט.

און צו קריגן פאַר לידער געלט, איז פונקט ווי קריגן געלט פאַר שניי... אָבער מיינע לאָזט נישט נאָך, און פייניקט מיך.

זי באַזיצט אַ געפערלעך שטאַרקע קראַפט צום פייניקן, און מאַכט מיך מיט מיינע לידער צו בלאָטע!

אין אזעלכע מאָמענטן פיל איך זיך קליין און שפלדיק און בין מקנא די שניידערס, סטאָלערס און אַנדערע בעלי־מלאכות, וואָס זייער ארבעט איז מער נוצלעכער און וויכטיקער פון מיינע לידער. זיי האָבן קונים, אָפּנעמערס פאַר זייערע סחורה. אָבער ווער קויפט לידער?

גיי און ווער איצט אַ שניידער, אַ סטאָלער. איך בין שוין יאָרן אַ דיכטער, שוין אַן אַלטער דיכטער בין איך. האָב ביים שרייבן לידער געפּאָקט און גע־מאָזלט. איך קאָן גאָרנישט עפּעס אַנדערש טאָן, ווי נאָר מאַכן לידער.

איך האָב אַמאָל פּרובירט עפּעס אַנדערש טאָן, האָט זיך ביי מיר נישט גע־גראַמט און איך האָב געמוזט דאָס אויפגעבן.

אָבער ביי מיין פרוי האָט מיין גראַם קיין טעם. אויף צו פילן אַ טעם, זאָגט זי, דאַרף זי האָבן אכילה.

איך האָב, אָן עין הרע, ליגן גאַנצע אוצרות מיט לידער. מיין ווייב זאָגט, זי איז מיר מוחל די אוצרות. אין לאָמבאַרד און אין באַנק וויל מען פאַר זיי קיין פּרוטה ניט באָרגן, און אין שפּייז־קראָם וויל מען אויף זיי נישט קוקן. מען וויל געלט.

אפשר ווייסט איר ווו מען קען פאַרזעצן די לידער, כאָפּן פאַר זיי אַ גמילות־חסד און פאַרשטאָפּן מיינע דאָס מויל ?...

איך ווייס נישט, זאָגט דער דיכטער, מיט וואָס איז שענער זיין אַ שוסטער, שניידער, אַ סטאָלער, ווי זיין אַ יידישער דיכטער.

דאָס אומגליק איז, וואָס צו דיכטעריי קאָן מען נישט נעמען מענטשן צו־העלפן, ווי דאָס איז ביי שוסטעריי, שניידעריי און אַנדערע מלאכות.

פּראָדוצירן לידער איז נישט ווי מאַכן הויזן, רעקלעך, שיך. קיין מאַסן־פּראָדוקציע איז דאָס נישט... לידער איז אזא אַרטיקל, וואָס גייט ליידער ניט...

אָבער מיין פרוי וויל דאָס נישט פאַרשטיין. זי זאָגט :

— הער אויף מאַכן לידער, מאַך אַ לעבן, מאַך געלט !

צוליב אירע קאַפּריזן וויל זי איך זאָל גיין אין תפיסה. נאָך דאָס פעלט מיר...



# אַן אינטערוויו

אַ יידישער שרייבער האָט מיר אַמאָל טעלעפאָנירט :

— העלאָ, קאָלעגע שישלער !

— העלאָ, — האָב איך געענטפערט.

— דאָס רעדט — האָט ער מיט אַ הויכער שטימע געזאָגט — דער שרייבער און קריטיקער צמח פענהאָלטער. איך וויל אייך זען. איך וויל האָבן אַן אינ־טערוויו מיט אייך !

— וואָס פאַר אַן אינטערוויו ? — האָב איך געפרעגט.

— דורכן טעלעפאָן קאָנען מיר דאָס נישט ריידן. לאָמיר באַשטימען צו טרעפן זיך.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן דינסטיק בייטאָג אין אַ קאַפע.

דינסטיק בייטאָג האָבן מיר זיך געטראָפן. דער שרייבער צמח פענהאָלטער האָט שוין געוואַרט אויף מיר אין קאַפע. ער איז געזעסן אין אַ ווינקל ביי אַ טישל און גערופן מיך :

— קומט אַהער, קאָלעגע שישלער, שלום־עליכם. זעצט זיך. וואָס מאַכט איר, ווי גייט אייך? — האָט ער אין איין אָטעם גערעדט.

— גאָט צו דאַנקען, הלוואי נישט ערגער.

— גוט. ווי איך האָב אייך געזאָגט, וויל איך האָבן מיט אייך אַן אינטערוויו. כ׳וועל דעם אינטערוויו דרוקן אין צייטונג ווו איך אַרבעט מיט. איר ווייסט דאָך אז איך בין אין דער צייטונג איינער פון די הויפּט־מיטאַרבעטער. דערביי וויל איך אייך זאָגן — זאָל דאָס זיין אַ סוד — עס האַלט נאָענט איך זאָל ווערן דער רעדאַקטאָר. יאָ, וואָס האָבן מיר גערעדט? שוין, דערמאָנט זיך. כ׳וויל האָבן אַן אינטערוויו מיט אייך, הערן אייער מיינונג ווי עס האַלט מיט יידישער ליטע־ראַטור, יידיש שאַפן, מיטן יידישן בוך. ווען איך רייד וועגן יידישן בוך קאָן איך נישט פאַרבייגיין נישט צו דערמאָנען מיינע לעצט־דערשינענע ביכער, וואָס האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלן אָפּרוף און גרויסן דערפאָלג. ווי איר ווייסט האָב איך פּאָר צוויי ביכער באַקומען פּרעמיעס. אוודאי האָט מען באַדאַרפט מיר געבן אויך פּרעמיעס פאַר מיינע אַנדערע ביכער. נאָר איר ווייסט דאָך ווי דאָס איז ביי יידישע שרייבער — די פינצטערע מגפה פון שינאת סופרים איז גרויס. נו, האָט מען מיר מער ווי צוויי פּרעמיעס נישט געגעבן. אגב, האָט מען זיך פאַר־ענטפערט, אז מען קאָן נישט איין שרייבער אַוועקגעבן אַלע פּרעמיעס. וואָס זאָגט איר, האַלט איר אז דאָס איז יושרדיק? דאַרף מען אזוי האַנדלען קעגן אַ יידישן שרייבער, אַ קאָלעגע? איר האָט דאָך אוודאי געלייענט מיינע ביכער, איז וואָס איז אייער מיינונג וועגן זיי? וואָס שווייגט איר? איר זייט דאָך נישט ווי יענע שרייבער? — האָט ער צעהיצט גערעדט, געקוקט אין מיינע אויגן און געמאָנט אַן ענטפער.

איך האָב נישט געוווסט וואָס מען ענטפערט. ווייל לויט ווי ער, דער שריי־בער צמח פענהאַלטער האָט מיר טעלעפאָנירט, האָט ער געזאָגט אז ער וויל האָבן אַן אינטערוויו מיט מיר. אָבער לויט זיינע רייד קומט אויס איצט, ווי איך זאָל האָבן אַן אינטערוויו מיט אים. איך האָב זיך געפונען אין אַ מאָדנער לאַגע און זיך ארויסגעכאַפּט מיט די ווערטער:

— ס׳איז אינטערעסאַנט!

— וואָס איז אינטערעסאַנט? — האָט ער מיט אַ מאָנענדיקן טאָן געפרעגט.

— אַלץ וואָס איר רעדט.

— יאָ, ס׳איז אינטערעסאַנט! — האָט ער צופרידן געזאָגט, צורוקנדיק זיך נענטער צום טיש, געטרונקען די קאַווע און פאַרביסן מיט שטרודל. — נו, איז נישט קיין סקאַנדאַל פון דער קליקע אזוי צו האַנדלען קעגן אַ יידישן שרייבער. נאָר צוויי פּרעמיעס צו געבן מיר, ווען מיר קומט אפשר פינף! און וואָס איז

מיט דער טרילאָגיע וואָס איך האָב ארויסגעגעבן? מען האָט דאָך דאָס אין גאַנצן פאַרשוויגן. אפילו די רעצענזענטן שווייגן. איז דאָס נישט קיין סקאַנדאַל?

— ווי איר ווייסט בין איך נישט קיין באַרימער, איך זוך נישט קיין פובלי־סיטי, קיין כבוד. אָבער וואָס מיר קומט, קומט מיר, דאַרף מען נישט פון מיר אַוועקרויבן! עס דערמאָנט זיך מיר אַ נאַרישקייט. מיין באָבע ע״ה פלעגט אויף מיר זאָגן, ווען איך בין געגאַנגען אין חדר, כ׳בין דעמאָלט אַלט געווען ארום זעקס יאָר, אז איך וואַקס אַ גרויסער מענטש, אַ גאון, אַ פילאָסאָף. נו, הויך געוואַקסן בין איך טאַקע, אָבער קיין פילאָסאָף בין איך נישט געוואָרן, ווייל איך האָב דאָס קיינמאָל נישט געוואָלט. מיין שטרעבונג איז געווען צו זיין אַ יידישער שרייבער, זען אז יידן זאָלן נישט ארונטער פון יידישן שליאַך, אויסהיטן זיי פון אסימילירן זיך. מיט אַלע מיינע כוחות האָב איך דאָס אָנגעהאַלטן און האַלט דאָס אָן. אָבער די עפנטלעכקייט פאַרשווייגט דאָס. וואָס זאָגט איר, האַ, איר שווייגט אויך?

איך האָב נישט געהאַט קיין מוט און כוח צו האָבן אַ וויכוח. איך האָב גע־טראַכט, אז דאָס וואָס איך הער איז נישט מער ווי אַ ווייסטער חלום. איך בין געבליבן זיצן מיט פאַרשלאָסענע ליפּן און זיך געפרעגט: וואָס וויל ער, וואָס דולט ער מיר אַ מוח? ווער ביי ווענען נעמט דאָ אַן אינטערוויו? איך האָב אָבער נישט געהאַט דעם מוט און ווילן דאָס צו זאָגן. איך האָב געשוויגן. דאָס האָט אים אויפגערעגט און ער האָט בייז געזאָגט:

— איך זע אז איר זייט מסכים מיט יענע. איר זייט נישט בעסער פון זיי!

— האָט ער הויך געזאָגט און איז אנטלאָפן נישט באַצאָלנדיק פאַר דער קאַווע מיטן שטרודל...



## שרייבן וואָס באַצאָלט זיך...

אַ יונגער שרייבער רעדט זיך אויס זיין פאַרביטערט האַרץ:

„ווי איר ווייסט שרייב איך, כ׳האָב ליב דאָס שרייבן. אָבער וואָס האָב איך דערפון — פאַרדרוס, קרענקונג, קדחת מיט כשרן פאַדים. ווען איך קום אין די רעדאַקציעס מיט מיינע שאַפונגען, לאָזט מען מיך שטיין ביי דער טיר און ווען מען בעט מיך זיצן, איז דאָס אויף אַ האַרטן באַנק מיט ארויסשטאַרצנדיקע טשוועקעס, וואָס נישט איינמאָל האָבן זיי מיר צעריסן די הויזן, אָדער איינגע־שטאָכן מיר דאָס פלייש, און נאָכן אָפּוואַרטן אַ שטיקל צייט, פרעגט מען מיך וואָס איך וויל. ווען איך זאָג, איך בין אַ שרייבער, כ׳וויל זען דעם רעדאַקטאָר,

זאָגט מען מיר אז דער רעדאַקטאָר איז קראַנק, ער וועט זיין צוריק אין רעדאַק־ציע אין אַ צוויי וואָכן אַרום.

„גיי זיך און וואַרט צוויי וואָכן. גיי איך אַוועק צו אַן אַנדער רעדאַקציע — עס פעלן נישט אויס רעדאַקציעס מיט רעדאַקטאָרן. — אָבער צו מיין מזל טרעף איך נישט דעם רעדאַקטאָר, ער איז אַוועק צו אַ לוויה, — זאָגט מען מיר, — און מען בעט מיך קומען מאָרגן. קום איך מאָרגן, זאָגט מען מיר אז דער רעדאַקטאָר קאָן מיך נישט זען, ער איז פאַרנומען, ער קריגט זיך מיטן דרוקער און קאָ־רעקטאָר.

„אַ שטיקל צייט בין איך געגאַנגען יעדן טאָג צום רעדאַקטאָר, ביז איין טאָג האָט מען מיך צו אים צוגעלאָזט. אַ קליין פּיצל מענטש, דער רעדאַקטאָר, מיט אַ גרויסער נאָז, גרויסע אויגן־גלעזער און מיט אַ גרויס מויל. ער רעדט הויך און פרעגט מיך וואָס איך וויל, נאָך וואָס איך בין צו אים געקומען. זאָג איך אים, איך בין אַ שרייבער, איך נעם וויַיזן מיין שרייבן. האַלט ער מיך אָפּ און זאָגט: ער האָט נישט קיין צייט. זאָג איך אים: אויב מען האָט נישט קיין צייט דאַרף מען נישט זיין קיין רעדאַקטאָר. זאָל דאָס איבערגעבן אַ מענטשן וואָס האָט צייט... ווערט ער בייז און שרייט: ער דאַרף נישט קיין עצות, ער איז אויסגעקומען אָן זיי, און ער וועט ווייטער אויסקומען. ער רעדט הויך און זאָגט מיר איך זאָל נישט פּטרן זיין צייט, כ׳זאָל אים לאָזן צורו און גיין.

„זע איך אז דער רעדאַקטאָר איז אַ בייזער פּאַרשוין און אויך נישט קיין סימפּאַטישער, לאָז איך אים און גיי אַוועק.

„אַן אַנדערש מאָל קום איך צו אַ רעדאַקטאָר, אַ הויכער מיט אַ שיינעם פּנים, מיט שאַרפע אויגן ווי אַ באַרבערס גאָל־מעסער. פרעגט ער מיך וואָס איך וויל. זאָג איך אים: כ׳בין אַ שרייבער, כ׳וויל אים וויַיזן וואָס איך האָב אָנגעשריבן. ווען ער זעט איך נעם זיך צו מיינע פּאַפּירן, טוט ער מיך אַ פרעג: יונגערמאַן, איר האָט זיך שוין ערגעץ געדרוקט? זאָג איך אים דעם אמת, אז נאָך אין ער־געץ נישט געדרוקט, כ׳בין געקומען צו אים ער זאָל דרוקן מיינע זאַכן. טראַכט ער גאָרנישט, קוקט אפילו נישט אריין אין מיין שרייבן, און ווי אַ קאַלטער גזלן טוט ער אַ זאָג: יונגערמאַן, האַקט זיך ארויס פון קאָפּ דאָס שרייבן, זוכט זיך נישט קיין צרות, נעמט זיך צו אַ מענטשלעכער פּרנסה, ווערט אַ מעכאַניקער, אַ שניידער, אַ באַרבער, אַ טעקסי־דרייווער אָדער אַן אָנגעשטעלטער אין אַ גאַ־ראַזש, נאָר נישט שרייבן. איר וועט דערפון קיין ברויט נישט האָבן!

„איך האָב געפילט צו דערמאָרדן דעם רעדאַקטאָר. אַזאַ קאַלטער לונגן־לעבער ווי ער איז, זאָל אזוי צו מיר ריידן, אזוי צו אַנטמוטיקן אַ יונגן טאַלאַנט. אָבער פון גרויסער אויפרעקונג האָב איך אים גאָרנישט געענטפערט, נישט

געוואָלט אים געבן די סאַטיספאַקציע און אַ צעווייטיקטער בין איך אַוועק. אויפן וועג גייענדיק האָב איך באַשטימט זיך אריינכאַפּן צו מיין חבר שלמה גאַניק, אויך אַ שרייבער, צו באַראַטן זיך מיט אים וועגן דעם אַנגעווייטיקטן ענין שריי־בעריי און וועגן דער האַנדלונג פון די רעדאַקטאָרן.

„מיין חבר שלמה שרייבט לידער, פּאָעזיע. איך קום אריין אין זיין שטוב, ער איז נישטאָ. פרעג איך זיין ווייב, ווו איר מאַן שלמה איז. זאָגט זי מיר ער אַר־בעט, ער שרייבט. זאָג איך: איך וויס שלמה שרייבט, אָבער ער טוט דאָך דאָס אַלעמאָל אין דערהיים, ווו איז ער היינט? זאָג זי מיר, ער שרייבט שוין מער נישט אין דערהיים. ער האָט געקראָגן אַ שטעלע. פרעג איך: ווו האָט ער גע־קראָגן אַ שטעלע, אין אַ רעדאַקציע, אין אַ צייטונג? ניין, זאָגט זי, חלילה, ער האָט אַ מענטשלעכע שטעלע, נישט אין קיין רעדאַציע און נישט אין אַ צייטונג. שיין וואָלטן מיר אויסזען, זאָגט זי מיר, איר שלמה זאָל ארבעטן אין אַ רעדאַקציע, מיר וואָלטן אויסגיין פון הונגער. איר שלמה האָט היינט אַ גוטע שטעלע. ער פאַרדינט גוט. היינט — זאָגט זי — קאָנען מיר באַצאָלן דירה־געלט, קויפן אַ מלבוש און אויך אָפּשפּאָרן פאַר אַ רעגנדיקן טאָג! און דאָס אַלץ — פרעג איך איר — מאַכט שלמה פון שרייבן? זי פאַרזיכערט מיר אַז יאָ, פון שרייבן מאַכט ער. הלוואי אויף אַלע יידישע שרייבער געזאָגט געוואָרן. איך גיי אַוועק, חידוש זיך און בין מקנא מיין חבר שלמה.

„מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער גיי איך אין גאַס, טרעף איך מיין חבר שלמה. איך קוק אויף אים, איך דערקען אים נישט, ער קוקט מיר מאָדנע אויס. אָנגע־טאָן אין אַ פּאָליצייאישן מונדיר, שטייט צווישן אויטאָס, האַלט אַ ביכל אין האַנט און — שרייבט. איך קוק אויף אים, רייב זיך די אויגן: איז דאָס שלמה? פרעג איך אים. ענטפערט ער מיר: יאָ, דאָס איז שלמה. פאַרשטיי איך נאָך אַלץ נישט און פרעג אים: שלמה, דאָס ביסטו, וואָס טוסטו? ענטפערט ער מיר: זעסט נישט וואָס איך טו? איך שרייב. איך האָב אַ גוטע שטעלע היינט אַלס שרייבער, מ׳צאָלט מיר גוט. ס׳איז דאָס איינציקע שרייבן וואָס באַצאָלט זיך!..״

מיר איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז מיין חבר שלמה איז געוואָרן אַ טראַפיק־אָפיצער. ער שרייבט צעטלען פאַר פּאַרקן און פאַר אנדערע עבירות. דאָס איינציקע שרייבן וואָס באַצאָלט זיך...

## ער האָט געהערט כ׳בין אַ שרייבער...

אַ שכן האָט זיך דערוווסט אז איך בין אַ יידישער שרייבער, איז ער צו מיר געקומען, פאַרגעשטעלט זיך און געזאָגט:

— מיין נאָמען איז חיים קאַמאַש, כ׳האָב געהערט אז איר זייט אַ יידישער שרייבער, פאַרשטיי איך אז איר דאַרפט קענען שרייבן יידיש!

— יאָ, איך דאַרף.

— און לייענען קענט איר?

— אַ ביסל.

— אויב אזוי איז גוט. הערט זיך איין, איך האָב יענע וואָך באַקומען אַ בריוו פון ישראל פון מיין שוועסטער, וואָס איז געשריבן אין יידיש. איך לייען נישט קיין יידיש, שוין באַלד פערציק יאָר ווי איך לייען נישט. איך האָב נישט קיין צייט פאַר די זאַכן, כ׳בין צופיל פאַרנומען. דעריבער בין איך געקומען צו אייך און וויל פון אייך אַ טובה. כ׳בין דאָך אַ שכן, ווױן אין דער זעלבער גאַס, דריי הייזער פון אייך. אויב איר האָט צייט, קומט צו מיר אריין, וועלן מיר שפּילן אַ קערטל, טרינקען אַ ביסל בראָנפן!

— אַ דאַנק, איך שפּיל נישט קיין קאָרטן און טרינק נישט קיין בראָנפן.

— פאַרוואָס, איר זייט קראַנק?

— ניין, כ׳בין נישט קראַנק.

— איז וואָס־זשע איז אייך?

— ס׳איז מיר גאָרנישט!

— איז וואָס טוט איר גאַנצע טעג און נעכט?

— ביינאַכט שלאָף איך, בייטאָג אַרבעט איך.

— וואָס איז אייער באַשעפטיקונג. אַנטשולדיקט וואָס איך פרעג אייך אייערע פריוואַטע געשעפטן. אַ שכן מעג פרעגן.

— איך פאַרנעם זיך מיט שרייבן.

ער האָט אויף מיר מאָדנע געקוקט און געלאַכט:

— שרייבן איז נישט קיין אַרבעט. כ׳האָב געמיינט איר טוט עפּעס! זאָגט מיר, פון וואָס מאַכט איר אַ לעבן?

איך האָב גאָרנישט געענטפערט.

— שוין, איך ווייס שוין, — האָט ער געזאָגט. — און וואָס איז מיט אַ ביסל בראָנפּן נעמען?

— כ׳נעם נישט.

— און טרינקען?

— כ׳טרינק נישט.

— איר זייט אַ מאָדנער שכן. אנטקעגן מיר וווינט איינער, איז ער נישט ווי איר, ער איז אַלעמאָל גרייט צו נעמען אַ ביסל בראָנפּן און זאָגט זיך נישט אָפּ פון אַ קערטל. ער אַרבעט זעלטן, ווען איך וויל אים איז ער דאָ. איך האָב אַ חשד אז ער האַנדלט מיט נישט קיין כשרע זאַכן. נאָר דאָס איז נישט מיין עסק, איך האָב פיינט צו באַריידן!

זיינע רייד זיינען מיר נישט געקראָכן אין קאָפּ. איך בין געוואָרן אומגעדולדיק און געזאָגט:

—לאָזט מיך צורו, ס׳איז מיר נישט אינטערעסאַנט דאָס צו וויסן!

— וואָס איז אייך אינטערעסאַנט? אפשר ווילט איר כ׳זאָל אייך דערציילן פון נאַקעטע מיידלעך, איר ווילט אפשר זען פאָרנאָגראַפּישע פאָטאָגראַפּיעס?

— הערט אויף, איך בין אַ פאַרנומענער מענטש, איך האָב נישט אין זינען אייערע נאַרישקייטן און לאָזט מיך צורו!

— איר האָט דאָך ערשט מיט אַ מינוט פריער געזאָגט, אז איר זייט אַ שרייבער!

— יאָ, געזאָגט.

— נו, זייט איר דאָך אַ ליידיקגייער!

— טשעפּעט זיך אָפּ! וואָס זייט איר געקומען מיר דולן אַ קאָפּ?! — האָב איך שוין בייזלעך געזאָגט.

— יאָ, איך האָב באַלד באַמערקט אז איר זייט אַ בייזער מענטש. איך האָב פיינט בייזע מענטשן. אַ שכן דאַרף נישט זיין קיין בייזער, דאַרף זיין גוט און ריידן אידל. איך זע, אז איר האָט אַ שלעכטן כאַראַקטער. איר זייט קראַנק, איר דאַרפט גיין זען אַ דאָקטער!

— הערט אויף! זאָגט וואָס ווילט איר?

— אז איר וועט ריידן ווי אַ מענטש, וועל איך אייך דערציילן וועגן וואָס איך בין געקומען. איך וויל איר זאָלט מיר איבערלייענען אַ בריוו!

ער האָט ארויסגענומען אַ צוקנייטשטן פּאַפּיר, מיר צוגעטראָגן דאָס און געזאָגט:

— איר זעט, דאָס איז עס. יעדן טאָג שרייבן זיי בריוו. ווער האָט צייט צו לייענען זיי? קיין ענטפער אויף זייער שרייבן, שרייב איך נישט, איך האָב גע־נוג אַרבעט מיטן אונטערשרייבן טשעקס. אָבער איצט, אז איך האָב אזא שכן וואָס איז אַ שרייבער און האָט נישט וואָס צו טאָן, וועל איך האָבן ווער עס זאָל מיר שרייבן די בריוו. איר האָט געלייענט דעם בריוו, ווייסט איר דאָך שוין אַלץ, איז שרייבט זשע אָן אַן ענטפער. אָבער איך בעט אייך צו שרייבן קלאָר און דייטלעך, ווייל מיין שוועסטער האָט שוואַכע אויגן און איר מאַן, מיין שוואָגער, איז נעבעך געהרגעט אין די קליינע אותיות, ער קען פונקט ווי איך. ווייל איך אז איר זאָלט שרייבן קלאָר און פאַרשטענדלעך, אז מיין שוועסטער זאָל קענען לייענען. און שרייבט איר, אז זי זאָל גאָרנישט זאָרגן וועגן מיר און זאָגט איר דאָרט, אז ווען איך וועל האָבן צייט, וועל איך זיך אריבערכאַפּן קיין ישראל, דערווייל האָב איך נישט קיין צייט. איך וויל פריער פאָרן קיין יאַפּאַן, כינע, שפּאַניע, פּאָרטוגאַל, איטאַליע, בראַזיל און אין אַנדערע לענדער. ישראל וועט נישט אַנטלויפן און די אַראַבער וועלן עס נישט אויסכאַפּן — זיי וועלן אויסגע־כאַפּט ווערן. ווייטער ווייסט איר שוין אליין וואָס צו שרייבן. איך מיין אז מען קאָן זיך אויף אייך פאַרלאָזן, און שרייבט אַ לייטישן בריוו. אז דער בריוו וועט זיין גוט געשריבן, וועל איך ווידער צו אייך קומען. איך האָב, אָן עין הרע, אַ גרויסע משפּחה אין אויסלאַנד, אַלע זיינען זיי לײדיקגייערס, האָבן נישט וואָס צו טאָן, שרייבן זיי בריוו. איצט אז איך קען אייך, וועל איך שוין צו זיי אָפטער שרייבן. איך וועל אויך שיקן צו אייך מיינע באַקאַנטע מיט די שכנים, איר זאָלט פאַר זיי שרייבן בריוו!..

ער האָט אָנגעהאַלטן זיין ריידן און מיר איז געוואָרן הייס און קאַלט. אין די אויערן האָבן מיר גערוישט און אין קאָפּ האָט מיר גענומען האַקן, ווי מען וואָלט דאָרטן מיט האַמער און קאָוואַדלע געהאַקט. איך האָב זיך אָנגענומען מוט און אים געענטפערט:

— הערט אויף אזוי פיל ריידן, מען קען פון אייך משוגע ווערן!

— איך האָב באַלד געזען — האָט ער געזאָגט — אז איך בין מיט אייך אריינגעפאַלן, אַ פיינעם שכן האָב איך! איר זייט אַ קראַנקער, אַ נישט באַרמאַ־לער. וואָס טוט איר דאָ?! איר דאַרפט זיך געפינען אין אַ היים פאַר גייסטיק־קראַנקע!..

# שרייבערישע קאָמפּלימענטן...

אַ בוך־הענדלער האָט אַמאָל געמאַכט מיר קאָמפּלימענטן, געזאָגט אז מיינע ביכער גייען ביי אים בעסער פון אנדערע ביכער — ס׳איז סחורה.

ער האָט מיר צוגעשיקט אַ בריוו אין וועלכן ער האָט אויסגערעכנט די מע־לות פון מיינע ביכער, אָנווייזנדיק אז זיי זיינען וויכטיקער פון דאָקטערשע רפואות.

ווען מען ליגט חלילה קראַנק זיינען אייערע הומאָריסטישע דערציילונגען ווי אַ באַלזאַם, די בעסטע רפואה. מען פאַרגעסט אז מען איז קראַנק, מען הערט אויף קרעכצן און אויקען, מען ווערט פאַרנומען מיט לאַכן. און לאַכן, זאָגט מען, איז געזינטער פון קרעכצן.

אַ ייד וואָס האָט געקויפט אייער בוך, האָט דערפון שטאַרק געלאַכט, האָט זיך פאַרקייכט, אז מען האָט געמוזט ארויסרופן צו אים אַ דאָקטער.

צו שלאָפלאָזיקייט קאָנען די דאָקטוירים ווייניק העלפן. זיי גיבן פראָשקעס מיט טאַבלעטן, וואָס העלפן ווי אַ טויטן אַ פעטן טשאָלנט. דערפאַר ווען מען נעמט לייענען אייערס אַ בוך איז דאָס די בעסטע רפואה און גאַראַנטיע, אז מען וועט איינשלאָפן.

איינער אַ ייד, ווי ער האָט גענומען לייענען אייערע לאַכרייקעס, איז ער איינגעשלאָפן, איז געשלאָפן דריי טעג מיט דריי נעכט. מען האָט געמוזט ארויס־רופן אַ דאָקטער צו אויפוועקן אים.

נישט נאָר פאַר אַלטע און קראַנקע זיינען גוט אייערע ביכער, זיי זיינען אויך גוט און וויכטיק פאַר יונגע מענטשן. ווען זיי לייענען זיי, עפענען זיי די אויגן און זעען ווי דאָס לעבן איז.

אייערע קלוגע אָנווייזונגען ווען ס׳איז די בעסטע צייט חתונה צו האָבן. איר שרייבט אז די בעסטע צייט צו האָבן חתונה איז אין דעם אַכטן טאָג פון דער וואָך... די וואָך האָט דאָך נאָר 7 טעג, מיינט דאָס אז מען זאָל זיך נישט יאָגן חתונה צו האָבן, און מען וועט איינשפּאָרן דאָס גטן זיך. אָבער ווי וועט אויסזען די וועלט, ווען מענטשן וועלן נישט חתונה האָבן און עס וועלן נישט געבוירן ווערן קיין קינדער? דאָס וועט דאָך אריינברענגען אַ שטילשטאַנד אין פיל אינ־דוסטריעס און אין מסחר. אויב נישט חתונה האָבן און נישט האָבן קיין קינדער, וועט מען נישט דאַרפן קיין מעבל, קיין שפּילצייג, קינדער־וועגעלעך, שולעס, לערערס, לערן־ביכער, שול־אוניפאָרמען, בלייפעדערס, העפטן, צוקערקעס,

פלעשלעך צום זויגן, ווינדעלעך און אַמען, קיין אקושערקעס און פרויען־דאָק־טערס.

מער לאָגישער און מיט שכל איז אייער שרייבן וועגן געסט. איר רעכנט אויס אַ גאַנצע סעריע פון פאַרשיידענע געסט: געבעטענע געסט — אזעלכע וואָס מען בעט זיי זאָלן נישט קומען. אויסגעקוקטע געסט — געסט וועלכע מען קוקט נישט אויס... און וועגן געסט וואָס האָבן אַ זכרון — געדענקען אַלעמאָל צו קומען און פאַרגעסן וועגן אַוועקגיין. געסט וואָס ברענגען מתנות, פאַר־שימלטע ביסקוויטן, און ביים אַוועקגיין פאַרגעסן זיי קיינמאָל נישט וואָס מיט־צונעמען...

מיט אייער שרייבן האָט איר אַ מעלה וואָס איר דערמאָנט קיינמאָל נישט די שוויגער. ביי אנדערע שרייבערס איז די שוויגער די הויפּט־טעמע. ביי אייך ווערט די שוויגער נעבעך פאַרשוויגן און פאַרגעסן.

איך האָב אַ חשד, אז איר זייט אַן אַלטער פארזעסענער בחור. פאראַן פיל שרייבער פאַרזעסענע, געזעסענע און אַזעלכע וואָס זיצן און אַנדערע וואָס דאַרפן זיצן.

אנדערע שרייבער וואָס האָבן שכל כאַפּן זיך אריין אין רעדאַקציעס, זיי זיצן דאָרטן און זיי דאַרפן מער זיך נישט ברעכן די קעפּ צו שרייבן...

מיר ווילן לאָזן די שרייבער און זיך אומקערן צו אונדזער ענין. אַנומלטן איז אין מיין בוך־געשעפט אריינגעקומען אַ פרוי. זי האָט צוריקגעבראַכט אַ בוך און געהאַט טענות, אז איך האָב איר אָפּגענאַרט. איך האָב איר פאַרקויפט אַ בוך לידער. זאָג איך צו איר: דאָס זיינען גוטע לידער, איך וועל אייך ווייזן אַ רע־צענזיע, וואָס מען שרייבט וועגן דעם בוך. האָט זי מיר געענטפערט: אויב דאָס בוך איז אזוי גוט, איז האַלט דאָס פאַר זיך און גיט מיר צוריק מיין געלט!...

אז איך זאָל אייך שרייבן וואָס פאַר אַ צרות איך האָב איידער איך פאַרקויף היינט אַ יידיש בוך וועט עס פיל נעמען, און דאָס וועט נישט זיין קיין מאַטע־ריאַל פאַר א הומאָרעסקע, נאָר פאַר אַ טראַגעדיע. פון דעסטוועגן, אויב איר וועט ארויסגעבן אַ ניי בוך, פאַרגעסט נישט צוצושיקן.

מיט כבוד און גרוס, אייער: מוכר ספרים.

## ער פֿאַרנעמט זיך מיט גרייזן...

איך קען אַ ייד וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט קלייבן גרייזן, וואָס ער טרעפֿט אָן אין די צייטונגען. ער זאָגט אַז דאָס איז זיין „האָבי״. ער פֿאַרנעמט זיך מיט דער „האָבי״ שוין פֿיל יאָרן. יעדן גרייז וואָס ער געפֿינט אין אַ צייטונג פֿאַרצייכנט ער. ער האָט שוין הונדערטער און טויזנטער גרייזן פֿאַרשריבן. איין טאָג, זאָגט ער, וועט ער די גרייזן אַרויסגעבן אין געדרוקטע ביכער. די גרייזן וואָס ער פֿאַרצייכנט זיינען פֿאַרשיידענע. יעדן טאָג האָט ער זיי אַלץ מער און מער. אויב דאָס וועט אַזוי אָנהאַלטן, זאָגט ער, וועט ער מיט די אָנגעזאַמלטע גרייזן, וואָס ער גרייט צום דרוק, האָבן געשאַפֿן דאָס גרעסטע ווערק.

ער זאָגט אַז עס וועט אים נעמען אַ ביסל צייט, ביז דאָס ווערק וועט דערשיינען, ווייל ער דאַרף די גרייזן סאָרטירן, ברענגען אין אַ סדר און לויטן אלף־בית. פּונקט ווי מען דרוקט ענציקלאָפּעדיעס און ווערטער־ביכער, אַזוי אויך וועט ער זיינע ווערק מיט די פֿאַרצייכנטע גרייזן אַרויסגעבן.

דער ייד אינטערעסירט זיך נישט מיט קיין זאַך, ער אַרבעט נישט, ער איז אויף פּענסיע, צייט האָט ער פֿיל. ווען ער לייענט אַ צייטונג, אַ זשורנאַל, איז אים נישט וויכטיק און נישט אינטערעסאַנט וואָס מען שרייבט. ער איז נאָר פֿאַראינטערעסירט צו זען ווי אַזוי מען שרייבט, ווי אַזוי מען לייגט אויס די ווערטער און מיט וויפֿל גרייזן זיי ווערן אָפּגעדרוקט.

ער האָט פֿיל פֿאַרגרייזטע ווערטער, אַנדערע וואָס האָבן צו דריי און פֿיר גרייזן. ער האָט אין זיין זאַמלונג פֿאַרדרייטע ווערטער, האַלבע ווערטער און ווערטער צוקאַלעטשעטע, ווי זיי וואָלטן אַרויס פֿון אַ שלאַכט. ער האָט ווערטער וואָס מען ווייסט נישט זייער באַדייטונג, ווערטער וואָס זאָגן גאָרנישט, ווערטער וואָס רופֿן אַרויס געלעכטער און ווערטער וואָס מען דאַרף זיי לייענען אויף צוריק צו וויסן זייער באַדייטונג.

דער ייד האָט אַרויסגענומען פֿון בוזעם־קעשענע אַ נאָטיץ־ביכל און מיר דאָס געוויזן און געזאָגט:

— איר זעט, דאָ האָב איך פֿאַרשריבן עטלעכע זייטלעך מיט גרייזן, דאָס איז בלויז פֿון איין טאָג, וואָס איך האָב געזען אין די צייטונגען!

ער האָט מיר געוויזן אין זיין נאָטיץ־ביכל, אויף דער רעכטער זייט האָט ער געהאַט פֿאַרשריבן די יידישע גרייזן, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פֿון יידישע צייטונגען, און אויף דער לינקער זייט האָט ער געהאַט פֿאַרשריבן די ענגלישע

גרייזן. די ענגלישע צייטונגען מאַכן אויך גרייזן. ער פּלאַנירט ארויסצוגעבן די יידישע גרייזן אין באַזונדערע זאַמלונגען, און די ענגלישע באַזונדער.

ער האָט מיר געוויזן א זייטל פון פאַרצייכנטע יידיש גרייזן: ווי פון אַ מאַן איז געוואָרן מאָך, פון אַ הויז — מויז, פון אַ קליידל — דריידל, פון שפּינער — דינער, פון ציטער — שיטער, פון הימל — שימל, פון טאַנצן — וואַנצן, פון ברויט — טויט, פון קעלער — טעלער, פון ווייבל — טרייבל, פון זינקען — טרינקען, פון שלאָפן — שלאָגן, און נאָך פיל אַזעלכע פאַרדרייטע ווערטער.

אויף אַ צווייטן זייטל האָט ער געהאַט פארשריבן אזעלכע אויסדרוקן ווי, למשל, אנשטאָט „ער האָט איר געליבט״ איז געווען געדרוקט: „ער האָט איר געשיבט״. אָדער: „ער איז געפאַלן צו אירע קני״ איז געווען געדרוקט: „זי איז געפאַלן אויף זיינע קני״. „אַ ליכטיקער מאָרגן״ איז געוואָרן: „אַ מילכיקער מאָרגן״. אָדער: „ער איז אַנטלאָפן פון זיין פרוי״ איז געוואָרן: „ער איז אנט־שלאָפן מיט זיין פרוי״, און נאָך צענדליקער אויסדרוקן וואָס רופן ארויס אַ שמייכל.

אָבער דער ייד שמייכלט נישט, ער איז אויפגערעגט. ער זאָגט עס איז אַ הפקרות אזוי צו דרוקן. מען וואָלט באַדאַרפט איינפירן אַ געזעץ, אז פאַר יעדן גרייז וואָס די דרוקערס דרוקן, זאָל מען זיי באַשטראָפן.

און באַלד זאָגט דער ייד: דאָס וואָלט נישט געטויגט. די געריכטן וואָלטן געוואָרן פאַרנומען טעג און נעכט מיט משפטים פון די צייטונגען, פון שריי־בערס און דרוקערס און עס וואָלט נישט גוט זיין.

אפשר וואָלט עס, זאָגט ער, זיין גוט מיט די דרוקערס, ווען זיי וועלן זיין פאַרנומען מיט משפטים וועלן זיי האָבן ווייניקער צייט צו מאַכן גרייזן...

און דער ייד איז פאַרנומען מיט זאַמלען און פאַרצייכענען די גרייזן. ער האָט א „דזשאָב״ אויפן גאַנצן לעבן.



## אַ באַגעגעניש...

איך בין אַמאָל געזעסן אין אַ פּאַרק, קומט צו מיר צו אַ פרוי — זי איז געווען אין די שפּעטע דרייסיקער יאָרן — און זי זעצט זיך צו אויף דער זעלבער באַנק און פרעגט מיך:

— איר קוקט אויס צו זיין דער שרייבער, וואָס שרייבט אין די בלעטער.

— דאַכט זיך אזוי.

— איר רעדט נישט ווי מען דאַרף ריידן צו אַ יונגע פרוי — האָט זי גע־זאָגט. — איך פרעג אייך אַ פראַגע, איז ענטפערט מען ווי מען דאַרף. זייט איר אָדער איר זייט נישט דער שרייבער ?!

— זאָל זיין, אז יאָ.

— וואָס מיינט „זאָל זיין". זאָגט יאָ, אָדער ניין !

— קלייבט זיך אויס וואָס אייך איז צום האַרצן !

— צום האַרצן איז מיר אַ בחור פון אַ 25 יאָר ! — האָט זי געזאָגט און דער־ביי אַ פיר געטאָן מיטן ליפּסטיק איבער אירע פעטע ליפּן.

איך האָב זיך אַ ביסל אָפּגערוקט פון איר און געענטפערט :

— איר דאַרפט וועגן דעם זיך ווענדן צו עמעצן אַנדערש, נישט צו מיר.

— צו וועמען ? — האָט זי אָנגעשטעלט אירע געמאָלעוואַטע אויגן.

— צו אַ בחור וואָס איז אייך צום האַרצן, אָדער צו אַ שדכן.

— אפשר ווייסט איר פון אזא בחור ?

— די בחורים וואָס איך קען זיינען אַלע פאַרהייראַטע.

— איז אפשר ווייסט איר פון אַ גוטן שדכן ?

— איך ווייס אפילו נישט פון קיין שלעכטן שדכן.

— פון א שדכנטע ?

— איך האָב אַמאָל געקאָנט אַ שדכנטע, זי האָט אויסגעפירט איין שידוך אין איר לעבן.

— עפּעס אַ גוטן שידוך ?

— זייער אַ גוטן.

— ווער איז געווען דאָס מיידל ?

— נישט קיין מיידל. צו איר איז געקומען אַ בחור וועגן אַ שידוך, האָט זי אים ארייגעכאַפּט.

— נישט קיין נאַרישע שדכנטע !

— שוין צו קלוג.

— מיט וואָס צו קלוג ? — האָט זי מיט נייגער געפרעגט און זיך צוגערוקט נענטער צו מיר.

— זי האָט געזאָגט דעם חתן, אז איר פאָטער האָט הייזער.

— נו, איז דאָס נישט געווען אמת ?

— ס'איז געווען אמת. איר פאָטער האָט געהאַט הייזער, איבער וועלכע ער איז געגאַנגען בעטלען.

— וואָס, איר פאָטער איז געווען אַ בעטלער ?

— יאָ, אַ בעטלער, אַן אָרעמאַן.

— און מיט וואָס האָט ער זיך באַשעפטיקט ?
— מיט בעטלען !
— און פון וואָס האָט ער געהאַט פּרנסה ?
— פון בעטלען, פון שנאָרן.
— און דער בחור האָט זיך געלאָזט אזוי אָפּנאַרן ?
— ווען ער האָט זיך ארומגעזען, איז שוין געווען צו שפּעט !
— פאַרוואָס איז געווען צו שפּעט ?
— די שדכנטע איז שוין געווען אין פינפטן חודש.
— אין פינפטן חודש פאַרהייראַט ?
— דעם פינפטן חודש שוואַנגער.
— און וואָס האָט פּאַסירט צום קינד ?
— ס׳האָט גאָרנישט פּאַסירט, זי האָט גע׳מפּילט.
— עפּעס דערציילט איר אַ מעשה, ווי אין די מעשה־ביכלעך !
— ס׳איז נישט קיין מעשה, נאָר אמתע ווירקלעכקייט. — האָב איך געזאָגט און זיך אַ ביסל אָפּגערוקט פון איר.
— איר מוזט זיין אַ חסיד ?
— פאַרוואָס זאָגט איר דאָס ?
— ווייל איר האַלט זיך אין איין אָפּרוקן פון מיר.
— איר ווייסט, — האָב איך צו דער פרוי געזאָגט, — איך בין דאָ געקומען אַ ביסל זיך אָפּרוען, כאַפּן דעם אָטעם און איר האַלט אין איין ריידן !
— דאָס איז ביי אייך פיל גערעדט ? מען קען דאָך דאָ אַ וואָרט נישט אויס־ריידן. איר זעט נישט ווי מענטשן קוקן מיר אין מויל אריין ?! קומט, לאָמיר אריינגיין אין אַ קאַפע, מיר וועלן זיך צוזעצן און איך וועל אייך דערציילן זאַכן, וואָס וועלן אייך צוניץ קומען פאַר אייערע בלעטער !
— אייערע מעשיות וועלן נישט זיין וויכטיק פאַר מיר, — האָב איך גע־זאָגט און געטראַכט, ווי ווערט מען איר פּטור.

— איר זייט דאָך אַ שרייבער, וועט איר באַפּוצן דאָס וואָס איך וועל אייך דערציילן. אַ גוטן שרייבער אז מען זאָגט נאָר אַ צוויי־דריי ווערטער, מאַכט ער דערפון אַ גאַנצע זאַך, אַ מעשה, אַ ראָמאַן. פון וואַנען נעמען שרייבער די מעשיות און ראָמאַנען וואָס זיי שרייבן, ס׳איז נישט פון זייערע קעפּ. וואָס זיי הערן פאַרצייכענען זיי, פּוצן צו און דרוקן דאָס אָפּ פאַר די לייענער. אָבער איך בין נישט באַגייסטערט פון דעם וואָס די שרייבער שרייבן. ווען איך נעם לייענען זייערס אַ שרייבעריי, ווייס איך שוין פון פאָרויס וואָס דער שרייבער וועט זאָגן. די צרה מיט די שרייבער איז, וואָס זיי שרייבן אַ סך און זאָגן גאָרנישט. מיין

מיינונג איז, ווען שרייבער זאָלן האָבן שכל, וואָלטן זיי אָפּגעגעבן דאָס שרייבעריי און זיך גענומען צו מענטשלעכע פּרנסות. איך מיין דאָס אויך אייך. איך זע נישט אייערע גליקן, וואָס איר האָט פונעם שרייבן. ווען למשל איר וואָלט זיין אַ בעקער, וואָלט איר געהאַט צו דער זעט ברויט. אויב נישט קיין בעקער, ווערט מען אַ טאַקסי־שאָפער, אַ הויזן־שניידער, אַ היטל־מאַכער, אַ שמש, כ׳וויס וואָס? עס פעלט נישט וואָס צו טאָן אויף צו מאַכן אַ מענטשלעכן לעבן, אָדער גאָר מען — — —

איך האָב מער דער פרוי נישט געהערט, איך האָב זיך שטיל פון איר אַוועקגעכאַפּט און ארויס פון פּאַרק...

✶

## אַ געוועזענער רב...

אין זאַל פון שפּיטאָל, ווו איך בין געלעגן, איז אריינגעקומען געלאַסן אַ ייד. ער האָט זיך געלאָזט גיין צו מיין בעט. פון וווייטנס האָב איך דערקענט אז דער ייד איז אַמאָל געווען אַ רב, האָט פאַרנומען אַ שטעלע אין אַ שוהל. ער האָט איצט גאָר אַנדערש אויסגעקוקט, איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ בלאָען גאַרני־טור, האָט געטראָגן אַ ברייטע שלאַפע אויפן קאָפּ, זיין אויסגעבונדענער קראַוואַט איז געווען מיט שרייענדיקע קאָלירן, וואָס האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן. אונטערן אָרעם האָט ער געטראָגן אַ טעקע, ער האָט געמאַכט דעם איינ־דרוק פון אַ היימישן קאָלעקטאָר אָדער סעקוועסטראַטאָר. דער ייד האָט געקוקט אויף אַלע זייטן, באַטראַכט די קראַנקע אין די בעטן, מיט אַנדערע פון זיי גע־רעדט. זיי האָבן אים אָבער קאַלט אויפגענומען. ער איז פון זיי אוועק און צוגע־קומען צו מיר, געקוקט אויף מיר און געפרעגט:

— יהודי?

— געוויס, רבי.

— וואָס איז אייער נאָמען ?!

— שישלער.

— הערש שישלער ?! — האָט ער הויך אויסגערופן.

— יאָ.

— אַי־אַי, ווי קומט איר צו ליגן דאָ אין דער געפערלעכער האַרץ־אָפּטיי־לונג פון שפּיטאָל? — האָט ער פאַרוווּנדערט מיך געפרעגט.

— יידן האָבן מיך אַהער געשיקט! — האָב איך אין שפּאַס געענטפערט.

— סטייטש, וואָס רעדט איר. וועלכע יידן? — האָט ער מיט חידוש געפרעגט.

— איר דאַרפט זיך נישט חידושן רבי, אַזוי איז דאָס... איר געדענקט איר האָט מיר צוגעשיקט אַ בריוול נישט צו שיקן אייך מער קיין „יום טוב בלעטער" און ביכער?..

— איך הויב נישט אָן צו געדענקען. — האָט ער קוים אויסגערעדט.

— דערמאָנט זיך.

— מעגלעך. איך געדענקט נישט.

— אָט דאָס איז עס, רבי, איר זאָלט זיך נישט באַליידיקן. פון אַלע יידן זיינען די מערהייט רבנים, כלי קודש וואָס זאָגן זיך אָפּ פון אַ יידישן וואָרט. פּאַראַן אַ קליינע צאָל פון זיי וואָס זיינען אויסנאַמען. נו, ווערן יידישע שרייבער אַנטמוטיקט, צעוויייטיקט, באַליידיקט, פאַרשעמט און פאַלן אריין אין אַ שלעכטער שטימונג. דעם רעזולטאַט פון דעם זעט איר דאָך!

— איר דאַרפט זיך נישט נעמען צום האַרצן, — האָט ער געלאַסן גערעדט, — איר מאַכט דען אַ לעבן פון שרייבן? יעדער ווייסט אז שרייבערס זיינען גרויסע אביונים, אָרעמעלייט! ווען איר וועט, אם ירצה השם, זיין געזונט, זאָלט איר מיך הערן און זיך נעמען צו אַן אַנדער פּרנסה. איר וועט געפינען וואָס צו טאָן. אָט האָב איך פאַרלאָזט מיין קאָנגרעגיישאָן, די שוהל מיט די מעמבערס, דעם פּרעזידענט מיט דעם טרעזשורער, דעם חזן מיטן גבאי — אַלע. איך האָב זיי געזאָגט: גענוג געליטן פון אייך, און איך בין אַוועק. הייגט בין איך אַ מוהל, דאָס פאַך איז נישט שלעכט. עס פעלן נישט קיין פויערים וואָס מען דאַרף זיי מאַכן פאַר יידן, און עס וואַקסן אונטער קינדער וואָס איך גרייט זיי צו בר־מצוות, בת־מצוות. די עלטערן זייערע טוען מיר נישט קיין עוולה, באַצאָלן מיר שיין. ס'איז בעסער ווי זיין אַ רב אין אַ שוהל און איך פאַרשפּאָר זיך אָפּעסן דאָס האַרץ פון דער קאָמיטי, גבאי, חזן און אַנדערע. היינט בין איך אליין בעל־הבית, קיינער זאָגט מיר נישט קיין דעות, מען קריטיקירט מיר נישט און מען צאַפּט מיר נישט מיין בלוט. ווען איך וואָלט לענגער זיין אין שוהל, וואָלט איך אויך דאָ ליגן ווי איר, פאַרשטייט איר מיך?

— יאָ, איך פאַרשטיי אייך.

— גוט. דערווייל וועט איר שוין האָבן מאַטעריאַל וועגן וואָס צו שרייבן און יידן וועלן הנאה האָבן. איי, דאָס וואָס אייך צופּט, ס'טוט אייך ווי דאָס האַרץ, איז נעמט זיך נישט צום האַרצן, עס וועט איבערגיין. דער עיקר איז נאָר צו זיין געזונט. איך באַוואונדער אייך. איר ליגט אין געהאַקטע צרות, קיין גליקן האָט איר

קיינמאָל נישט געהאַט, דאָך שרייבט איר און יידן לאַכן פון אייך. יאָ, אויב איר וועט ארויסגעבן אַ ניי בוך, זאָלט איר נישט פאַרגעסן און מיר קיין בוך נישט שיקן... איך וועל דאָס שוין לייענען ביי מיין שכן, ער איז אייערער א שטענדי־קער לייענער. צי ער באַצאָלט אייך ווייס איך נישט. איך ווייס ער איז נישט קיין צאָלער, שוין חדשים אז ער קומט מיר שכר־לימוד פאר זיין בחור וואָס איך האָב צוגעגרייט צו בר־מצווה, וואָס ער וועט שוין באַלד זיין ראוי צו שטיין אונטער דער חופה. יאָ, אויב אייער בוך וועט זיין אינטערעסאַנט און איר וועט פאַדראָב־נע באַשרייבן אייערע צרות, וועל איך דאָס אָנזאָגן מיין שכן. אָבער מאַכט דאָס נישט געאיילט, נעמט זיך צייט, איך האָב פיינט אז מען איילט זיך. אויב דאָס בוך וועט מיר געפעלן, וועל איך דאָס פון אייך באשטעלן און אפשר אויך דער־פאַר באַצאָלן, איר דאַרפט דאָך איצט געלט. איך פאַרשטיי, אז פאַר דער צייט וואָס איר ליגט אין שפּיטאָל פאַרדינט איר נישט קיין געלט. אָבער צום האַרצן זאָלט איר זיך נישט נעמען, האַלט זיך, נעמט זיך נישט איבער פון קיין זאַך, עס וועט זיין גוט. יהי טוב!

נאָכדעם ווי דער געוועזענער רב האָט אָפּגערעדט, האָט ער ארויסגענומען אַ טיכל, זיך ארומגעווישט דעם שוויס פון זיין שטערן און ער איז מיט דראָבנע טריט אַוועק צו אַ צווייטן קראַנקן — און איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט...



## ער גיט מיר עצות...

איך האָב אַ שכן אַ נודניק. ווען מען זאָל געבן נודניקעס פּרייזן, וואָלט ער געקראָגן דעם ערשטן פּרייז. קומט ער צו מיר באַלד אין דער פרי אריין און פרעגט מיך:

— איר האָט שוין געהאַט פרישטיק?

— שוין געהאַט.

— וואָס האָט איר געהאַט פאַר פרישטיק?

ענטפער איך אים: —אַן איי, אַ שטיקל קעז און אַ טעפּעלע קאַווע.

— וואָס פאַר אַן איי האָט איר געהאַט?

— אַ הינערשע.

— נישט דאָס מיין איך.

— וואָס מיינט איר? — פרעג איך אים.

— איך וויל וויסן, — זאָגט ער, — צי די איי איז געווען אַ לויזע אָדער אַ געפּרעגלטע?

— אַ האַרטע, — ענטפער איך.

— דאַכט זיך, איר זייט אַ קלוגער, און דאָ זע איך, איר זייט במחילה אַ בהמה. ווער עסט דאָס אויפן פרימאָרגן האַרטע אייער?

— איך.

— האַרטע אייער?

— יאָ, האַרטע אייער!

— און וואָס זאָגט דער דאָקטער?

— וואָס פאַר אַ דאָקטער?

— אייער דאָקטער!

— איך האָב נישט קיין דאָקטער.

— איר האָט נישט קיין דאָקטער?

— ניין, איך האָב נישט קיין דאָקטער.

— איר עסט האַרטע אייער און איר פרעגט נישט קיין דאָקטער?

— צו וואָס דאַרף איך פרעגן אַ דאָקטער?

— איך זע שוין, — זאָגט ער, — אַז איר זייט גוט קראַנק. צי ווייסט איר די געפאַר, מיט וואָס עס שמעקט צו עסן אייער, בפרט האַרטע?

— איך ווייס נישט.

— אויב איר ווייסט נישט, פרעגט אַ דאָקטער!

— לאָזט מיך צורו מיט אייערע נאַרישע עצות!

— וואָס, איר האַלט מיך פאַר אַ נאַר?

— איך האָב נישט געזאָגט אזוי.

— גוט, זאָל זיין אזוי. — ער זעצט זיך צו און פרעגט ווידער: — וואָס פאַר אַ קעז האָט איר געגעסן?

— מילכיקן.

— לאָזט אָפּ מיט אייערע נאַרישע חכמות. איך רייד צו אייך ווי צו אַ מענטש, ווי צו אַ גוטן פריינד און איר ענטפערט מיר ווי איך וואָלט זיין אייער אַ שונא. איר דאַרפט וויסן, אַז קעז איז שעדלעך צו עסן. ווייסער קעז איז נאָך צו דערליידן. וואָס פאַר אַ קעז האָט איר געגעסן?

— געלן!

— אזוי, געלן קעז האָט איר געגעסן. אוודאי אזא וואָס האָט אַ גערוך?

— לאָזט אָפּ, דרייט מיר נישט קיין קאָפּ. כ׳האָב נישט געשמעקט צי די קעז האָט אַ גערוך! — האָב איך שוין אומגעדולדיקט געענטפערט.

— ווי עסט מען קעז און מען שמעקט נישט?

— איך שמעק נישט. אפילו טאַבאַק שמעק איך נישט, און לאָזט מיך אָפּ!

— אז איר שמעקט נישט קיין טאַבאַק פאַרשטיי איך, אָבער קעז?

— לאָזט מיך צורו, איך דאַרף גיין צו דער אַרבעט.

— כ׳לאָז אייך באַלד אָפּ. אָבער זאָגט מיר, פאַרוואָס טרינקט איר קאַווע?

— ווייל איך האָב ליב קאַווע!

— דער דאָקטער דערלויבט אייך טרינקען קאַווע?

— וואָס פאַר אַ דאָקטער. איך האָב אייך שוין געזאָגט, איך פרעג נישט קיין דאָקטוירים! — האָב איך שוין בייז געענטפערט.

— ווי איז דאָס אַ מענטש אזוי פאַרנאַרט, אזוי פאַרעקשנט און פרעגט נישט קיין דאָקטער?

— הערט מיך אויף צו באַליידיקן! רופט מיך נישט נאַר און עקשן!

— אויב איר זייט נישט קיין נאַר און קיין עקשן, זייט איר אַ קאַרגער מענטש!

— ווער איז אַ קאַרגער?

— איר!

— זאָגט מיר, פאַרוואָס בין אַ קאַרגער?

— ווייל איר עסט האַרטע אייער, איר עסט קעז און שמעקט נישט צי עס האָט אַ גערוך און איר פאַרטרינקט מיט קאַווע און פרעגט נישט קיין דאָקטער!

— איך בעט אייך, הערט מיר אויף דולן אַ קאָפּ, לאָזט מיך צורו. איר האָט מיך שוין פאַרמוטשעט. איך פיל איך וועל אוועקחלשן!

— אזוי, איר פילט איר וועט אַוועקחלשן? אויב איר פילט שלעכט און צו חלשן, איז דאָס נישט צוליב מיר, נאָר צוליב די האַרטע אייער, די קעז וועלכע איר שמעקט נישט צי עס האָט גערוך און די קאַווע וואָס איר טרינקט!

— איך בעט אייך, הערט אויף!

— איך זע שוין, — זאָגט ער, — אז איר זייט גוט קראַנק. איך גיי שוין רופן אַ דאָקטער!

— הערט אויף, רופט נישט קיין דאָקטער! — האָב איך אים געבעטן. — גייט אייך געזונטערהייט, וועל איך פילן בעסער!

— פאַר אייער געזונט, — האָט ער געזאָגט, — וועל איך אַלץ טאָן. נאָר איידער איך גיי אַוועק וועל איך אייך עפּעס זאָגן, איר הערט?.. וואָס, איר הערט נישט? זאָגט מיר, וואָס זייט איר אזוי בלייך געוואָרן? עס האָט אייך

פאַרשאַדט ?... עס שפּאַרט אייך אוודאי די האַרטע איי ?... די קעז... די קאַ־
ווע ?... שעמט זיך נישט, זאָגט, איך בין דאָך אייער שכן !... וואָס איר חלשט ?...
איך האָב געזאָגט אז איר דאַרפט אַ דאָקטער... פאַרוואָס שווייגט איר ?... אוי,
ער חלשט דאָך אויף אַן אמת !...



# אויף וואַקאַציע...

ערגעץ אויף אַ דאַטשע, ווו עס איז געווען, אַן עין הרע, פול מיט אָנגעפּאַ־
רענע דאַטשניקעס, צווישן זיי אויך מיינע לייענער, וואָס האָבן מיך דערקענט
און פריינדלעך באַגריסט, איז מען באַלד צו מיר צוגעשטאַנען און גענומען מיך
נודיען :

— אָט האָבן מיר אַ צייטונגס־מענטש, אַ יידישן שרייבער ! — האָט איינער
הויך אויסגערופן ! — יידן, קומט אַהער, מיר וועלן באַלד הערן נייעס !

באַלד האָט אַ צווייטער זיך אָפּגערופן :

— ווי האַלט איר, וועלן מיר האָבן שלום אין מדינת ישראל ?

— אַ דריטער האָט געפרעגט :

— וואָס איז אייער מיינונג, וועט רוסלאַנד אַלעמאָל העלפן די אַראַבער
מיט די שוואַרצע ?

— די וועלט וועט זיך לאָזן פירן פאַרן נאָז פון רוסלאַנד ? — האָט נאָך
איינער געפרעגט.

— פלוצים האָט דער גלאָק פון האָטעל זיך הויך צעקלונגען און גערופן
צום עסן.

ווי נאָר איך האָב זיך אוועקגעזעצט ביים טיש און געוואָלט עפּעס נעמען
אין מויל אריין, האָבן די שכנים ארום גענומען פאַרוואַרפן מיך מיט פראַגעס :

— ווי געפעלט אייך די היינטיקע פּאָליטיק ?

— עס געפעלט מיר נישט. — האָב איך קורץ געענטפערט.

— עס איז צו פאַרשטיין אז עס געפעלט אייך נישט. עס געפעלט מיר אויך
נישט, אָבער וואָס איז אייער מיינונג ?

— שווער צו זאָגן. — האָב איך געזאָגט און געוואָלט עפּעס טועם זיין.

— וואָס מיינט איר מיט דעם ? אַ יידישן שרייבער דאַרף נישט זיין שווער
צו זאָגן. דערויף זייט איר דאָך אַ שרייבער און איר זיצט אין אַ רעדאַקציע !

— עס זיינען דאָ שרייבער וואָס דאַרפן זיצן ערגעץ אַנדערש! — האָט אַן אַנדער אריינגעוואָרפן.

איך האָב גאָרנישט געענטפערט, האָב גענומען דעם לעפל צום מויל, אָבער עסן האָט מען מיך נישט געלאָזט.

— פאַרוואָס ענטפערט איר נישט אויף די פראַגן?

— לאָזט מיך אָפּעסן!

— דאָס עסן וועט נישט אַנטלויפן, פאַראַן וויכטיקערס ווי עסן. מענטשן גייען אָפּ אין בלוט, פעלקער זיינען צעריסן, איינער דעם אַנדערן זיינען גרייט איינצושלינגען און אייך ליגט אין זינען דאָס עסן?

איך האָב נישט געענטפערט, גענומען עסן, אָבער כ׳האָב געפילט ווי דער ביסן שטיקט מיך. די מענטשן ארום טיש האָבן געטומלט, איך זאָל ענטפערן אויף זייערע פראַגעס:

— און מיטן קריזיס, מיטן אויל, מיט די גרענעצן? — האָט פּלוצים איינער געפרעגט.

— וואָס איז מיטן קריזיס, מיטן אויל און גרענעצן?

— איר מאַכט זיך גע׳פגרט, איר ווייסט גאָרנישט מיט וואָס מען עסט דאָס?!

— כ׳ווייס! — האָב איך געענטפערט.

— איז וואָס איז אייער מיינונג?

— עס וועט אַריבער! — האָב איך געזאָגט.

— וואָס וועט אַריבער?

— אַלץ וועט אַריבער, יהי טוב.

דערווייל איז ארום דעם טיש געוואָרן ענגער, מענטשן פון די ארומיקע טישן האָבן זיך צוגערוקט, צוגעלייגט זייערע אויערן און פראַגן זיינען געפלויגן פון אַלע זייטן.

— וואָס דענקט איר וועגן פרעזידענט פון אַמעריקע? ווי מיינט איר, ער וועט זיך לאַנג האַלטן?

— יאָ, ער וועט זיין פרעזידענט.

— פון וואַנען זייט איר דאָס זיכער?

— קיין זיכערקייט איז נישטאָ אויף קיין זאַך. — האָב איך געענטפערט אויף אָפּצוטשעפּען זיך.

— איר ווייסט, אונדזער פרעזידענט פון שוהל האָט אויך געמיינט אז ער וועט אייביק זיצן אויפן בענקל. נו, האָט מען אים גאַנץ שיין אַראָפּגעוואָרפן און ער איז אויס פרעזידענט! — האָט זיך אָפּגערופן אַ קליינער יידעלע מיט אַ קאָ־מעץ בערדל.

איך האָב נישט געפּילט צו ענטפערן, איך האָב געוואָלט עסן.

— אויב איר זייט אַ שרייבער, — רופט זיך אָפּ אַן אַנדער, — דאַרפט איר דאָך וויסן וואָס עס וועט זיין מיט סאַוט־וועסט־אפריקע?

— סאַוט־וועסט־אַפריקע וועט זיין סאַוט־וועסט־אַפריקע! — האָב איך גלאַט געענטפערט אין דער וועלט אריין און געוואָלט נעמען אַ ביסן אין מויל אריין, אָבער מען האָט נישט געלאָזט.

— וואָס מיינט איר סאַוט־וועסט־אפריקע וועט זיין סאַוט־וועסט־אפריקע? איר רעדט נישט קלאָר! — האָט ווידער זיך אָפּגערופן דער פריערדיקער. — איך ווייס אזוי געַנוי ווי איר, אפילו ניט זייענדיק קיין שרייבער, אז סאַוט־וועסט־אפריקע וועט זיין סאַוט־וועסט־אפריקע. אָבער צו וועמען וועט דאָס געהערן?

— צו די זעלבע וואָס עס געהערט איצט! — האָט אַן אַנדער געענטפערט.

— נאַ דיר אַ נייעם פּאָליטישן! וואָס שטעקט איר אריין די נאָז, עמעצער פרעגט אייך? וואָס ווייסט איר, איר זייט דען אַ שרייבער?

— גייט אין דער יונ״א, וועט איר דאַרטן זאָגן אַ וואָרט! — האָט צעהיצט אַן אנדער זיך אָפּגערופן.

נאָך עטלעכע יידן האָבן זיך אָפּגערופן, געטומלט און געאַמפּערט זיך. אָבער עסן איז נישט געווען מעגלעך, בין איך אַ הונגעריקער אַוועק פון טיש...



## נו, זייט נישט נערוועאיש

אַ קלוגער ייד האָט זיך פאַר מיר אויסגערעדט:

— איך ווייס נישט, האָט ער געזאָגט, — ווי אַ מענטש קאָן היינט זיין נישט נערוועאיש. אויב עס איז דאָ אַ מענטש וואָס איז נישט נערוועאיש, איז ער סתם אַ משוגענער... דאָקטוירים זאָגן, אז מענטשן זיינען היינט מער נערוועאיש, ווי קראַנק.

פאַרוואָס זאָל מען נישט זיין נערוועאיש, אז מען לעבט אין אַ ווילדער וועלט מיט ווילדע מענטשן. דאָס וואָס מיר לעבן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט די ווערט אַ שמעק־טאַבאַק. דווקא אינעם ציוויליזירטן צוואַנציקסטן יאָרהונ־דערט האָט פּאַסירט מערער בלוט־פאַרגיסונגען ווי אין די אור־אַלטע צייטן, ווען מענטשן זיינען נישט געווען קיין ציוויליזירטע.

די היינטיקע מאָדערנע וועלט באַשטייט פון הפקרות, רשעות רויבעריי און מאָרד. — איז זייט נישט נערוועאיש.

גייט זייט נישט נערוועאיש, ווען מען איז נישט זיכער מיט קיין זאַך. מען איז נישט זיכער מיט גיין אין גאַס, מיט פאָרן, פליען. מען איז נישט זיכער מיטן לעבן. מען איז נישט זיכער מיט הייזער, מיט רייכטום. אפילו מיט אַן אייגן ווייב איז מען אויך נישט זיכער. — איז זיי נישט נערוועאיש!

מען לעבט כסדר אין שרעק — און מען איז נערוועאיש. מען איז נערוועאיש ווען די ווייב אַנטלויפט מיט אַ געליבטן, און מען איז נערוועאיש און מען שרעקט זיך, טאָמער קומט זי צוריק...

אויך די היינטיקע מאָדעס מאַכן נערוועאיש. אַ מאָדע ווייבער זאָלן טראָגן קליידער וואָס קערן די גאַסן. אָדער קליידער וואָס מען דאַרף נוצן אַ פּאַרגרעסערונג־גלאָז זיי צו זען. אויב דאָס איז ווייניק, טוט מען זיך גאָר אינגאַנצן אויס נאַקעט. נו, זייט נישט נערוועאיש?!

ווען מען פילט זיך נישט איי־איי און מען גייט צום דאָקטער, טאַפּט ער, זוכט און געפינט גאָרנישט. אָבער אומזיסט קומט מען נישט צו אים. ער הייסט זיך גוט באַצאָלן. גיט ער אייך פילן, מאַכט איינשפּריצונגען און הייסט אייך קומען מאָרגן און איבערמאָרגן, אַזוי פּאַר עטלעכע וואָכן און אַמאָל נאָך לענגער. ווען איר פרעגט אים, דעם דאָקטער, וואָס די קרענק איז, זאָגט ער ס'איז נערוון. נו, זייט נישט נערוועאיש!

איר קומט צו פריינד. די טיר איז פאַרשלאָסן, קיינער איז נישטאָ. טרעפט איר זיי, זאָגן זיי אַז זיי גייען ארויס און מען לאָזט אייך שטיין ווי אַ סטויג היי אין פעלד. — איז זייט נישט נערוועאיש.

גייט איר אין קינאָ זעט איר נאָר ווי מען שיסט, מען רויבט, מען הרגעט, מען ברענט אָדער מען ליבט זיך און מען קושט זיך. — איז זייט נישט נערוועאיש.

שרייבט מען אַן אַרטיקל, אַ מעשה צו אַן אנדערע שרייבעכץ, איז שוין באַלד נישטאָ ווער עס זאָל לייענען. און די וואָס זיינען דאָ, האָבן נישט קיין צייט צו לייענען. זיי זיינען פאַרנומענע מענטשן: שפּילן באָולס, קאָרטן, טעניס, גאָלף און ווייבערשע ליבעס. זיי זאָגן זיי האָבן בעסערע געשעפטן ווי לייענען יידישע ביכער. — איז זיי נישט נערוועאיש.

וועגן אַ בוך לייענען איז אָפּגערעדט. ווער לייענט דאָס היינט ביכער? אפילו נישט־באַצאָלטע ביכער לייענט מען אויך נישט. און אַז מען לייענט שוין אַ בוך, איז דאָס דווקא אזא בוך וואָס מען דאַרף נישט לייענען, וואָס מען טאָר

נישט לייענען, וואָס איז פאַרווערט צו לייענען אָדער וואָס איז נישט ווערט צו לייענען.

און אז אַ ייד פאַרגלוסט זיך אַמאָל אריינקומען אין אַ שוהל, און אַ חוץ דאַוו־נען וויל מען דאָך אויך הערן אַ יידישן וואָרט, איז טאָמער ווייניק וואָס דער חזן זעט אויס ווי, להבדיל, אַ היימישער גלח, זעט אויך דער רב אויס נישט בעסער. מילא, זאָל זיין אזוי. ס'איז דאָך אזא וועלט היינט, אזא יאָר אויף סאָדאָטן. ער־גער איז, ווען מען דערלאַנגט אַ שבתדיקע דרשה אין דער אָקספאָרד־שפּראַך.
— נו, קען מען נישט זיין נערוועאיש...



# אין באַן

איך בין אַמאָל געפאָרן אין באַן קיין קייפטאַן־מיוזענבערג אויף אָפּרו. זיך איך אין דער באַן־קופּע מיט נאָך צוויי, וואָס האָבן מיט זיך געהאַט טשעמאָדאַנעס מיט פּעק, עס איז מיר קוים געבליבן אונטערן באַנק אָרט צו שטעלן מיין וואַליזע. איינער פון זיי האָט ברייט צועפנט דאָס פענצטער פון קופּע. דער צווייטער האָט אויסגעטאָן זיינע שיך, זיין העמד און ברייט זיך צעלייגט אויפן באַנק. צו דער ענגשאַפט אין דער קופּע איז אויך צוגעקומען אַ שלעכטער גערוך. דער ערשטער האָט ארויסגענומען אַ פּעקל „סענדוויטשעס" מיט ווורשט און אוגערקעס און גע־נומען רייבן אויף ביידע באַקן. דער אנדער וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן באַנק, האָט זיך אָפּגערופן:

— מיסטער, עסט אַ ביסל שטילער, איר מאַכט צופיל טומל!

— איר זעט מיך צום ערשטן מאָל, — זאָגט דער מיט די „סענדוויטשעס",

— דאַרפט איר זיך פאָרשטעלן, באַקענען, זאָגן אַ נאָמען!

באַלד האָט מען זיך פאָרגעשטעלט, געזאָגט די נעמען. אויך איך האָב גע־זאָגט מיין נאָמען, מען האָט זיך באַקענט.

— ווו פאָרט איר? — האָט געפרעגט דער וואָס האָט געגעסן.

— איך פאָר קיין מיוזענבערג.

— און איר?

— אויך קיין מיוזענבערג. — האָב איך געענטפערט.

— דאָס ערשטע מאָל?

— ניין, שוין פיל מאָל דאָרטן געווען! — ענטפער איך.

— איר מוזט זיין אַ שוואַכער מענטשל! — זאָגט דער וואָס רייבט די „סענד־וויטשעס״.

— פון וואַנען נעמט איר דאָס? — האָב איך אים געפרעגט.

— אז אַ מענטש פאָרט אין מיוזענבערג שוין נישט דעם ערשטן מאָל און האָט אזא אויסזען ווי איר האָט, איז דאָס נישט קיין גוטער סימן. איר וואָלט גע־מעגט האָבן אַ שענערן פנים ווי איר האָט. אייער פנים איז בלייך און געל, איר ליידט אוודאי אויף דער לעבער?

— איך לייד נישט אויף דער לעבער.

— אויפן מאָגן?

— מיין מאָגן איז גאָט צו דאַנקען גוט.

— ליידט איר אוודאי פון נירן, גאַל־שטיינער? שעמט זיך נישט!

— איך שעם זיך נישט.

— איז פאַרוואָס באַהאַלט איר אויס, וואָס האָט איר מורא אויסצוזאָגן? מיר זיינען היימישע מענטשן. אפשר ווילט איר אַ „סענדוויטש״? נעמט. מיין פרוי האָט זיי אליין געמאַכט, פרישע מיט כשרן ווורשט און קנאָבל!

— אַ דאַנק, איך בין נישט הונגעריק.

— אפשר אַ זויערע אוגערקע?

— איך פאַרזוך דאָס נישט.

— אָט דאָס איז עס. איך האָב באַלד באַמערקט אויף אייך, אז איר זייט אַ קראַנקער. אזא מענטש ווי איר טאָר נישט פאָרן מיט אַ באַן, דאַרף זיצן אין דער היים!

איך האָב געוואָלט וואָס זאָגן, אָבער דער וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער באַנק, האָט זיך צעשריען:

— איר ווילט ריידן, גייט ארויס, גייט אין אַ צווייטן וואַגאָן. איך וויל שלאָפן, איך חלש פאַר אַ ביסל שלאָף, כ׳בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, איך לייד פון אַסטמאַ. איך בעט אייך, זאָל זיין שטיל, איך וויל שלאָפן!

— אז מען וויל שלאָפן, — האָט געזאָגט דער וואָס איז געווען פאַרנומען מיטן עסן די „סענדוויטשעס״, — גייט מען ערגעץ אנדערש, נישט דאָ אין באַן. דאָ פאָרט מען, דאָ עסט מען, דאָ רעדט מען, נישט מען שלאָפט!

— אז איר וועט זיין שטיל, וועל איך שלאָפן! — האָט ער זיך געבעטן.

—מיין איינציק פאַרגעניגן איז צו עסן און ריידן, בפרט אויף אַ באַן. איר האָט באַדאַרפט זיך אויסשלאָפן אין דער היים, נישט דאָ אין מיטן העלן טאָג שלאָפן. אפילו ביינאַכט טאָר מען נישט שלאָפן אויף אַ באַן. וואָס טוט מען אז

אין מיטן שלאָפן פּאַסירט אַן אומגליק, די באַן גייט ארונטער פון די רעלס אָדער שטויסט זיך אָן מיט נאָך אַ באַן, צי עס ברעכט אויס אַ שריפה! ווי קען מען עס שלאָפן אין אַ באַן?!

— הערט אויף אזוי ריידן, איר רעגט מיך אויף, איר מאַכט מיך קראַנק!

— איך זע שוין, — זאָגט דער מאַן מיט די „סענדוויטשעס", — אז איך בין גוט אריינגעפאַלן מיט מיינע פּאַסאַזשירן. אַ פיינע געזעלשאַפט האָב איך, נער־ וועאישע און קראַנקע מענטשן. אזעלכע מענטשן ווי איר טאָרן נישט פאָרן אויף אַ באַן, דאַרפן זיין אין אַ שפּיטאָל!

דער מאַן וואָס איז געלעגן אויפן באַנק איז אויפגעשפּרונגען אַן אויפגערעג־ טער און האָט בייז געזאָגט:

— רעדט נישט צו מיר אזוי, איר קאָנט מיך רעכט נישט!

— גוט, לאָמיר זיך בעסער באַקענען! — האָט דער אַנדער געזאָגט.

— הערט אויף ריידן, איך פאַרטראָג אייך נישט!

— ווער הייסט אייך פאַרטראָגן מיך. וואָס, איר זייט אַ טרעגער?

— רעדט נישט אזוי צו מיר!

— ווי דען ווילט איר זאָל איך ריידן? — האָט ער אים געפרעגט און אַוועקגעלייגט זיינע „סענדוויטשעס". — אפשר ווילט איר זיך מיט מיר פאַר־ הערן? — האָט ער געזאָגט און דערביי ארויפגערוקט זיינע אַרבל פון העמד.

ס'איז פאַר אַ ווילע געוואָרן שטיל. דער באַן־קאָנדוקטאָר איז אריינגעקו־ מען און געבעטן די בילעטן. ביידע פּאַסאַזשירן האָבן עפּעס גערעדט מיטן באַן־ קאָנדוקטאָר און מיט אים ארויס פון קופּע. נאָכדעם איז דער באַן־קאָנדוקטאָר צוריק אריינגעקומען אין קופּע, געמאַכט מיט זיי אַ לחיים און איז אַוועק.

דער מיט די „סענדוויטשעס" האָט זיך ווידער געלאָזט הערן:

— ווען איר פאָלגט מיר, נעמט איר אַן אַנדער קופּע. גענוג אָרט דאָ אין באַן און איר וועט קענען שלאָפן!

— נעמט איר אַן אַנדער קופּע!

— איך דאַרף נישט קיין אַנדער קופּע, מיר געפעלט די!

דער מאַן האָט זיך צוריק אויסגעצויגן אויף דער באַנק, ער האָט זיך פאַר־ שטעלט די אויערן און פאַרמאַכט די אויגן, אָבער שלאָפן האָט ער נישט געקענט. דער אַנדערער האָט אַלץ אָנגעהאַלטן עסן די „סענדוויטשעס" און געקלאַפּט מיט די ליפּן. באַלד נאָכן אָפּעסן האָט ער פאַרטרונקען עטלעכע גלעזער וואַסער און איז געבליבן שטיל. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט און גענומען כראָפּען מיט אַ פייַ־ פעריי און אַ סאָפּען, וואָס האָט אריבערגעשטיגן דעם רויש פון באַן.

* * *

די זון איז שוין געווען פֿאַרגאַנגען. קליינע רויטע פּאַסן ווי שטיקער פֿייער האָבן זיך געזען פֿון ווייטן. די נאַכט איז גיך צוגעפֿאַלן. שפּעט אין דער נאַכט בין איך אַ מידער איינגעשלאָפֿן.

פֿאַרטאָג האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט ערגעץ אויף אַ סטאַנציע, ווו די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפֿצונעמען פּאַסאַזשירן. אין דער טונקלקייט האָב איך זיך ארומגעזען, אז ביידע פּאַסאַזשירן זיינען נישט געווען אין קופּע. און באלד האָב איך זיך געכאַפּט, אז מיין וואַליזע מיט מיינע זאַכן זיינען אויך נישט געווען...



# אַ שולע ווו מען לערנט זיך קושן...

מיסטער קראַנטשיק דערציילט, ער האָט געעפֿנט אַ שולע צו לערנען זיך קושן. פֿרעגט מען אים:

— איר זייט חלילה ארונטער פֿון זינען, חסר דעה זייט איר? ווער עפֿנט עס אַ שולע צו קושן זיך?

האָט מיסטער קראַנטשיק געלאַסן געענטפֿערט:

— איך! פּונקט ווי מען דאַרף אַ שולע פֿאַר טאַנצן, אַ שולע פֿאַר גימנאַס־טיק, אַ שולע צו לערנען באָקסן, צו שיין ריידן. איך רייד שוין נישט — זאָגט ער, — פֿון די שולעס ווו מען לערנט שרייבן, לייענען, רעכענען, אָדער די הויך־שולעס, קאָלעדזשעס און אוניווערסיטעטן.

— יאָ. אָבער די אַלע שולעס דאַרף מען דאָך!

— און אַ שולע צו קושן זיך דאַרף מען אויך, פּונקט ווי אַלע אַנדערע שו־לעס! — האָט מיסטער קראַנטשיק געענטפֿערט מיט אַ זיכערע שטימע.

— אויסטערליש, משוגעת, גאָרנישט נאָרמאַל!

— ס'איז שוין גאָרנישט קיין משוגעת!

— און ווער וועט קומען זיך לערנען קושן? דאַכט זיך אַלע קאָנען די מלאכה!

מיסטער קראַנטשיק איז אַ ווײלע שטיל געבליבן. ער האָט ארויסגענומען אַ שאַכטל פּאַפּיראָסן, פֿאַררויכערט און מיט אַ פֿייערל אין זיינע שמאָלע אויגן האָט ער הויך געזאָגט:

— ס'איז שוין דער צווייטער חודש, ווי מיר האָבן געעפנט די שולע...

— ווער איז דער „מיר"?

— איך מיט מיין ווייב! — האָט ער געענטפערט. ער האָט אריינגעשריע אין אַנדערן צימער: — סערקע, קום אריין, דערצייל זיי וועגן אונדזער שולע!

עס איז אריינגעקומען אַ קליינע פרוי מיט אַ טיף־אויסגעשניטענעם דעקאָלט מיט אַ קאָפּ געקרייזלטע רויטע האָר און מיט אַ שמאָל מיילכל ווי פון אַ קימפּעט קינד און האָט מיט אַ שמייכעלע זיך אָפּגערופן:

— איר ווילט זיך פאַרשרייבן צו נעמען לעקציעס?

— איך? אין מיינע יאָרן?..

— מיר האָבן עלטערע פון אייך! — האָט זי שמייכלענדיק געענטפערט.

מיסטער קראַנטשיק האָט זיך געשטעלט אין פראָנט פון זיין קליין ווייבעלע און געזאָגט:

— איר זייט אַ נאַאיווער מענטש. איר ווייסט גאָרנישט וואָס עס גייט אָן היינט אין דער וועלט. איר געהערט צו דער אַלטער וועלט. פּונקט ווי מען זאָרגט צו האָבן שיינע פיגורן, שיינע אויגן, שיינע האָר, וואָס די שיינהייט־סאַלאָנען טוען עס, אזוי וויל מען אויך פאַרשענערן די קונסט פון קושן זיך... יאָ, איר זאָלט וויסן זייך, אז קושן זיך איז אַ קונסט, גאָר אַ גרויסע קונסט. זייט וויסן, אז נישט איין פּאָרל גייט זיך פונאַנדער, גט זיך נאָר דערפאַר, וואָס ער אָדער זי ווייסן נישט ווי מען דאַרף זיך קושן. די מערהייט מענטשן מאַכן דאָס זייער פאַרטאַטשנע, אָן שכל, אָן טעם, אָן געשמאַק. זיי מאַכן דאָס האַרי־אַפּט, כאַפּ־לאַפּ. אַ קוש איז ווי ווין. פאַראַן זיסער ווין און פאַראַן זויערער. פאַראַן קלאָ־רער ווין אין וועלכן מען קאָן זיך שפּיגלען. און פאַראַן ווין וואָס איז געדיכט ווי סמאָלע. פאַראַן שטאַרקער ווין פון וועלכן מען ווערט פאַרשיכורט, און פאַ־ראַן ווין וואָס איז ווי וואַסער, זאַלץ־וואַסער, עסיק!

— אַנטשולדיקט, מיסטער קראַנטשיק, עפּעס איז מיר נישט קלאָר אייער ריידן! דאָ רעדט איר פון קושן, און מיטאַמאָל בראָקט איר אריין ווין מיט עסיק!

— אָט דאָס איז עס! — האָט מיסטער קראַנטשיק טריאומפירנדיק געזאָגט,
— אַ קוש, ווי איך האָב אייך קלאָר געמאַכט, איז פּונקט ווי ווין. וואָס פאַר אַ ווין מען טרינקט, אזא טעם האָט דאָס. מיט אַ קוש איז דאָס זעלבע!

— און איר זייט דאָס אזא גרויסער מבין און קענער אויף די זאַכן? — האָט מען אים געפרעגט.

— יאָ! — האָט ער מיט זיכערקייט גערעדט. — זייט וויסן, אז ס'איז נישט אזוי לייכט געווען דאָס אויסלערנען זיך, געפּטרט גענוג צייט. מיר האָבן שטו־דירט, פיל שטודירט. — און ער ווייזט אָן אויף זיין קליין ווייבעלע: — יאָ, פיל

שעהן האָבן מיר דערפאַר אָפּגעגעבן, רעפּעטירט טעג און נעכט, ביז מיר האָבן דאָס דערגרייכט. מיר האָבן אפילו דיפּלאָמען פאַרן קושן!

— ווער זיינען די, וואָס קומען זיך לערנען די קושן־מלאכה?

— מענער און פרויען!

— יונגע מענער און פרויען ווייסן נישט ווי צו קושן זיך?

— וואָס חידושט איר זיך? יאָ, אפילו די יונגע דאַרף מען לערנען. זיי האָבן נישט קיין ברעקל דערפאַרונג אויפן געביט פון קושן זיך. אָדער זיי בייסן זיך, אָדער זיי קושן זיך אינגאַנצן נישט. דערפון קומען אַלע צרות, די אָפּגע־בראָכענע היימען און גטן!

— און עלטערע מענטשן קומען אויך נעמען אַזעלכע לעקציעס?

— „פּלענטי"! מיר האָבן פיל עלטערע פרויען און מענער!

— צו וואָס דאַרפן זיי דאָס?

— איר רעדט ווי אַ נאַאיוועד, נישט דערפאַרענער מענטש. זייט וויסן, אז זיי דאַרפן דאָס פיל מער פון די יונגע. אַ חוץ וואָס זיי דאַרפן דאָס פאַר זיך, ווי מאַן און פרוי, דאַרפן זיי דאָס פאַר זייערע לינקע ליבעס!

— און די מאַכט ווייסט דערפון?

— פון די לינקע ליבעס?

— ניין, פון אייער שולע.

— געוויס! איך האָב אַ פּאַטענט און צאָל געגוג שטייערן!

— אינטערעסאַנט. איר האָט אינסטרוקטאָרן, לערער וואָס לערנען די מלאכה פון קושן זיך!

— וואָס פאַראַ אינסטרוקטאָרן, וואָס פאַראַ לערער. איך מיט מיין ווייבל זיינען די אינסטרוקטאָרן.

— למשל, אזא מאַן ווי איך, ווען איך זאָל וועלן נעמען אַ לעקציע, וואָס דאַרף איך טאָן?

— דאָס לאָזט צו מיין ווייבל. אז זי וועט אייך נעמען אין מויל אריין, וועט איר שוין זיין אַ לייט. זי האָט שוין נישט איין מאַן פאַרזיסט דאָס לעבן!

— און איר זייט גאָרנישט אייפערזיכטיק?

— וואָס פאַר אַן אייפערזיכטיק? ערשטנס איז דאָס צוליב פּרנסה, צווייטנס טו איך דאָס זעלבע צו די ווייבלעך וואָס קומען דאָ, און דריטנס איז זי נישט מיין ווייבל. זי איז אַ געדונגענע, אַרבעט פון שטיק. נו, גענוג! דרייט מיר מער נישט קיין קאָפּ, לאָזט מיך צורו, טשעפּעט זיך אָפּ! איר זעט נישט ווי קונדן וואַרטן? איר ווילט נעמען אַ לעקציע, אָדער איר זייט געקומען גלאַט פּטרן מיין צייט?..

# ער האָט אַלעמען געוואָרנט...

איינער אַ באַוווסטער דאָקטער האָט ארויסגעגעבן מעדיצינישע ביכער, א וועלכע ער האָט אָנגעוויזן ווי אזוי מענטשן דאַרפן זיך אָפּהיטן פון קראַנקייט ווי צו זיין געזונט און דערגרייכן אַ טיפן עלטער. אין זיינע מעדיצינישע אָפּ האַנדלונגען האָט דער דאָקטער אָנגעוויזן וואָס יעדער מענטש דאַרף טאָן און ו זיך נוהג צו זיין, כדי צו זיין געזונט. ווי צו פירן זיך אין לעבן, צו האַלטן זי היגיעניש, ריין, אָפּגעהיטן.

אַ חוץ וואָס ער, דער דאָקטער, האָט געשריבן מעדיצינישע ביכער, האָ ער אויך אָפט געשריבן אין די צייטונגען מעדיצינישע אָפּהאַנדלונגען און גע געבן מעדיצינישע עצות, וואָס הונדערטער לייענער האָבן געלייענט מיט גרוי אינטערעס. פיל לייענער האָבן געשריבן בריוו אין רעדאַקציע צום דאָקטער דערציילט אים וועגן זייערע קראַנקייטן. דער דאָקטער האָט דורך דער צייטונג געענטפערט די אָנפרעגער, געשריבן אַ מעדיצינישן בריוו־קאָלום, וואָס איז גע ווען זייער אינטערעסאַנט צו לייענען.

דער עיקר האָט דער דאָקטער געהאַלטן אין איין וואָרענען די לייענער זיינע נישט צו עסן פיל, זיך היטן פון אַן איבעריקן ביסן, בעסער אוועקגיין פון טיש אַ ביסל הונגעריק, איידער זיך איבערעסן. נישט עסן קיין נאַשערייען, קיין פעטע שפייזן, נישט טרינקען, רויכערן און נישט פאַרברענגען פיל מיט פרויען. דאָס אַלץ, האָט ער געשריבן, איז דער מלך־המוות פון מענטשן. לויט סטאַטיסטישע ציפערן, וואָס דער דאָקטער האָט אָנגעוויזן, שטאַרבן מערער מענטשן וואָס טרינקען און וואָס רויכערן. דאָס ווירקט אויף די לונגען, שעדיקט דעם לעבער און שוואַכט אָפּ דאָס האַרץ, און ברענגט אָפט צו האַרץ־אַטאַקעס.

דער דאָקטער האָט אויך געהאַלטן מעדיצינישע רעפעראַטן, שמועסן, און אַלעמאָל האָט ער, ווי זיין שטייגער איז געווען, אָנגעוויזן אויף די געפאַרן וואָס לויערן אויפן מענטשן, ווען ער נעמט לייכטזיניק און הערט זיך נישט צו צו די וואָרנונגען פון דאָקטוירים, האַלטן פאַר לייכט דעם דאָקטערס אָנווייזונגען און עצות, וואָס זיי באַדויערן עס שפּעטער, ווען ס׳איז שוין צו שפּעט. אויב אַ מענטש וויל זיין געזונט און לעבן לאַנג, מוז ער זיך צופּאַסן צו די כללים און פאַראָרדענונגען פון דאָקטער. מען דאַרף פאַרשטיין, אז מעדיצין שטייט אויף אַ הויכער ניוואָ, איז הומאַניטאַר און האָט די אויפגאַבע און ציל צו העלפן מענטשן זיי זאָלן זיין געזונט און לעבן לאַנג. לויט סטאַטיסטישע ציפערן האָט

ער דאָקטער אָנגעוויזן לעבן היינט מענטשן לענגער, ווי מען האָט געלעבט מאָל. ווען מען זעט אַלטע מענטשן, איז דאָס צו פאַרדאַנקען די מעדיצין, וואָס אָט שטאַרק פּראָגרעסירט און אויך אַ דאַנק דעם, וואָס מענטשן האָבן זיך צו־עהערט צו די עצות פון זייערע דאָקטוירים.

יאָרן לאַנג האָט דער דאָקטער אַזוי געפּרעדיקט אין זיינע שמועסן און מע־יצישע אָפּהאַנדלונגען, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין צייטונג, און ענטשן האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע עצות.

איינמאָל האָט מען באַמערקט ווי די צייטונג האָט אויפגעהערט דרוקן דעם אָקטערס מעדיצישע אָפּהאַנדלונגען. מען האָט אויך מער נישט געזען דעם בריוו־קאָלום מיט די מעדיציינישע עצות. האָט מען זיך געוווּנדערט: וואָס האָט פּאַסירט? מען האָט געפאָרשט, זיך נאָכגעפרעגט, ביז מען איז געוואָר געוואָרן, אַז דער דאָקטער, וואָס האָט אַלעמען געגעבן עצות ווי צו זיין געזונט, ווי צו לעבן לאַנג, איז פּלוצלינג געשטאָרבן. ער איז געשטאָרבן פון צופיל נעמען דעם ביטערן טראָפּן און פון פיל רויכערן. ער איז אַלט געווען אַכט און פערציק יאָר, און איז נאָך געווען אַ בחור...



## ביים דאָקטער

אין שפּיטאָל זיצט אַ גרופּע פרויען און וואַרטן צו זען אַ דאָקטער. אַ טייל קרעכצן, אַנדערע בייסן צו און אַנדערע ריידן:

— דריי שעה דאַרף מען וואַרטן אויפן דאָקטער, — זאָגט איינע,— און אז מען דערוואַרט זיך, נעמט אים צוויי מינוט און ער איז פאַרטיק מיט אייך!

— וואָס האָט ער מיט אייך לענגער צו טאָן — זאָגט אַ צווייטע פרוי.

— צו טאָן מיט מיר האָט ער גאָרנישט. ער באַטראַכט מיך אפילו נישט. פאַרשרייבט אַ טוצן פּעקלעך מיט פּילן, וואָס העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס!

— פאַרוואָס זשע קומט איר דאָ?

— וואָס האָב איך צו טאָן? נישט פאַר אייך געדאַכט, בין איך אליין, האָב נישט קיין מאַן, קיין קינדער, קום איך דאָ די צייט זאָל גיכער אַוועק!

— די צייט לויפט גיך גענוג! — זאָגט אַן אַנדער פרוי.

— ביי אייך לויפט די צייט, איר זייט אַ ביסל יינגער. איר גייט, איר לויפט, — לויפט די צייט מיט אייך.

— אין שפּיטאָל קומען נישט קיין יונגע. — זאָגט נאָך אַ פרוי.
— עס קומען יונגע און עס קומען אַלטע. די מערהייט אָבער קומען קראַנק
— עס זיינען פאַראַן גענוג וואָס זיי פעלט קיין זאַך נישט און זיי קומען דאָ
— אויב עס פעלט זיי נישט, האָבן זיי אוודאי איבעריקע זאַכן וואָס מ
דאַרף אויסשניידן! — רופט זיך אָפּ אַן אַלטיטשקע.
— איר רעדט וועגן שניידן, — זאָגט די פריערדיקע, — די מערהייט דאָק
טוירים זיינען שניידערס. אפילו זייערע טאַטעס זיינען געווען שניידערס!
— מיין דאָקטערס פאָטער איז אויך אַ שניידער! — זאָגט די אַלטיטשקע
— וואָס פאַר אַ שניידער? אַ גאַל־שניידער?
— ניין. אַ הויזן־שניידער.
די פרויען ארום שיסן אויס מיט אַ געלעכטער. איין פרוי אין די מיטעל
יאָרן מיט רויט־געפאַרבטע באַקן און מיט געקרייזלטע האָר, רופט זיך אָפּ:
— מען דאַרף נישט לאַכן. מיר ליגן אין זייערע הענט!
— גערעכט, — רופט זיך אָפּ אַן אַנדער פרוי. — איר מעגט הערן וואָ
מיט מיר האָט פּאַסירט. איך קום דאָ זען אַ דאָקטער, געוואַרט אפשר דריי שעה.
ווען איך בין צו אים אריינגעקומען הייסט ער מיר זיך אויסטאָן און זעצט מיר
אריין אַ גראָבע נאָדל אין גראָבן פלייש, איך זאָלט מיר אַנטשולדיקן, און שלע־
פערט מיך איין. איך ווייס נישט ווי לאַנג איך האָב געשלאָפן. איך ווייס נאָר,
ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט איז דער דאָקטער שוין נישט געווען. ער האָט
גאָרנישט פאַרשריבן, גאָרנישט געשניטן!
— עס קאָן נישט זיין גאָרנישט! — האָט די אַלטיטשקע זיך אָפּגערופן.
— איר רעדט דאָך פונקט ווי מיין מאַן! — האָט די פריערדיקע פרוי גע־
זאָגט. — ווען איך בין געקומען אַהיים און אים דערציילט אז דער דאָקטער האָט
מיך איינגעשלעפערט און גאָרנישט געטאָן, האָט ער זיך אויפגערעגט און גע־
זאָגט: ער גלייבט נישט. איך האָב קוים אים אָפּגעהאַלטן פון גיין שלאָגן דעם
דאָקטער!
— מיט דאָקטוירים טאָר מען זיך נישט אָנהייבן!
— ווער הייבט זיך אָן מיט זיי? — האָט זיך אָפּגערופן די פרוי מיט די גע־
פאַרבטע באַקן און געקרייזלטע האָר. — ווען איך קום צום דאָקטער הייבט ער
זיך מיט מיר אָן. באַלד הייסט ער מיך אויסטאָן, זאָגט מיר קאָמפּלימענטן און
הייסט מיך ווידער קומען צו אים.
— ווען אַ דאָקטער הייסט מיך עטלעכע מאָל קומען, — זאָגט אַן אַנדער
פרוי, — געפעלט ער מיר נישט. גיי איך מער נישט צו אים. אויב ער קען נישט

צוטרעפן מיטן ערשטן אָדער צווייטן מאָל, וועט ער שוין קיינמאָל נישט צו־טרעפן!

— איר גייט דען מיט אים חתונה האָבן? — האָט די אַלטיטשקע געפרעגט.

— פליז, מישט זיך נישט ווו מען דאַרף נישט!

— וואָס איז אייך?

— איך האָב אַ טריקעניש אין מויל.

— מיט מיר איז פונקט פאַרקערט — זאָגט די אַלטיטשקע. — ביי מיר איז שטענדיק נאַס, עס שוימט מיר אין מויל.

— איר קומט אַלעמאָל דאָ?

— איך גיי אויך צו פּריוואַטע דאָקטוירים.

— ס׳איז אומזיסט דאָס גיין צו די פּריוואַטע דאָקטוירים!

— ווער זאָגט אז עס איז אומזיסט? זיי נעמען פון מיר גענוג געלט!

— כ׳מיין נישט דאָס, — זאָגט די אַלטיטשקע, — איך מיין די פּריוואַטע דאָקטוירים זיינען נישט בעסער פון די אין שפּיטאָל. זיי האָבן אַלע געלערנט אין איין חדר.

— אָבער עס זיינען דאָך דאָ קליגערע!

— די קליגערע נעמען מער געלט און העלפן ווייניקער!

— לויט ווי איר רעדט, — האָט זיך אָפּגערופן די פרוי מיט די געפּאַרבטע באַקן, — האַלט איר נישט פון דאָקטוירים!

— איך האַלט פון זיי, — האָט די אַלטיטשקע זיך אָפּגערופן, — נאָר זיי האַלטן נישט פון מיר.

— אזוי קראַנק זייט איר?

— אזוי זאָגן זיי.

— גלייבט זיי נישט. דאָקטוירים האָבן ליב איבערצוטרייבן!

— טאַקע אמת, מיין דאָקטער האָט מיך שוין דריי מאָל ארויסגעטריבן.

— איך וואָלט צו אזא דאָקטער מער נישט געגאַנגען.

— נאָכן פירטן מאָל ארויסטרייבן מיך, גיי איך טאַקע נישט מער צו אים!

— וואָס פאַר אַ דאָקטער איז ער?

— ער איז אַן אינערלעכער דאָקטער.

— איך דאַרף נישט ער זאָל אינערלעך מיך אונטערזוכן!

— וואָס דען ווילט איר, — האָט די פרוי מיט די געפּאַרבטע באַקן געזאָגט, — ער זאָל אייך אונטערזוכן אין דרויסן?

— איך האָב אַ שכנה, — האָט געזאָגט די אַלטיטשקע, — קומט דער דאָק־טער צו איר.

— אזוי קראַנק איז זי?
— ניין, אזוי פאַרליבט איז ער אין איר.
— און וואָס זאָגט איר מאַן?
— איר מאַן זאָגט גאָרנישט. ער איז אַ שטומער.
— איר זעט דאָרטן אין זייט, — זאָגט די פרוי מיט די געפּאַרבטע באַקן, — דאָס איז מיין מאַן.
— ער איז געקומען צום דאָקטער?
— ניין, דער דאָקטער וועט אים נישט העלפן.
— אוי ווי איז מיר, — רופט זיך אָפּ די אַלטיטשקע. — פון וואָס ליידט אייער מאַן?
— פון אייפערזוכט!
— אוי, נאָך דאָס פעלט מיר צו מיינע קראַנקייטן! — — —
פלוצלונג האָט דער דאָקטער ארויסגעשטעקט זיין קאָפּ און גערופן:
— נעקסט, פּליז!
מיט אַמאָל האָט זיך איבערגעריסן דער שמועס און עס איז געוואָרן שטיל ווי אויף אַ בית־עולם...



## אַ טשעק־אַפּ...

אַ לאַנדסמאַן האָט מיר דערציילט, אז זיין ווייב האָט זיך צו אים צוגעזעצט, ער מוז גיין צו אַ דאָקטער פאַר אַ „טשעק־אַפּ“. זי האָט געזאָגט, אז אַ מענטש דאַרף נישט זיין קיין בהמה, קיין פערד און שטענדיק אַרבעטן און יאָגן. אַ מענטש דאַרף זען אַ דאָקטער, האָבן אַ „טשעק־אַפּ“, און וויסן ווו מען האַלט אין דער וועלט. מען ווייסט דאַן צו מען מעג אַרבעטן, צו מען מעג יאָגן. וואָס איז, אייגנטלעך, דער גאַנצער מענטש? — אַ גאָרנישט! אַ מענטש איז ווי אַ מאַשין, האָט זי דערקלערט. אזוי לאַנג ווי ער גייט — גייט ער. ווערט קאַליע נאָר איין שרייפעלע, איז אויס מאַשין...

זי האָט מיר אזוי לאַנג געמאַטערט ביז איך בין אַוועק צו אַ דאָקטער פאַר אַ „טשעק־אַפּ“.

איך קום אריין צום דאָקטער, — אַ בעל־גוף, גרויס, הויך — כ׳האָב געמיינט אז כ׳האָב געמאַכט אַ טעות, אז איך בין געקומען צו אַ קצב אָדער אַ באַ־

לעבאָס פון אַ האָטעל. ער האָט געהאַט אַ בויך פון אַ מעוברתטע, אַ רויט־אָנגעגאָסן פנים, ווי רויטער פּסחדיקער ווײַן, און אַ פּאָר אויגן האָט ער געהאַט, וואָס האָבן זיך גאָרנישט געפּאַסט פאַר אַ דאָקטער. נאָר מילא, — אַ דאָקטער! ער פרעגט מיך:

— וואָס איז אייך?

— עס איז מיר גאָרנישט, — זאָג איך אים. — נאָר מײַן פרוי וויל איך זאָל האָבן אַ „טשעק־אָפּ".

— לײַדט איר אויף וואָס? — פרעגט דער דאָקטער.

— ניין! — זאָג איך. — איך לײַד אויף גאָרנישט. ס'הייסט, איך לײַד יאָ אַ ביסל!

— וואָס, למשל, לײַדט איר?

— פון דער ווײַב.

— ניין, נישט דאָס מיין איך. — זאָגט דער דאָקטער, און עס באַווײַזט זיך אויף זײַנע גראָבע ליפּן אַ שמייכל. — איך וויל וויסן צי איר לײַדט פון עפּעס, צי איר האָט אַ פעלער, אַ קראַנקייט?

— ניין, דאָקטער, — זאָג איך אים, — איך האָב נישט קיין פעלער, קיין קראַנקייט.

— איז פאַר וואָס זײַט איר צו מיר געקומען? — פרעגט ער.

זאָג איך אים, אז איך בין געקומען פאַר אַ „טשעק־אָפּ".

— אויב איר לײַדט אויף גאָרנישט, איז צו וואָס דאַרפט איר אַ „טשעק־אָפּ"?

— איך דאַרף נישט. נאָר מײַן פרוי!

— אויב אײַער פרוי דאַרף אַ „טשעק־אָפּ", פאַרוואָס־זשע זײַט איר געקומען און נישט אײַער פרוי?

— מײַן פרוי זאָגט, אז איך דאַרף האָבן אַ „טשעק־אָפּ". זי זאָגט אז אַ מענטש איז נישט קיין בהמה, קיין פערד, קיין מאַשין!

— גוט. טוט זיך אויס. — האָט דער דאָקטער געזאָגט.

— צוואָס זיך אויסטאָן?

— צו מאַכן דעם „טשעק־אָפּ".

— און אזוי קאָנט איר דאָס נישט מאַכן?

— ניין. טוט זיך אויס! — האָט דער דאָקטער געזאָגט בייזלעך.

האָב איך זיך אויסגעטאָן. דער דאָקטער האָט גענומען מיך טאַפּן, קנעטן, דרייען אויף אַלע זײַטן ווי אַ באַל און געזאָגט, אז ער זעט גאָרנישט. איך וועל מוזן האָבן אַן עקס־רעי. דערווייל האָט ער גענומען מיר צאַפּן בלוט פון פינגער,

געגומען וואַסער און געזאָגט, אז נאָכן מאַכן אַלע טעסטן און עקס־רעיס, וועט ער זען וואָס מיר איז און וויסן ווי צו באַהאַנדלען מיך.

מיט אַ וואָך שפּעטער בין איך געקומען צום דאָקטער געוואָר ווערן וועגן די עקס־רעיס און הערן וואָס מיר איז. דער דאָקטער האָט געקוקט אויף די פאַר־רויכערטע קלישעס פון די עקס־רעיס און געצויגן מיט זיינע ברייטע אַקסלען:

— לויט ווי די עקס־רעיס ווייזן האָט איר קליינע פלעקן אויף די לונגען. אָבער עס איז נישט קיין געפאַר. יאָ, די בלוט אייערע איז נישט שלעכט, נאָר די וואַסער איז נישט ריין. איר האָט אַ ביסל צוקער, זייער ווייניק. איר דאַרפט זיך גאָרנישט זאָרגן. איך וועל אייך פאַרשרייבן רפואות און איר וועט זיין אַלרייט!

איך האָב איינגעהאַנדלט די רפואות, גענומען זיי דריי מאָל אַ טאָג פאַרן עסן. די רפואות זיינען געווען ביטערע. עס האָט מיר אָפּגענומען דעם אַפּעטיט פון עסן... דער דאָקטער האָט מיר אָנגעזאָגט דריי חדשים צו נעמען די רפואות און נאָכדעם זאָל איך ווידער קומען צו אים פאַר אַ „טשעק־אַפּ״.

דו ווילסט דאָך אוודאי וויסן צי ס׳האָט מיר געהאָלפן. טאָ הער זיך צו: פון די רפואות בין איך אויף אַן אמת קראַנק געוואָרן. פון די ביטערע פּילן איז מיר געוואָרן ביטער, איך האָב פאַרלוירן דעם אַפּעטיט און פון טאָג־צו־טאָג בין איך געוואָרן שוואַכער, נישט געהאַט קיין כוח צו שטיין אויף די פיס. כ׳האָב נישט געקאָנט ארבעטן און געלעגן אין בעט.

קומט אריין אַ שכנה, זעט זי ווי איך ליג אין בעט. זאָגט זי:

— אזא געזונטער מענטש ווי איר לייגט זיך אין בעט? וואָס איז אייך?

— ס׳איז מיר ביטער, — זאָג איך, — כ׳פיל איך גיי אויס, איך בין שוואַ־כער פון אַ פליג.

— פאָלגט מיך, — זאָגט זי, — גייט פאַר אַ „טשעק־אַפּ״. אַ מענטש דאַרף האָבן אַ „טשעק־אַפּ״!

דערציייל איך איר, אז אַלע צרות מיינע זיינען פונעם „טשעק־אַפּ״.

— איר האָט געהאַט אַ „טשעק־אַפּ״? און מעדיצין האָט איר? — פרעגט זי מיך.

— יאָ, געהאַט אַ „טשעק־אַפּ״, — זאָג איך, — דאָ זיינען די רפואות!

— אויב אזוי איז הערט מיך אויס, וואַרפט אַוועק אַלע רפואות. טרינקט „ראַשן־טי״ מיט לעמאָן. פּרובירט, איר וועט זען עס וועט אייך ווערן בעסער!

האָב איך געהערט די שכנה. אויפן צווייטן טאָג איז מיר טאַקע אַ ביסל בעסער געוואָרן און איך בין ארויס פון בעט. אויפן דריטן טאָג האָב איך שוין געפילט אַ סך בעסער און אויפן פינפטן טאָג בין איך אַוועק אַ געזונטער צו דער אַרבעט...

# אַן אייגענעם דאָקטער...

מייַנער אַ באַקאַנטער דערציילט מיר, אַז ער האָט אַן אייניקל אַ דאָקטער. נישט סתם אַ דאָקטער, זאָגט ער, ער איז אַ גאַנצער מומחה אויף דאָקטערשע זאַכן! ווען מ׳רעדט מיט אים זעט מען אַז ער ווייסט מערער פון די אַלטע דאָקטוירים. ער האָט זייַנע אייגענע מעטאָדן און האַלט, אַז זיי זייַנען בעסער פון די אַנדערע.

— איך האָב נאָך אַן אייניקל, — זאָגט מייַן באַקאַנטער, — איז ער אַ האַל־בער דאָקטער. ער דאַרף נאָך לערנען צו זייַן אַ גאַנצער דאָקטער. אָבער איך זאָג אַז די וואָס זייַנען שוין גאַנצע דאָקטוירים, זייַנען אויך נישט מער ווי האַלבע און דאַרפן זיך נאָך אַ ביסל צולערנען... מייַן אייניקל, דער דאָקטער, זאָגט צו מיר:

— גרענד פּאַ! — זייַדע פּאַסט נישט צו רופן. ער זאָגט אַז זיידע קלינגט מיט אַלטקייט, מיט אַלדפעשאַן. זאָגט ער צו מיר: — גרענד פּאַ, אויב דו ווילסט זייַן געזונט, זאָלסטו נישט עסן!

— קינדס מייַנס, — פרעג איך אים מיט חידוש, — ווי אַזוי וועל איך זייַן געזונט, אויב איך וועל נישט עסן?

— אָט דאָס איז עס! — זאָגט ער, — אַז דו וועסט נישט עסן, וועסטו זייַן געזונט און וועסט לעבן לאַנג!

פרעג איך אים: — ווי לאַנג קען מען לעבן אָן עסן?

— לאַנג, זאָגט ער. — מען קען לעבן אַזוי לאַנג ביז מען שטאַרבט אַוועק...

ווי געפעלט אייך זייַן עצה און דער ענטפער? מיר געפעלט עס נישט.

איינמאָל קומט צו מיר מייַן אייניקל, דער דאָקטער, זעט ער ווי איך ליג אין בעט. זאָגט ער צו מיר:

— גרענד פּאַ, וואָס עפּעס ליגסטו אין מיטן טאָג אין בעט?

זאָג איך אים: — איך בין נישט געזונט. איך פיל זיך שוואַך. די ביינער שטעכן און ברעכן, עס ציט און בריט, איך קאָן זיך נישט באַוועגן.

— גרענד פּאַ, — זאָגט ער צו מיר, — דו ווילסט זייַן געזונט?

— יאָ. געוויס וויל איך זייַן געזונט! — ענטפער איך.

— אויב דו ווילסט זייַן געזונט, — זאָגט ער, — גיי שוין אַרויס פון בעט, טו זיך אָן און לויף אַרום עטלעכע גאַסן, וועסטו פילן בעסער.

— ווי קאָן איך לויפן אַרום עטלעכע גאַסן, — זאָג איך צו אים, — אַז איך

קאָן זיך נישט איבערדרייען אין בעט. די פיס מײַנע זײַנען ווי צוויי געליימטע קלעצער, כ׳קאָן זיי נישט באַוועגן.

— אָט דאָס איז עס, — זאָגט ער, — אז מען ליגט אין בעט ווערן די פיס ווי געליימט און שווער ווי קלעצער. אָבער אז מען לויפט, באַוועגט מען זיך, טוט מען „עקסיסייז״. די פיס באַוועגן זיך, די בלוטן צירקולירן האַסטיקער, מען קען לויפן און מען פילט זיך געזינטער!

זאָג איך אים, איך בין אים מוחל דאָס לויפן מיט די עקסיסייז. איך בעט אים נאָר געבן מיר אַ מיטל ווי צו שטעלן זיך אויף די פיס כ׳זאָל קענען צוגיין צום טיש, עפּעס עסן.

— ניין, גרענד פּאַ, — זאָגט ער, — פון עסן רייד נישט. כ׳האָב דיר שוין געזאָגט אז עסן איז דער מלאך־המוות פאַר מענטשן. עסן טרייבט פרי אין קבר אריין!

— איז וואָס־זשע זאָל איך טאָן? — פרעג איך אים.

— דאַרפסט גאָרנישט טאָן. דאַרפסט זיך אָנטאָן און ארומלויפן עטלעכע גאַסן!

— וואָס איז די אײַלעניש? צו וואָס לויפן? — פרעג איך אים. — כ׳האָב נישט קיין צייט צו גיין לאַנגזאַם? הלוואי קען איך גיין, וועל איך זײַן צופרידן.

— גיין טויג נישט. ס׳איז וויכטיק אז מען לויפט. די בלוטן לעבן אויף, צירקולירן האַסטיקער, פּאָמפּעווען אָן נײַע כוחות און גיט פרישן לעבן!

— פון וואַנען, קינד מײַנס, ווייסטו דאָס? — פרעג איך אים.

— איך האָב דאָס געלערנט פון די ביכער.

— ביכער־שמיכער! וואָס זײַנען די ביכער — גאָט? עס האָבן זיי ליידיק־גייערס אָנגעשריבן און דו ווילסט איך זאָל אין זיי גלייבן?!

מײַן אייניקל האָט זיך באַליידיקט און איז אוועק. מיט עטלעכע וואָכן שפּע־טער קומט ער צוגיין, זעט ער מיך ארומגיין אין הויז. קוקט ער אויף מיר און שמייכלט:

— גרענד פּאַ, דו קוקסט היינט אויס „טאַטש ווּוד״, בעסער ווי איך האָב דיר לעצטנס געזען. האָסט אוודאי געהערט מײַנע עצות. טוסט ווי איך האָב דיר געזאָגט?

— גאָר. איך האָב געטאָן פּונקט דאָס פאַרקערטע וואָס דו האָסט מיך געהייסן טאָן!

— וואָס האָסטו געטאָן? — פרעגט ער מיט חידוש.

— דו האָסט מיך געהייסן לויפן עטלעכע גאַסן, בין איך נישט געלאָפן, נאָר געגאַנגען געלאַסן. דו האָסט מיך געהייסן נישט עסן, האָב איך דווקא יאָ גע־

געסן. איך האָב נאָך געגעסן מערער ווי אלעמאָל און גאָט צו דאַנקען, איך פיל זיך בעסער.

— און אַ דאָקטער, מעדיצין האָסטו געהאַט ?

— נאָך דאָס האָט מיר געפעלט. טאָקע אַ דאַנק דעם וואָס איך האָב נישט געהאַט קיין דאָקטער און קיין מעדיצין, בין איך ארויס פון בעט און פיל זיך בעסער.

— ווי איך זע, גרענד פּאַ, — זאָגט ער, — וועסטו שוין פאַרבלייבן אַלט־פעשאָן און די מעדיצין און דאָקטוירים וועלן שוין פון דיר קיין נחת נישט האָבן.

ער האָט דאָס אָפּגעזאָגט און איז אַוועק אַ ברוגזער.

מילא, האָב איך זיך געטראַכט, זאָל זיין אזוי, איז נישט געפידלט. ווי האָט מיין מומע נעכע, אַ ליכטיקן גן־עדן איר, געזאָגט : אז מען וויל זיין געזונט און שטיין אויף די פיס, דאַרף מען זיין וואָס ווייטער פון דאָקטוירים און פון אַפּ־טייקערס !..



# קושן־רפואה...

אַ יונגער דאָקטער האָט זיך באַקאַנט געמאַכט אין שטאָט, אז ער היילט אַלע סאָרטן קראַנקייטן — דורך קושן.

אין אָנהייב האָט מען געשמייכלט :

— וואָס איז דאָס פאַר אַ דאָקטער ?

אנדערע האָבן געזאָגט :

— ס'איז אינטערעסאַנט. מען דאַרף דעם דאָקטער אָפּשטעקן אַ וויזיט !

און אנדערע האָבן אָפּגעלאַכט :

— דער דאָקטער איז אוודאי אַ משוגענער, ער האָט געוויס געקראָגן זיין דאָקטער־דיפּלאָם אין אַ דול־הויז !

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז מען געוואָר געוואָרן, אז דער דאָקטער איז שטאַרק באַשעפטיקט. ער האָט פּאַציענטן, דער עיקר אָבער האָט ער געהאַט פּאַציענטקעס. מען איז געגאַנגען צום דאָקטער. ס'איז געווען טשעקאַווע צו זען ווי אזוי דער דאָקטער היילט דורך קושן.

— קושן, — האָט מען געזאָגט, — איז נישט קיין שווערע אָפּעראַציע... איז מען געגאַנגען צום דאָקטער. ניין, מען איז נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן.

די בעסטע רעקלאַמע איז געווען, זיין שיינער אויסזען און זיין אַרט קורירן די קראַנקע.

צו אַלע קראַנקייטן האָט ער געהאַט איין רפואה — קושן. ער האָט זיינע פּאַציענטקעס צוגעזאָגט, אז ער וועט זיי אויסהיילן דורך — קושן. ער האָט נישט פאַרשריבן קיין רעצעפּטן, מען האָט נישט געדאַרפט גיין אין אַפּטייקן קויפן רפואות. דער דאָקטער האָט געגעבן אויפן אָרט די רפואה, וואָס איז באַשטאַנען פון קושן. ער האָט יעדע קראַנקייט אויסגעקושט.

עס זיינען צום דאָקטער געקומען מער געזונטע ווי קראַנקע מענטשן. זיי איז געפעלן געווען אזא קוראַציע...

נישט נאָר יונגע מיידלעך און ווייבלעך זיינען געקומען צום דאָקטער ער זאָל זיי היילן, אויך אַלטע פרויען, וואָס האָבן זיך אויף גאָרנישט באַקלאָגט, זיינען געגאַנגען צום דאָקטער.

מען האָט גענומען ריידן, אז דער דאָקטער איז נישט קיין דאָקטער, נאָר אַ מלאך. ער באַווייזט גרויסע וווּנדער! ביי אים אין אויפנאַם־קאַבינעט האָט מען נישט געקרעכצט, נישט געאויקעט און געזיפצט, ווי מען הערט דאָס ביי אַנדערע דאָקטוירים.

אַלע באַזוכער זיינען פון דאָקטער ארויסגעקומען פריילעכע און געזונטע. ווו די קראַנקע האָבן אָנגעוויזן דעם דאָקטער עס טוט זיי וויי, האָט ער, דער דאָקטער, אויסגעקושט.

ביים באַזוכן אַנדערע דאָקטוירים וויל מען וואָס גיכער פון זיי אוועק, אָבער נישט פון דעם דאָקטער. קיינער האָט זיך נישט געיאָגט פון אים אוועקצוגיין מען האָט געוואָלט אז דאָס קורירן זאָל אָנהאַלטן וואָס לענגער...

און מען איז געקומען צום דאָקטער אָפט. מען האָט נישט געקאַרגט קיין געלט פאַר די וויזיטן.

גאָר רייכע פרויען האָבן דעם דאָקטער ארויסגערופן צו זיך אַהיים. זיי האָבן געוואָלט ער זאָל זיי באַהאַנדלען פּריוואַט, אין זייערע היימען.

פאַרשטייט זיך, אז פאַר אַזעלכע באַהאַנדלונגען האָט דער יונגער און שיינער דאָקטער גערעכנט עקסטרע.

ווייבער האָבן געצאָלט און געזאָגט, אז עס איז ווערט.

אַלע פרויען האָט דער דאָקטער גלייך באַהאַנדלט, נישט געמאַכט קיין אונטערשייד און האָט אָנגעווענדט זיינע קוש־מעטאָדן. אָבער איין עלטערע פרוי האָט דער דאָקטער אָפּגעזאָגט. איר קראַנקייט איז נישט געווען קיין לייכטע פאַר דעם יונגן שיינעם דאָקטער. די פרוי האָט, נעבעך, געליטן אויף מערידן...

## מעדיצינישע פאָרשערס און זייערע אָנווייזונגען...

זינט וויסנשאַפטלער, דאָקטוירים, ספּעציאַליסטן און מעדיצין־פאָרשערס האָבן גענומען זאָרגן וועגן מענטשלעכן געזונט, האָבן מענטשן גענומען אַלץ מער און מער קרענקען.

און וואָס איז דער וואונדער? מען קען דאָך ארונטער פון זינען ווען מען לייענט און מען הערט יעדן טאָג וועגן נייע אַנטדעקונגען, מעדיציניש־וויסנשאַפטלעכע באַריכטן, וואָס ווייזן אָן ווי שעדלעך עס איז דאָס עסן. די וואָרנונג קומט: נישט עסן קיין אייער, פּוטער, קעז, מילך. דאָס איז שעדלעך פאַרן מענטשלעכן אָרגאַניזם און פאַר זיין לייב און לעבן.

אין דער אַלטער היים אַמאָל, ווען מען איז געוואָרן קראַנק, האָט דער דאָקטער פאַראָרדנט צו געבן דעם חולה וואָס מער מילך, פּוטער, אייער, אפילו שאָקאָלאַד. דאָס זיינען געווען פון די וויכטיקסטע שפּייזן אויף צו שטאַרקן דעם מענטשן.

היינט זאָגט מען אז מילך איז שעדלעך, פּוטער איז אַ חלף פאַרן מענטשן און אייער מאַכט קירצער דעם וועג צום קבר...

אָבער דאָס בלייבט נאָך נישט אַזוי. אויף צו מאָרגנס קומט אַן אַנדער פּראָפעסאָר, אַ גרויסער פאָרשער, אַ וויסנשאַפטלעכער און אַ בקי אין מעדיצין, וואָס ווייזט אָן, אז פּוטער איז שטאַרק וויכטיק און גוט פאַרן מענטשן. אַזוי איז אויך מילך גוט פאַר יונג און אַלט. מילך שטאַרקט די ביינער, היילט די לונגען. און ער זאָגט, אז ס׳איז נייטיק פאַר אַ מענטשן אויסצוטרינקען אמווייניקסטן פינף גלעזער מילך אַ טאָג.

און דער זעלבער פּראָפעסאָר גיט צו, אז אייער איז זייער וויכטיק און נאַר־האַפטיק פאַרן מענטשן. אייער גיט צו בלוט, ענערגיע, מאַכט ארבעטן דעם מוח און מאַרך. אויך פּוטער איז שטאַרק נייטיק פאַרן מענטשלעכן קערפּער, פאַר זיין געזונט און לעבן.

נאָכדעם קומט נאָך אַ מעדיצין־פאָרשער און ווייזט אָן, אז עסן פלייש איז שטאַרק שעדלעך און אומגעזונט. מענטשן וואָס עסן פלייש, האָט ער געוואָרנט, פאַרקירצן זייער לעבן. פלייש איז סם. אנשטאָט פלייש ראָט ער צו עסן פיש און ים־חיהלעך, ווייל זיי האָבן אין זיך מינעראַלן און יאָד, וואָס גיבן קראַפט דעם מענטשן און שטאַרקן אים.

קומט אַן אַנדער מעדיצין־פאָרשער און באַווייזט מיט פאַקטן, אז פלייש איז זייער געזונט פאַרן מענטשלעכן קערפּער. פלייש גיט ענערגיע און כוח. וואָס

מער מען עסט פלייש, אַלץ שטאַרקער און געזינטער פילט מען זיך. דער מעדיציץ־פאָרשער ווייזט אָן אויף חיות וואָס לעבן אין דזשונגלס, זיי עסן נאָר פלייש עסן זיך איינע די אַנדערע אויף לעבעדיקערהייט און זיינען געזונט און שטאַרק

דער דערמאָנטער מעדיציץ־פאָרשער וואָרנט נישט צורירן זיך צו פיש. ער זאָגט: פיש איז זייער שעדלעך, ווייל זיי שווימען אין ים, און אין ים איז פאַראַן פאַרשיידענע זויער־שטאָפן און גיפטן, מיט וועלכע די פיש זיינען אָנגעשטעקט און גיבן דאָס איבער צו די מענטשן. חוץ דעם זיינען פיש פאַרדאָרבן מיט שעד־לעכע באַקטעריעס און זיינען אַ גרויסע געפאַר פאַר דער מענטשהייט און פאַר זייער געזונט.

אַנדערע מעדיציץ־פאָרשער וואָרענען נישט צו נוצן קיין צוקער. טרינקען טיי מיט צוקער, זאָגן זיי, איז זייער שעדלעך. פון צוקער קומען אַלע קראַנ־קייטן, אפילו די צוקער־קראַנקייט.

נאָכדעם קומט אַן אַנדער פאָרשער וואָס האָט צוגעגרייט ציפערן מיט באַ־ווייזן און זאָגט, אז דער מענטשלעכער קערפער מוז האָבן צוקער. ער זאָגט: צוקער איז פון די נאַרהאַפטסטע און וויכטיקסטע שפייזן אין וועלכע דער מענטש נייטיקט זיך. צוקער איז געזונט פאַר די נערוון, פאַר די אויגן, פאַר גאַל־שטיי־נער און פאַר ביטערניש.

אַן אַנדער פראָפעסאָר און מעדיציץ־וויסנשאַפטלער וואָרנט נישט צו עסן קיין רייז. רייז, זאָגט ער, גיט נישט צו קיין שום קראַפט, נאָר בלאָזט אָן דעם מאָגן ווי אַ פערענע. רייז איז נישט געזונט פאַרן מאָגן, אויך נישט פאַר די אויגן און איז שעדלעך און אומגעזונט פאַרן מענטשן.

אָבער באַלד קומט אַן אַנדער מעדיציץ־וויסנשאַפטלער וואָס ווייזט אָן, אז רייז איז פון די בעסטע, נאַרהאַפטסטע און געזונטסטע שפייזן פאַרן מענטשלעכן קערפער און זיין געזונט. רייז, ווייזט ער אָן, קרעפטיקט און רייניקט די בלוטן, מאַכט אַרבעטן די מוסקולן, געשטאַלטיקט דעם מענטשלעכן קערפער, האַלט אים געזונט און פריש.

וועגן טרינקען שאַרפע געטראַנקען זאָגן זיך ארויס אַלע דאָקטוירים, אז עס איז שעדלעך. אָבער ווען מען ווערט נישט געזונט, עס נעמט קיצלען אונטערן האַרצן, ראַטן דאָקטוירים צו נעמען יעדע 4—5 שעה אַ גלעזעלע וויסקי. זיי, די דאָקטוירים, נעמען מערער ווי אַ גלעזעלע — און אָפטער...

דער פשוטער בשר ודם געפינט זיך צווישן האַמער און קאָוואַדלע פון די אַלע אָנווייזונגען פון די וויסנשאַפטלער, פאָרשערס און מעדיציינער. זייערע עצות רופן ארויס צערודערונג און קענען אויף אַן אמת קראַנק מאַכן...

איז די בעסטע עצה — צו זיין געזונט...

# זיין לאַנדסמאַנס זון איז געוואָרן אַ דאָקטער

אַנומלט כאַפּט מיך אָן אַ ייד וואָס איז, לא עלינו, נישט קיין געזונטער, און נעמט זיך אַראָפּריידן פון האַרצן פאַר מיר. צו דער זעלבער צייט וויל ער איך זאָל אים געבן אַן עצה:

„אדרבה, זאָגט ער, זאָגט מיר, ווי קען מען אַזוי לעבן. ווייניק וואָס איך בין קראַנק מאַכן מיך די דאָקטוירים נאָך מער קראַנק. זייערע עצות און רפואות וועלן מיך פאַר דער צייט פון דער וועלט טרייבן, אָדער טרייבן מיך אין אַ משוגעים־הויז!

„קומט אַריין צו מיר אין הויז וועט איר עפּעס זען. איר וועט מיינען אַז איר געפינט זיך אין אַן אַפּטייק. איר וועט זען ביי מיר פּילן, טאָניקס, אָפּפיר־מיטלען, אַספּראָס און פּראָשקעס גאַנצע פּעק, מערער ווי אין אַן אַפּטייק.

„אַנדערע מיינען אַז איך בין געוואָרן אַ פאַבריקאַנט פון מעדיצין. אַנדערע מיינען אַז ביי מיר איז אַ הורט־געשעפט פון מעדיצין! איך אַליין וואונדער זיך פון וואַנען האָבן זיך גענומען צו מיר אין הויז אַזוי פיל פּילן און רפואות. איך האָב שוין באַלד נישט קיין אָרט ווו צו ווינען. ווו איך ריר זיך צו שטייען שאַכטלען, פלעשער און סלאָיען מיט כלערליי פּילן. איר מיינט איך ווער פון די רפואות געהאָלפן, אַז איך ווער געזונטער. אַ נעכטיקער טאָג! איך פיל גאָר ערגער.

„און דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין לאַנדסמאַן חיים פייג, מיט זיין זון דעם דאָקטער. גלייך ווי זיין זון האָט געענדיקט שטודירן און געוואָרן אַ דאָקטער, האָט מיין לאַנדסמאַן צו מיר זיך צוגעזעצט, גענומען אַריינריידן אין מיר איך זאָל זיך לאָזן אונטערזוכן פון זיין זון. ער איז אַ גוטער דאָקטער, נעמט אַ גרויסן אינטערעס אין מענטשן. זאָג איך מיין לאַנדסמאַן, אַז איך בין חלילה נישט קראַנק, כ׳פיל זיך גוט, מיין אַפּעטיט איז גוט, איך שלאָף ווי אַ קלאָץ און עס פעלט מיר חלילה גאָרנישט.

„זאָגט צו מיר מיין לאַנדסמאַן: יעדער מענטש דאַרף פון צייט־צו־צייט אַריינגיין צו אַ דאָקטער פאַר אַ „טשעק־אַפּ״. מען ווייסט נישט וואָס עס קאָן זיין קאַליע. אַז מען גייט צו אַ דאָקטער פריער, פאַרשפּאָרט מען צו ליידן שפּע־טער, פאַרכאַפּט מען איידער עס ווערט שפּעט!

„זאָג איך אים, מיין לאַנדסמאַן, איך האָב נישט וואָס צו פאַרכאַפּן. איך פיל זיך, ברוך השם, געזונט און דאַרף נישט קיין דאָקטוירים און „טשעק־אַפּס״.

„ענטפערט ער מיר, אז איך זאָל נישט זיין פאַרנאַרט. מענטשן גייען ארו‑ און ווייסן גאָרנישט ווי קראַנק זיי זיינען. מען הערט ווי דער און יענער, געזונטע מענטשן, זיינען געפאַלן אין מיטן גאַס אָדער ביי דער אַרבעט, צי גאָר אין מיטן נאַכט אין שלאָף — פון אַ האַרץ־אַטאַקע! פאַראַן מענטשן, זאָגט ער, וואָס ווייסן נישט אז זיי זיינען קראַנק, גייען ארום מיט שוואַכע הערצער, קריגן לייכטע האַרץ־אַטאַקעס, וואָס זיי פילן גאָרנישט. אָבער די רעזולטאַטן זיינען נישט קיין פריילעכע!

„אָט אזוי האָט ער צו מיר גערעדט, מיין לאַנדסמאַן חיים פייג, ביז איך האָב אים איין טאָג געהערט און געגאַנגען צו זיין זון דעם דאָקטער פאַר אַ „טשעק־אַפּ". בפרט ווען ער האָט מיר געזאָגט, אזוי ווי איך בין זיין לאַנדסמאַן וועט ער ריידן מיט זיין זון דעם דאָקטער ער זאָל מיך נישט באַרייסן, רעכענען אַ ביליקן פּרייז. דאָ, זעט איר, האָט ער שוין מיך געכאַפּט. ווייל איך האָב אַ שוואַכקייט צו מציאות!..

„בין איך געגאַנגען צום דאָקטער פייג, אַ יונגער דאָקטער אָבער זייער אַ רירעוודיקער און ריידעוודיקער. ער האָט מיר אָנדערציילט זאַכן וועגן מיר, וואָס איך האָב גאָרנישט געוווּסט. ער האָט מיר אויסגערעכנט אַ גאַנצן צעטל מיט חולאתן וואָס איך האָב. איך מוז אויף זיך גוט אכטונג געבן, אויב איך וויל נישט פאַלן אַ קרבן אין מיטן גאַס.

„האָב איך זיך שטאַרק דערשראָקן און געזאָגט דעם דאָקטער, מיין לאַנדס־מאַנס זון, אז איך לאָז עס צו אים. איך בין אין זיינע הענט!

„דער דאָקטער איז געווען צופרידן און געזאָגט מיר, איך האָב מזל וואָס איך בין זיין טאַטנס אַ לאַנדסמאַן און דאָס וואָס איך בין צו אים אין צייט גע־קומען. דערפאַר וועט ער נעמען אַ גרויסן אינטערעס אין מיר און כ׳דאַרף שוין גאָרנישט זאָרגן. ער האָט מיך געהייסן קומען צו אים יעדע עטלעכע טעג. ווען איך בין אַמאָל ניט געקומען צו אים אין צייט, איז ער געקומען צו מיר. און יעדן מאָל האָט ער פאַרשריבן אַנדערע רפואות: פילן צום עסן, פילן צום שלאָפן, פילן צו מאַכן אַרבעטן די וואַסער, פילן פאַר רעוומאַטיזם, פילן פאַר נערוון. פאַרגעסן אייך צו זאָגן: איך האָב קיינמאָל נישט געוווּסט אז איך האָב נערוון. אָבער זייט איך האָב אָנגעהויבן גיין צום דאָקטער, צו מיין לאַנדסמאַנס זון, ווייס איך אז איך האָב שוואַכע און קראַנקע נערוון. און דער דאָקטער גיט מיר גרינע פילכעלעך צו נעמען יעדע דריי שעה פאַר די נערוון. ער האָט אויך אַנטדעקט אז איך האָב אַ הויכן בלוט־דרוק און האָט מיר געגעבן פילן צו נעמען דריי מאָל אין טאָג. ער האָט אויסגעפונען, אז מיין האַרץ איז גאָרנישט אזוי גוט און

שטאַרק ווי איך האָב געטראַכט, און מיר געגעבן פֿאַרן האַרץ רויטע און געלע פּילן צו נעמען יעדע פיר שעה.

„צוליב די אַלע פּילן בין איך געוואָרן אַ פּאַרנומענער מענטש. איך האָב גע־מוזט אָפּגעבן די אַרבעט. איך האָב אפילו נישט קיין צייט צו ריידן מיט אַ מענטשן. כ׳בין כסדר פֿאַרנומען מיטן נעמען די פּילן: פּילן פֿאַרן עסן, פּילן נאָכן עסן, אין מיטן עסן, פּילן פֿאַרן גיין שלאָפֿן, פּילן אין דער פרי, אויב איך שטיי אויף אַ לעבעדיקער!.. איך האָב געמוזט אָנשטעלן אַ בוכהאַלטער צו פירן בוכהאַלטעריע ווען און וויפל פּילן צו נעמען!

„איצט פֿאַרשטייט איר שוין פֿאַרוואָס מיין הויז איז פול מיט פּילן, מיט מעדיצינען? מענטשן האָבן מורא צו קומען צו מיר. אויך מיין לאַנדסמאַן חיים פייג קומט מער נישט צו מיר. מען האָט פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אז איך האָב יענע קרענק, אז מיינע טעג זיינען געציילטע. און דאָס אַלץ האָב איך צו פֿאַר־דאַנקען מיין לאַנדסמאַן, וואָס האָט מיר צוגערעדט צו גיין זען זיין זון דעם דאָקטער״...



## זי דאַרף אַ דאָקטער

אין מיטן נאַכט קלינגט דער טעלעפֿאָן ביים דאָקטער.

— העלאָ, דאָקטער! דאָס זייט איר? — פרעגט אַ פרויען־שטימע.

— יאָ, דאָס בין איך.

— דאָקטער, הערט זיך איין, מיינער איז מיר פֿאַרביי!

— וואָס איז אים?

— כ׳ווייס נישט. ער וואַרפט זיך ווי אין קדחת, האָט שטאַרקן פיבער. קומט אַריבער, דאָקטער!

— גיט מיר אייער אַדרעס, איך וועל קומען מאָרגן!

— דאָקטער, ס׳קאָן זיין צו שפּעט. איך בעט, קומט איצט!

— איצט קאָן איך נישט. איך וועל קומען מאָרגן גאַנץ פרי!

— וואָס טוט מען דאָקטער? ער וואַרפט זיך, וויינט, מאַכט קולות, וועקט אויף די שכנים!

— דעקט אים איין. האַלט אים וואַרעם. אויב איר האָט אַן עלעקטרישע קאָלדרע, דעקט אים איין און מיר וועלן זען מאָרגן.

— דאָקטער, כ׳האָב אים שוין איינגעדעקט מיט אַן עלעקטרישער קאָלדרי. אָבער עס העלפט נישט!

— גיט אים אַן אַספּראָ!

— איין אספּראָ וועט דען העלפן, ווען שטילן אזא שטאַרקן פיבער וואָס ער האָט?

— גיט אים צוויי אספּראָס, גיט אים מער. לאָזט מיך אָפּ, איך בין מיד כ׳וועל קומען מאָרגן פרי!

— דאָקטער, אפשר וועט איר איצט קומען?

— ניין! פאַר קיין פאַל נישט!

— איז וואָס טוט מען, דאָקטער?

— שוין געזאָגט אייך וואָס צו טאָן!

— און דאָס וואָס עס יאָגט אים. די גאַנצע הויז פאַרשמוצט!

— גיט אים נישט קיין מילך, קיין וואַסער. בלויז שוואַרצע טיי, קאַווע גיט אים!

— וואָס רעדט איר, דאָקטער? ווי קען איך אים געבן טיי אָדער קאַווע? ער וועט דאָס אין מויל נישט נעמען!

— איך בעט אייך, הערט אויף מיך מוטשען! כ׳וועל אים זען מאָרגן!

— און דאָס וואָס מיינער מוטשעט זיך, האָט אזוי פיל יסורים מיט ווייטיקן, אַרט אייך גאָרנישט, דאָקטער?

— איך קאָן איצט גאָרנישט טאָן, כ׳וועל קומען מאָרגן. דערווייל האַלט אים וואַרעם, טוט אים אָן וואַרעמע זאָקן.

— ער האָט נישט קיין זאָקן!

— טוט אים אָן וואַרעמע וועש, וואַרעמע פּידזשאַמעס.

— וואָס רעדט איר, דאָקטער? ער האָט קיינמאָל אין לעבן נישט געהאַט קיין וועש מיט פּידזשאַמעס!

— וואָס טוט ער אָן?

— אַ קאָלנער.

— אַ וואָס?

— אַ קאָלנער! אַ קאָלנער, דאָקטער!

— אַ קאָלנער מיט אַ קראַוואַט?

— ניין, אַ קאָלנער מיט אַ נומער!

— וואָס פּלוידערט איר? מיר דאַכט זיך, איר דאַרפט זען אַ דאָקטער, נישט אייער מאַן!

— דאָקטער, וואָס רעדט איר? וואָס פאַר אַ מאַן? ווער האָט אַ מאַן?

— המם, ווער איז קראַנק, אייער געליבטער ?
— וואָס פאַר אַ געליבטער ? איר האָט שוין נישט פון ווענען צו חוזק, אָקטער !
— זאָגט מיר קלאָר : ווער איז ביי אייך קראַנק — אַ מאַן, אַ פרוי ?
— געזונט זאָלט איר זיין, דאָקטער ! ניין, נישט קיין מאַן, נישט קיין פרוי. איך בעט אייך, קומט !
— איך פאַרשטיי אייך אַלץ נישט ? זאָגט מיר ווער איז קראַנק ?
— ווער ס'איז קראַנק, דאָקטער ? מיין הונט איז קראַנק !
— איך בין נישט אַ דאָקטער פאַר הינט.
— וואָס זאָגט איר ? איר זייט נישט קיין הינט־דאָקטער ? אַנטשולדיקט, כ'האָב אוודאי געמאַכט אַ טעות אין נומער.

דער דאָקטער האָט נישט געענטפערט. אָן אויפגערעגטער האָט ער אַ וואָרף געטאָן דעם טעלעפאָן־טרייבל.



## ער פילט זיך שוין בעסער...

יאָסל קאַפּעלוש, נישט פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט, האָט באַדאַרפט האָבן אַן אָפּעראַציע. אָבער ער האָט זיך שטאַרק געשראָקן און נישט געהאַט קיין חשק צו האָבן די אָפּעראַציע. זיינע באַקאַנטע וואָס זיינען געקומען אים מבקר חולה זיין, האָבן אים דערקלערט, אז ער האָט זיך נישט וואָס צו שרעקן פאַר דער אָפּעראַציע.

— ווי דו זעסט מיך, יאָסל — האָט זיך אָפּגערופן זיין פריינד, — נישט פאַר דיר געדאַכט האָב איך שוין געהאַט אַכט אָפּעראַציעס. אַכט מאָל שוין געלעגן אויפן אָפּעראַציע־טיש און, גאָט צו דאַנקען, איך בין אַלרייט !

— און איך, — האָט אַ צווייטער געזאָגט, — בין שוין זעקס מאָל געלעגן אונטערן כירורגישן מעסער און ווי דו זעסט, לעב איך ! איך האָב געהאַט צוויי שווערע אָפּעראַציעס. אפשר דריי פערטל פון מיין מאָגן האָבן די דאָקטוירים אוועקגעשניטן. ווען דאָס מעסער וואָלט זיך, חלילה, אַ גליטש געטאָן, וואָלט איך געבליבן אָן אַ מאָגן !

— ווען איר זאָלט זען מיין בויך, — האָט זיך דער פריערדיקער אָפּגערופן, — זעט עס אויס ווי אַ צואַקערטער פעלד. פיר אָפּעראַציעס האָב איך געהאַט

און ווען דער וועטער ענדערט זיך פיל איך, פונקט ווי דעמאָלט, ווען די דאָקטוירים האָבן מיר געשניטן. איך האָב געהאַט צרות מיט די נעט, זיי האָבן זיך כסדר געעפנט. די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אז מיינע בלוטן זיינען נישט קיין גוטע, דערפאַר היילט זיך נישט!

— הערט אויף אזוי צו ריידן! — האָט זיך אריינגעמישט אַ פרוי. — אַ מענטש ליגט קראַנק, דאַרף האָבן אַן אָפּעראַציע, דאַרף מען נישט אזוי ריידן מיט אייערע רייד שרעקט איר אים! יאָסל, הערט זיי נישט! פרעגט מיך, אין וועל אייך זאָגן וואָס עס איז אַן אָפּעראַציע. איר זאָלט וויסן זיין, אז אַן אָפּעראַציע איז גאָרנישט מיט גאָרנישט. ווען איך האָב געדאַרפט האָבן מיין ערשטע אָפּעראַציע אויף גאַל־שטיינער, האָב איך זיך אויך געשראָקן. מען האָט מיר געזאָגט, אז ווען די דאָקטוירים עפענען דעם בויך ווערן זיי גאַנצע באַלעבאַטים און טוען וואָס זיי ווילן. נו, האָבן זיך די דאָקטוירים גוט איינגעקוקט אין מיין בויך, איז זיי נישט געפעלן געוווען מיין לעבער מיט די מילץ. האָבן זיי געשניטן, גענייט, געטאָן וואָס מען האָט באַדאַרפט. אפשר צוועלף שעה האָבן זיי געאַרבעט. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט האָב איך געזען די דאָקטוירים פאַרשמוצטע, זייערע ווייסע מאַטלען מיט די הענט זיינען געווען מיט בלוט, און פון זיי האָט זיך געגאָסן דער שווייס ווי פון אַ קראַן וואסער. אָבער גאָר אַנדערש איז געווען ווען איך האָב געהאַט מיין צווייטע אָפּעראַציע. איך האָב זיך שוין ווייניקער געשראָקן. און אזוי אויך מיט די אַנדערע אָפּעראַציעס, וואָס איך האָב געהאַט. ווען איך זאָל דאַרפן היינט האָבן אַן אָפּעראַציע, וואָלט איך געגאַנגען ווי מען גייט צום טאַנץ!

דער פריערדיקער האָט זיך אָפּגערופן:

— איר הערט, ווייבער בלייבן ווייבער! אַ מאַן ליגט ערנסט קראַנק, שפּאַסט זי, רעדט וועגן טאַנצן. אונדזערע שונאים זאָלן האָבן אַזעלכע טענץ! מיר ליגט נאָך גוט אין טעם מיין לעצטע אָפּעראַציע. מען זעט נאָך אָן די שניט וואָס זיינען געשוואָלן ווי קישקעס פון אַ היימישן טשאָלנט!

— אַזאַ טשאָלנט, — רופט זיך אָפּ די פרוי, — זאָלן אַלע יידישע שונאים עסן און דערמיט זיך ווערגן. איר דאַרפט זיך שעמען אזוי צו ריידן. אַ מענטש איז קראַנק, דאַרף האָבן אַן אָפּעראַציע, און איר רעדט וועגן קישקעס מיט טשאָלנט. אַן אָפּעראַציע איז נישט קיין טשאָלנט. אָך און וויי איז צו דעם וואָס דאַרף זיך לייגן אויפן אָפּעראַציע־טיש. צו אַן אָפּעראַציע דאַרף מען האָבן מזל. וויפל פעלט דאָס, אז מען זאָל חלילה בלייבן אונטערן מעסער?! מיין שוואָגער איז דאָ אַנומלטן געגאַנגען האָבן אַ קליינע אָפּעראַציע. ער האָט נישט גוט געהערט אויפן רעכטן אויער. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אז עס איז אַ „קאָמאָן“

זאַך, ער מאַכט פיל אזעלכע אָפּעראַציעס יעדן טאָג. נו, האָט ער אים געמאַכט די אָפּעראַציע. דער דאָקטער האָט געהאַלטן, אז די אָפּעראַציע איז געווען אַ געלונגענע, נאָר מיין שוואָגער, אַ שוואַכער מענטש נעבעך, מיט אַ שוואַך האַרץ, האָט ער נישט אויסגעהאַלטן!

— הערט אויף אזוי צו ריידן! — האָט אַ צווייטער זיך אָפּגערופן. — איר זעט אַ מענטש איז קראַנק, ליגט און וואַרפט זיך אין קדחת, רעדט איר אַזעלכע רייד. מען דאַרף אזוי נישט ריידן. לאָמיר ריידן וועגן עפּעס אנדערש!

— גערעכט, גערעכט! — האָט די פרוי זיך אָפּגערופן. — איר האָט געהערט וועגן אונדזער לאַנדסמאַן בעריש? ער איז געגאַנגען אין גאַס, געווען געזונט און פריש, האָט אים אַן אויטאָ איבערגעפאָרן אויף טויט!

—שרעקלעך, שרעקלעך! — האָבן אַלע ווי אין אַ כאָר אויסגערופן.

דאָ האָט זיך יאָסל אויפגעזעצט און געזאָגט:

— איך בעט אייך, פריינד מיינע, גייט אייך געזונטערהייט, איך פיל שוין בעסער!



# נאָר נישט עסן...

ערגעץ אין אַ שטעטל, אַ דאַטשע־פּלאַץ, איז אין האָטעל געווען געפּאַקט מיט אָנגעפּאָרענע דאַטשניקעס. די מענטשן האָבן דאָרטן פּלוצלינג גענומען קרענקן. מען האָט גערעדט אז אין דער לופט זיינען דאָ גיפטיקע באַצילן, וואָס האָבן זיך פאַרלייגט אויף די דאַטשניקעס און זיי קראַנק געמאַכט. מען האָט ארויסגערופן דעם דאָרטיקן דאָקטער. אָבער נאָך איידער ער האָט עמעצן אונטערזוכט האָט ער געהאַט פאַר יעדן איין רפואה — נישט עסן...

— יונגערמאַן, — האָט ער געזאָגט צו איינעם, — איר זייט צו פעט. אויב איר ווילט זיין געזונט מוזט איר אומבאַדינגט אראָפּוואַרפן אַמווינציקסטן אַ 35 פונט. מיין עצה איז, איר זאָלט נישט עסן. איר זאָלט וויסן, אז עסן איז אַ מיאוסע טבע, אַ געוווינהייט וואָס איז שעדלעך פאַרן מענטשן. דאָס עסן קען אייך פירן פאַר דער צייט אין קבר אריין. זייט וויסן אז די גרעסטע צאָל מענטשן שטאַרבן דערפון, ווייל זיי עסן זיך איבער. איר זאָלט וויסן אז אַ מאָגן איז נישט קיין פּאַרעשוועס, קיין שטיק אייזן. אַ מאָגן איז די איידלסטע זאַך וואָס דער מענטשלעכער קערפּער האָט, און מער ווי איין מאָגן האָט נישט דער מענטש. דעריבער מוז

מען דעם מאָגן אויפפּאַסן און היטן, אים ריין האַלטן פון יעדן איבעריקן ביסן. וואָס ווייניקער דער מענטש עסט, אַלץ געזינטער איז ער, אַלץ לענגער לעבט ער!

אַזוי האָט דער דאָקטער גערעדט צו זיינע פּאַציענטן. אַ ביסל שפּעטער קומט צום דאָקטער אַ פרוי. ביי דער ערשטער באַגעגעניש רופט ער זיך אָפּ צו איר אין אַ בייזן טאָן:

— אָט איז שוין ווידער געקומען איבעריקע פלייש און פעטס. געוואַלד, ווי טוט מען זיך אַן עצה מיט די מענטשן. וויפל מען רעדט צו זיי, וויפל מען וואָרנט זיי, העלפט נישט. מען הערט נישט! זאָגט מיר, וואָס טראָגט איר זיך אַרום מיט אַזאַ גראָבן בויך, איר שוואַנגערט?

— וואָס רעדט איר, דאָקטער! אין מיינע יאָרן, ווי קום איך צו שוואַנגערן? איר חוזקט פון מיר!

— איך חוזק פון קיינעם נישט, איך פיל אויס מיין דאָקטערשע שליחות. אויב איר שוואַנגערט נישט, ליבע פרוי, איז אייער „קעיס" נאָך ערגער. אויב אַזוי זייט איר טאַקע גוט קראַנק. עס איז אַ גרויס רחמנות אויף אייך, איר זייט אין גרויס געפאַר. די איינציקע הילף פאַר אייך איז, איר זאָלט אויפהערן עסן, גאָרנישט עסן. איר מוזט אַראָפּהאַקן דעם בויך. אַז איר וועט דינער ווערן, וועט איר ווערן געזונט. די איינציקע רפואה פאַר אייך איז — נישט עסן!

— דאָקטער, — רופט זיך אָפּ די פרוי, — ווי אַזוי לעבט מען אָן עסן?

— זייער גוט. פּרובירט, איר וועט זען!

די פרוי איז פון דאָקטער אַוועק אַן אומצופרידענע, אָבער צוגעזאָגט נישט צו עסן.

שפּעטער איז געקומען צום דאָקטער אַן עלטערער מאַן.

— ווידער איבעריקע פלייש! — האָט דער דאָקטער הויך געשריען. — אַן אומגליק מיט די מענטשן, מען קומט דאָ עסן און מען הרגעט זיך אַוועק. מיט די אייגענע הענט גראָבט מען זיך קברים. אויב איר ווילט זיין געזונט, איז מיין עצה, איר זאָלט נישט עסן. טרינקט 12 גלעזער וואַסער יעדן טאָג. וואַסער איז געזונט. אָבער נישט עסן. איר מוזט פאַרלירן דאָס איבעריקע פלייש, איר דאַרפט דאָס אויף כפּרות. אויב איר וועט עסן, וועט איר לאַנג נישט אָנהאַלטן. מיינער אַ פּאַציענט האָט מיך נישט געהערט, איז ער שוין ערגעץ אַנדערש. איך ראַט אייך טרינקען וואַסער, אָבער נישט עסן. וואַסער וואַשט דעם מאָגן, די געדערים, דעם גאַנצן אינערלעכן סיסטעם און טרייבט אַרויס אַלע סמען מיט די גיפטיקע באַצילן, וואָס זיי פרעסן אויף לעבעדיקערהייט דעם מענטש. נאָר איר אַליין קאָנט זיך העלפן, זיך ראַטעווען פון אַלע קראַנקייטן, אפילו פון טויט. די איינ־ציקע רפואה איז — נישט עסן!

אַ דערשלאָגענער איז דער מאַן אַוועק פון דאָקטער.

קורץ נאָכדעם איז געקומען צום דאָקטער אַ יונג ווייבל מיט אַ קינד.

— דאָקטער, — האָט זי זיך באַקלאָגט, — איך מיט מיין קינד זיינען קראַנק, מיר האַלטן אין איין ברעכן. וואָס מיר עסן ברעכן מיר אויס!

— איר זייט משוגע אויפן גאַנצן קאָפּ! — שרייט דער דאָקטער. — מענטשן האָבן נאָר איין אַרבעט — עסן! ווען איר עסט נישט, וואָלט איר נישט געבראָכן און איר וואָלט נישט קראַנק זיין. עסן איז פאַרן מענטשן סם. קוקט נישט דע־רויף וועט איר נישט ברעכן און נישט קרענקן. אז מען קומט אויף דאַטשע דאַרף מען אויסנוצן די פרישע לופט, דעם ים, באַוואונדערן דעם שיינעם הימל, די פרעכטיקע פּאַנאָראַמעס. אין האָטעל דאַרף מען קומען שלאָפן, אָבער נישט עסן. מען גייט פאַר לאַנגע שפּאַצירן, מען פאַרנעמט זיך מיט ספּאָרט, מיט שווי־מען אין ים, מען טוט גימנאַסטיק אויף דער פּלאַזשע, מען רוט. אָבער פון עסן זאָלט איר נישט טראַכטן. אויב איר ווילט זיין געזונט, איז גייט נישט אריין אין עס־צימער פון האָטעל. מיידט אים אויס און איר מיט אייער קינד וועלן זיין געזונט, איר וועט פילן בעסער, שטאַרקער, געזינטער. פאָלגט מיך, איר וועט מיר זיין דאַנקבאַר! — — —

אזוי אומגעפער האָט דער דאָקטער אין דעם דאַטשע־שטעטל גערעדט צו יעדן פון די פּאַציענטן וואָס זיינען צו אים געקומען.

שפּעטער איז מען געוואָר געוואָרן, אז דער דאָקטער איז געווען דער אייגנ־טימער פון האָטעל...



## דער זייגער וואָס האָט געוויזן אַ פערטל צו דריי...

מר. צווילקין האָט זיך באַקלאָגט, אז יעדע נאַכט, פּונקט אַ פערטל צו דריי, כאַפּט ער זיך אויף און קען מער שוין נישט איינשלאָפן. שוין אַ לענגערע צייט אז דאָס האַלט אזוי אָן. איז מר. צווילקין אַוועק צו אַ דאָקטער און אים דער־ציילט, אז יעדע נאַכט, פּונקט אַ פערטל צו דריי, כאַפּט ער זיך אויף און קאָן מער נישט איינשלאָפן.

דער דאָקטער האָט מר. צווילקינען באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און גאָר־נישט געפונען קיין שלעכטס. ער האָט אים פאַרשריבן פילן צו נעמען יעדן אָוונט פאַרן גיין שלאָפן. ער האָט גענומען אַ פיל פאַרן גיין שלאָפן, אָבער עס

האָט נישט געהאָלפן. ווי פריער, פונקט אַ פערטל צו דריי, האָט ער זיך אויפ־געכאַפּט און נישט געקאָנט מער איינשלאָפן.

איז ער ווידער אוועק צום דאָקטער, דערציילט אים אז די פילן העלפן אים נישט. עס איז דאָס זעלבע ווי פריער: פונקט אַ פערטל צו דריי כאַפּט ער זיך אויף.

דער דאָקטער האָט אים געראַטן צו נעמען צוויי פילן פאַרן גיין שלאָפן. האָט מר. צווילקין געהערט דעם דאָקטער און גענומען צוויי פילן פאַרן גיין שלאָפן. אָבער אויך די צוויי פילן האָבן נישט געהאָלפן. אַ פערטל צו דריי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און מער שוין נישט געקאָנט שלאָפן.

איז מר. צווילקין ווידער געקומען צום דאָקטער און אים דערציילט, אז די פילן העלפן נישט. פונקט ווי פריער, אַ פערטל צו דריי, כאַפּט ער זיך אויף און קאָן נישט איינשלאָפן. דער דאָקטער האָט אַ ביסל נאָכגעטראַכט און פאַרשריבן אַנדערע פילן, שטאַרקערע, וואָס וועלן העלפן דורכצושלאָפן די נאַכט.

אָבער אויך די נייע פילן, פונקט ווי די פריערדיקע, האָבן גאָרנישט גע־האָלפן. אין מיטן נאַכט, א פערטל צו דריי, האָט מר. צווילקין זיך אויפגעכאַפּט און נישט געקאָנט מער איינשלאָפן.

האָט דער דאָקטער אים געראַטן צו נעמען צוויי פילן.

ביינאַכט פאַרן גיין שלאָפן האָט מר׳ צווילקין גענומען צוויי פילן און גע־האָפט, אז זיי וועלן העלפן דורכצושלאָפן די נאַכט. אָבער ווידער דאָס זעלבע: פונקט אַ פערטל צו דריי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט.

איז ער ווידער אוועק צום דאָקטער און זיך באַקלאָגט פאַר אים. דער דאָק־טער האָט געצויגן מיט די אַקסלען, ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס קומט פאַר מיט זיין פּאַציענט. נאָך אַ ביסל טראַכטן האָט ער זיך אָפּגערופן צו מר. צווילקין, אים געזאָגט צו נעמען דריי פילן. אָבער אויך קיין דריי פילן האָבן נישט גע־האָלפן. מר. צווילקין איז געוואָרן שטאַרק צוטראָגן, ער איז ארומגעגאַנגען אַ בייזער, אַ נערוועזישער און פאַרזאָרגטער, פאַרוואָס ער כאַפּט זיך אויף אַלעמאָל פונקט אַ פערטל צו דריי.

איין טאָג האָט ער באַשלאָסן צו נעמען מערער פון די פילן, אפילו דעם גאַנצן שאַכטל, אבי ער זאָל קענען אדורכשלאָפן די נאַכט. קיינער האָט דערפון נישט געוווּסט. ער האָט גענומען אַ גרעסערע פּאָרציע פילן — און עס האָט געווירקט: ער איז גוט געשלאָפן. איינגעשלאָפן דעם אייביקן שלאָף...

ווען דער דאָקטער איז געקומען און באַטראַכט מר. צווילקין, האָט ער ארויסגעזאָגט די דיאַגנאָזע, אז דער פּאַציענט איז טויט...

צווילקינס שוואָגער איז געשטאַנען ביים בעט, געהערט די טרויעריקע רייד

פון דאָקטער, געקוקט אויף זיין טויטן שוואָגער און אויף זיין זייגערל, וואָס ער האָט ערשט אַראָפּגענומען פון זיין האַנט. ער האָט עס באַטראַכט און באַמערקט ווי דאָס זייגערל האָט געוויזן די צייט — אַ פערטל צו דריי.

ווי אַ פאַכמאַן האָט ער גענומען אָנציען דאָס זייגערל, אָנשטעלן די ריכטי־קע צייט און באַמערקט ווי דער קליינער ווייזערל שטערט דעם גרעסערן ווייזער צו באַוועגן זיך, פאַרהאַלט זיך ביי אַ פערטל צו דריי. דער ווייזער איז גע־ווען אַ ביסל אויסגעבויגן — און דאָס זאָל האָבן געווען די סיבה פאַרוואָס זיין שוואָגער איז געגאַנגען פאַר דער צייט פון דער וועלט...



## די אַמאָליקע נאַטירלעכקייט

אַמאָל איז אַלץ געווען נאַטירלעך: די מענטשן, דאָס לעבן, דאָס געבוירן ווערן, דאָס שטאַרבן. עס זיינען געווען נאַטירלעך די פעלדער, די גרינסן, די פרוכטן, די הינער, די אייער. אַלץ איז געווען נאַטירלעך און באַטעמט. נישט ווי היינט, וואָס אַלץ איז קינסטלעך און גאָרנישט נאַטירלעך.

היינט איז נישט נאַטירלעך דאָס ברויט, די פלייש, מילך, קוגל, צימעס. אפילו פרויען זיינען היינט אויך נישט קיין נאַטירלעכע. נישט זייערע פנימער, נישט זייער אויסזען, זייערע אויגן, זייערע האָר — גאָרנישט איז נאַטירלעך.

נישטאָ היינט קיין נאַטירלעכע שיינהייט, קיין נאַטירלעכע כאַראַקטערן, נאַ־טירלעכע גוטסקייט, נאַטירלעכע פריינדשאַפט. אַלץ איז געקינסטלט.

אַמאָל האָבן פרויען זיך נישט געשמירט, נישט געפאַרבט זיך און נישט גע־מאָלן, נישט געצופּט די ברעמען, נישט געשמינקעוועט. מען איז געווען נאַ־טירלעך.

פאַרהייראַטע מענטשן האָבן געלעבט אַ נאַטירלעכן לעבן. אז מען האָט חתונה געהאַט איז דאָס געווען אויף אַן אמת. מען איז נישט אַנטלאָפן, נישט גע־גט זיך און מען האָט נישט געפירט קיין לינקע ליבעס. מען איז נישט גע־שפּרונגען פון הויכע שטאָקן, מען האָט זיך נישט געשטאָכן, נישט געשאָסן, און אז מען איז געשטאָרבן, איז עס געווען אַ נאַטירלעכער טויט, אָן דער הילף פון דאָקטוירים.

פאַרהייראַטע מענטשן האָבן געהאַט קינדער נאַטירלעך. היינט דאַרף מען נישט זיין פאַרהייראַט צו האָבן קינדער. אַמאָל האָט מען געהאַט קינדער רע־

גולער, יעדן יאָר אַ קינד, ס׳איז געווען נאַטירלעך. מען איז נישט געגאַנגען צו קיין דאָקטוירים, ספּעציאַליסטן און גאַנאַקאָלידזשעס. מען האָט נישט געדאַרפט האָבן איינשפּריצונגען, פּילן, פּראָשקעס און אנדערע מיטלען. מען האָט זיך נישט געוויגן און געמאָסטן ווי גרויס און שווער מען איז. מען האָט נישט געדאַרפט קיין „בוירסינג־האָומס״, קיין קראַנקן־שוועסטערס און באַדינערס. ווען מען איז געווען אויף דער צייט האָט מען זיך געלייגט אין בעט אריין און מען האָט גע־רופן אַ היימישע יידענע, אַ שכנה, אָדער ווי מען פלעגט זי רופן, באבע, און איינס און צוויי האָט זי אָפּגענומען דאָס ניי־געבוירענע נפשל. זי האָט עס אַ פּעטשל געטאָן אין הינטן, דאָס פּיצל האָט ארויסגעלאָזט אַ קוויטש פאַרטויבט צו ווערן. באלד האָט מען זיך געווונטשן מזל־טוב און עס געווען פריילעך. דאָס איז געווען נאַטירלעך.

די קינדער אַמאָל האָבן זיך געהאָדעוועט נאַטירלעך. מען האָט נישט באַ־דאַרפט קיין דאָקטוירים, קיין ספּעציאַליסטן. מען האָט זיי נישט געוויגן און געמאָסטן, נישט געגעבן זיי קיין ספּעציעלע שפּייז מיט וויטאַמינען. מען האָט זיי געהאָדעוועט מיט דער מאַמעס מילך און זיי זיינען געווען געזינטער פון די היינטיקע קינדער.

מען איז נישט געווען אויף דיעטעס, מען האָט געגעסן אַלץ: ברויט, קאַר־טאָפל, קרויט, קליסקעלעך, טשאָלנט. מען איז געווען צופרידן אז ס׳איז געווען וואָס צו עסן. און מען איז אויך געווען צופרידן ווען מען האָט צוגענומען גע־וויכט, נישט ווי היינט, וואָס מען פריידט זיך גאָר ווען מען פאַרלירט געוויכט. מענטשן וואָס זיינען געווען גראָב האָט מען געזאָגט, אז זיי זיינען קראַנקע, שווינד־זיכטיקע, מען האָט זיך דערווייטערט פון זיי. היינט איז פאַרקערט: מען דער־ווייטערט זיך פון פעטע מענטשן. דאָס איינציקע וואָס מען גלייכט היינט איז אַ פעטן בייטל, אַ פעטע ירושה, נאָר נישט קיין פעטע מענטשן.

דאָקטוירים היינט האַלטן אַן אויג אויף פעטע מענטשן. זיי טוען אלץ צו מאַכן זיי מאָגער. נאָכן באַהאַנדלען זיי אַ לענגערע צייט, בלייבט מען טאַקע מאָגער און אָן פעטע בייטלען...

אַמאָל אז מען האָט געהאַט קאָפּ־ווייטיק איז דאָס געווען נאַטירלעך. עס איז געקומען אליין און עס איז אליין אוועק. היינט אז מען האָט קאָפּ־ווייטיק גייט מען צו דאָקטוירים, ספּעציאַליסטן, וואָס נעמען זוכן און נישטערן די סיבה פון־נעם קאָפּ־ווייטיק. זיי מאַכן אַנאַליזן, צאַפּן בלוט, מאַכן עקס־רעיס און אַנדערע עקספּערימענטן. דער רעזולטאַט פון דעם אַלץ איז, מען ווערט אויף אַן אמת קראַנק.

ווען מען ווערט קראַנק איז דאָס גאָר נישט געזונט. אפילו דאָס קראַנק זיין

היינט איז נישט נאַטירלעך, און דאָס באַהאַנדלען דעם קראַנקן איז אויך נישט נאַ־טירלעך. אפילו דאָס שטאַרבן איז נישט נאַטירלעך. היינט לאָזט מען נישט נאַ־טירלעך שטאַרבן. מיט פאַרשיידענע מיטלען און מעטאָדן האַלט מען אויף דעם קראַנקן ער זאָל נישט שטאַרבן גיך, ווייל מען וויל די אברים פונעם גוסס פאַר אַנדערע קראַנקע מענטשן, אַזעלכע וואָס נייטיקן זיך אין אויגן, אויערן, נירן, הערצער און אַנדערע טיילן פון גוף. נאָכדעם ווי מען האָט אַנדערע קראַנקע באַ־זאָרגט מיט די נייטיקע אברים, לאָזט מען דעם קראַנקן רואיק שטאַרבן אומנאַ־טירלעך, מיט אַן אומנאַטירלעכן טויט.

אָ, ווו נעמט מען די אַמאָליקע נאַטירלעכקייט, ווען מען האָט געקאָנט נאַ־טירלעך לעבן און נאַטירלעך שטאַרבן...



## אַ וויסנשאַפטלעכע לעקציע...

אויף אַ פּלאַטפאָרמע האָט זיך אוועקגעשטעלט אַ רעדנער און גענומען ריידן פאַרן עולם:

„חשובע צוהערערס, היינט וועלן מיר שמועסן וועגן עסן. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז דאָס עסן נאָך פון קדמונים שטאַרק פּאָפּולער ביי דער מענטשהייט. מען זאָגט אז דאָס עסן איז אריין אין מאָדע נאָך מיט הונדערטער און טויזנטער יאָרן צוריק, און מענטשן האַלטן אָן די מאָדע פון עסן, פון זייער פריסטן געבוירן־טאָג ביז זייער אוועקגיין פון דער וועלט.

„מיר זעען מענטשן, האָט דער רעדנער דערקלערט, וואָס ביי זיי איז דאָס עסן אַ געוווינהייט, און מיר זעען מענטשן וואָס קענען נעבעך אָן עסן ניט אויסקומען. לויט לעצטע און גרינטלעכע אויספאָרשונגען איז צו זען, אז עס זיינען פאַראַן מענטשן גרויסע עסערס, און עס זיינען פאַראַן מיטלמעסיקע עסערס. עס זיינען פאראן זולל וסובא׳ס און פרעסערס. עס זיינען פאַראַן מערער פרעסערס ווי עסערס. מיר וועלן אָבער דאָ וועגן זיי ניט ריידן. מיר וועלן זיך האַלטן אין די ראַמען און נאָר שמועסן וועגן עסערס און עסן.

„כידוע זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס ווי דער שטייגער איז, עסן זיי. און עס זיינען פאַראַן מענטשן וואָס עסן זיך, און עס זיינען אויך פאַראַן מענטשן וואָס עסן אַנדערע. למשל, ווען איינער מאַכט נישט קיין לעבן, די געשעפטן גייען שלעכט, האָט נישט קיין פּרנסה און האָט נישט וואָס צו עסן — עסט ער זיך.

לויט סטאַטיסטישע ציפערן איז צו זען, אז די אַרמיי פון אַזעלכע עסערס איז גאָרנישט קליין, מען קען זיי אָנציילן אין די טויזנטער, אין די מיליאָנען!

„מיר זיינען אָבער נישט גרייט צו געבן דאָ גענויע ציפערן וועגן די עסערס, דאָס איז נישט קיין לייכטער ענין און דאָס וועט אייך זיין שווער צו צעקייען! דאָס וואָס מיר האָבן אזוי פיל רעסטאָראַנען, האָטעלן, קאַפעען, סטייק־האַוזעס און אַנדערע עס־הייזער, האָט נאָך אַלץ נישט געלייזט די עס־פּראָגע.

„חשובע צוהערערס, לויט אַ ריי פאָרשונגען האָבן פיל געלערנטע און וויסנ־שאַפטלער זיך ארייגעוואָרפן מיט גרויס הונגער און מיט אַ געוואַלטיקן אַפּע־טיט אין אָט דער ברענענדיקער פּראַגע וועגן עסן. אַ גרויסע צאָל געלערנטע האָבן געפּטרט פיל צייט ארום דעם ענין, אָבער האָבן דערפון נישט געהאַט צום עסן!..

„ווי מיר זעען איז דאָס עסן שטאַרק אָנגענומען געוואָרן פון דער מענטש־הייט און איז גיך געוואָרן פּאָפּולער און אַ גאַנץ געשמאַקער ביסן ביי פיל. נישטאָ היינט קיין מענטש ביי וועמען די עס־פּראַגע איז ניט אַ הייסע און זאָל ביי אים נישט ליגן אין מויל. ס׳איז גאָרנישט קיין וואונדער וואָס א סך ווילן איינער ביים אנדערן ארויסרייסן דעם ביסן פון מויל. דאָס עסן איז אויך נישט לייכט. ווי געזאָגט איז דאָס א מלאכה, א מויל־אַרבעט...

„פאַראַן מענטשן וואָס עסן מיטן מויל. די גרעסטע טייל פון דער מענטש־הייט אָבער עסט גאָר מיט די הענט. און נאָך מערער עסן — מיט די אויגן. לויט מעדיצינישע דיאַגנאָזן ווייזט זיך ארויס, אז מענטשן אויף דיעטע עסן זיך צוליב דעם, וואָס זיי איז נישט דערלויבט צו עסן. און מענטשן וואָס מעגן עסן, עסן זיך דערפאַר, ווייל זיי האָבן ניט וואָס צו עסן. און פאַרהייראַטע מענטשן עסן זיך אייבע די אַנדערע.

אין האָטעלן, רעסטאָראַנען, ווו מענטשן עסן אַ סך, ווירקט דאָס שלעכט אויף די באַלעבאַטים פון די האָטעלן און פון די רעסטאָראַנען. זיי עסן זיך דערפון וואָס די געסט עסן. פאַראַן מענטשן וואָס עסן, און פאַראַן מענטשן וואָס שלינגען. פאַרשטענדלעך אז דאָס שלינגען קומט אָן שווער, אָבער מען שלינגט דאָס אַראָפּ און מען שווייגט. מען שלינגט אַראָפּ עוולות. קלוגע מענטשן זאָגן: איידער זיך אָפּעסן, בעסער אראָפּשלינגען. ווייל איז צו די מענטשן, וואָס קענען אַראָפּשלינגען. פאַראַן מענטשן וואָס שלינגען אַראָפּ ניט נאָר עוולות, נאָר אויך ווערטפולע זאַכן, ווי גאָלד מיט זילבער, און עס שאַדט זיי נישט!...״

* * *

ווער ווייסט ווי לאַנג דער רעדנער וואָלט נאָך אזוי געצויגן זיין לעקציע וועגן עסן, ווען ניט דאָס וואָס דער עולם האָט גענומען זיך הייבן פון די בענק־

לעך און זיינען ארויס פון זאַל. אנדערע האָבן געהויבן פויסטן קעגן רעדנער, געוואָרפן פאַרפוילטע טאָמאַטן און עס האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסער טומל. דער רעדנער האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן און האָט אויסגעשריען: „אויב איר קענט דאָס נישט פאַרדייען, איז ווערגט זיך — דאַטס־אָל!“ און ער איז אַנט־לאָפן דורך אַ הינטער־טיר...



## געהאָלפן געוואָרן...

זאָל דער ליבער לייענער וויסן, אז נישט אַלעמאָל זיינען ווירקזאַם און העלפן די מעדיצינישע אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען וואָס מ׳טרעפט געדרוקט אין צייטונגען און זשורנאַלן. טאַקע איך גופא האָב אַ שוואַכקייט זיי צו לייענען. אָפּט נאָכן דורכלייענען מאַנכע פון די מעדיצינישע אָפּהאַנדלונגען, פון וועלכע מען קאָן קיין טאָלק נישט דערגיין, איז די בעסטע עצה צו גיין זען אַ דאָקטער.

ס׳איז נישט קלאָר און פאַרשטענדלעך צוליב וועלכע סיבות דאָקטוירים דרוקן זייערע מעדיצינישע שמועסן און אָפּהאַנדלונגען, אז גאָר אין זעלטענע פאַלן ברענגען זיי נוצן. מערסטנס זיינען דאָס פּראָפּאָגאַנדע־עצות צו גיין זיך באַראַטן מיט אַ דאָקטער...

נישט געקוקט דערויף לייען איך דאָך די מעדיצינישע אַרטיקלען פון וועל־כע איך שמייכל אָפּט, פונקט ווי איך וואָלט געלייענט אַ גוטע הומאָרעסקע... אָבער אַנדערע מאָל, נאָכן דורכלייענען די מעדיצינישע אַרטיקלען, פאַל איך אריין אין אַ מרה־שחורה, הויב אָן טראַכטן וועגן אָן אַ שיעור חולאתן און סכנות וואָס לויערן אויפן זינדיקן מענטשן מיט די גיפטיקע באַצילן און קראַנקייטן, וואָס פאַרפאָלגן דעם אָרעמען מענטש, כדי אים אריינצוקריגן אין זייערע פינצ־טערע נעצן.

אָפּט פון לייענען די דאָקטערשע אַרטיקלען קאָן מען אויף אַן אמת קראַנק ווערן, ווייל זיי זיינען געמאָלן מיט דראָאונגען און שרעקלעכע אָנזאָגן. נאָכן דורכלייענען זיי דאַכט זיך: אָט, אָט לייגט מען זיך אין בעט און מען שטאַרבט...

פיל פון די מעדיצינישע אַרטיקלען זיינען אַ גרויסער מיש־מאַש, אַ פאַר־קאָכטע קאַשע וואָס איז שווער צו פאַרדייען. מען קריגט פון זיי קאָפּ־ווייטיק, די אויגן שווינדלען, און אז מען גייט נישט ארונטער פון זיבן לייענענדיק זיי, איז מען אַ העלד.

פיל מענטשן פאַלן אריין אין אַ שרעקלעכער שטימונג און מעלאַנכאָלי פון די אַרטיקלען מיט זייערע אַנאַליזן און אָנווייזונגען. אויב איר טרעפט מענטשן וואָס איז געזונט, איז אַ סימן אז ער האָט נישט צו טאָן מיט די דאָקטערשע אָפּהאַנדלונגען אין די צייטונגען און בכלל מיט קיין דאָקטוירים.

נישט לאַנג צוריק האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ דאָקטערישן אַרטיקל וועגן שלאָפלאָזיקייט. פאַרשטייט זיך, אז איך האָב זיך צו דעם אַרטיקל צוגעכאַפּט ווי צו אַ געשמאַקן מאכל. געטאָן האָב איך דאָס ווייל, לא עליכם, איך בין אַ שלעכטער שלאָפער, איך שלאָף נישט. איך האָב שוין אויספּרובירט פאַרשיידענע רפואות און סגולות צו קאָנען רואיק איינשלאָפן, אָבער זעלטן האָבן זיי געהאָלפן. איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס איך האָב מיט אַזאַ אינטערעס און פיבער זיך צו געכאַפּט צום אַרטיקל, אין וועלכן עס האָט זיך גערעדט וועגן „שלאָפלאָזיקייט״. דער דאָקטער־שרייבער האָט דאָרטן, אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל אָנגעוויזן, אז עס זיינען פאַראַן צוויי הויפּט־סיבות פון שלאָפלאָזיקייט — פיזישע און גייסטיקע — און האָט ארומגערעדט די סיבות פון דער מחלה שלאָפלאָזיקייט, אירע סימפּטאָמען אא״וו.

איך מוז זיך מודה זיין, אז דאָס מאָל האָב איך גרויס הנאה געהאַט ביים לייענען דעם דערמאָנטן מעדיצינישן אַרטיקל. איך האָב געפילט אז דער דאָקטער פירט דורך אַ וויכטיקע שליחות מיט זיין באַהאַנדלונג. ער האָט מיר פיל געהאָלפן, ווייל אין מיטן לייענען וועגן די סיבות פון שלאָפלאָזיקייט, בין איך טאַקע ווי אַ קלאָץ איינגעשלאָפן געוואָרן.



## ער זוכט אַ לייטישן פלאַץ...

נישט לאַנג צוריק האָב איך אונטערגעהערט אַזאַ דיאַלאָג:

— ווו לויפט איר אזוי פרי, מר. קלינגער?

— איך אייל זיך צום בית־עולם.

— צו אַ לוויה? ווער איז געשטאָרבן?

— נישט קיין לוויה. קיינער איז נישט געשטאָרבן!

— אויף קבר־אָבות? אַ יאָרצייט?

— ניין.

— פאַרוואָס־זשע איילט איר זיך צום בית־עולם?

— איך גיי דאָס פאַר זיך.

— איר האָט נאָך צייט צו גיין דאָרטן, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר!

— איך קאָן אזוי לאַנג נישט וואַרטן, איך גיי איצט.

— וואָס רעדט איר? מיר געפעלט נישט אייערע רייד. איך וואָלט אייך ראַטן צו גיין זען אַ דאָקטער!

— איך דאַרף נישט קיין דאָקטער! האַלט מיך נישט אָפּ, לאָזט מיך גיין!

— נאָך וואָס דאַרפט איר גיין אויפן בית־עולם?

— וועגן ביזנעס.

— אויפן בית־עולם ביזנעס?

— יאָ, אויפן בית־עולם ביזנעס. איך וויל דאָרטן זיך ארומקוקן, כ׳וויל קויפן אַ קרקע, אַ פּלאַץ פאַר זיך!

— אַ וואָס?

— אַ פּלאַץ, אַן אָרט פאַר זיך!

— מר. קלינגער, איר רעדט נישט קיין קלאָרע דיבורים. פאָלגט מיך און גייט זען אַ דאָקטער!

— איך דאַרף נישט קיין דאָקטער, אַ פּלאַץ דאַרף איך.

— איר רעדט קינדערשע רייד. איר לעבט און דאַרפט נישט קיין פּלאַץ.

— האַלט מיך נישט אָפּ. פאַר דער צייט וואָס כ׳רייד מיט אייך פאַרליר איך געלט. איר ווייסט נישט אז מיר האָבן אַ יקרות, אַ אינפלאַציע און אַלץ שטייגט, בפרט גרונט?!

— וואָס פאַר אַ גרונט?

— אַן אָרט אויפן בית־עולם. כ׳וויל גיין זיך ארומקוקן, אָפּקלייבן פאַר זיך אַ שיינעם פּלאַץ, אין אַ גוטער „נייבאָרהוד״, מיט לייטישע שכנים. איך וויל נישט ליגן צווישן שנאָרערס און אויך נישט צווישן נגידים —ביידע טויגן נישט. איך וויל אַן אָרט צווישן עמך, מיטלקלאַס, מיט מענטשן מיט וועמען מען זאָל קענען אויסריידן אַ וואָרט. איך וויל אויך אַ פּלאַץ אין אַ זוניקער געגנט, נישט צופיל אין שאָטן, ווייל איך לייד פון רעוומאַטיזם. און דער פּלאַץ דאַרף נישט זיין נאָענט צו דער גאַס, איך פאַרטראָג נישט דעם טומל פון פאַרקער!

— מר. קלינגער, טוט מיר אַ טובה און גייט זען אַ דאָקטער!

— אז איך זאָל אייך פאָלגן און גיין זען אַ דאָקטער, וועל איך באַלד דאַרפן אַן אָרט אויפן בית־עולם. איך וועל אפילו נישט האָבן קיין מעגלעכקייט אויסצוקלייבן וואָס פאַר אַ פּלאַץ איך וויל.

— און פאַר אייער פרוי וועט איר אויך קויפן אַן אָרט?

— ניין. געַנוג איך האָב איר ביים לעבן. ווען איך וועל שטאַרבן וויל אין האָבן שטילקייט, רו.

— מר. קלינגער, איר דאַרפט זיך נישט באַקלאָגן אויף אייער פרוי, זי איז אַ שטילע, אַ גוטע. איר זאָלט זיך מיט איר עלטערן ביז הונדערט און צוואַנ־ציק יאָר!

— פאַרוואָס שילט איר מיך?

— איך שילט אייך? איך זע שוין אז איר זייט אויף אַן אמת קראַנק. פאָלגט מיך און גייט אַהיים און רופט אַ דאָקטער!

— אז איך וועל אייך פאָלגן, וועל איך האָבן אזא פּנים ווי מיין שכן, וואָס איז פאָריקן חודש געשטאָרבן. מען האָט אים אריינגעשטופּט אין אַ קבר, אַ פינצטערער גרוב, פייכט, קאַלט און אַן אַ ברעקל זון. מען קאָן דאָך דאָרטן אויס־גיין ווי אַ מת... זיינע קינדער האָבן געוואָלט האַנדלען אַ מציאה, האָבן זיי גע־קויפט דעם אָרט... איך וועל נישט וואַרטן מען זאָל פאַר מיר קויפן. איך וועל זיך אליין קויפן אַ לייטישן פּלאַץ. ווען איך וועל שטאַרבן וויל איך נישט מען זאָל אויף מיר זאָגן, אז איך בין געווען אַ מייזער, אַ קאַרגער. זאָלן מענטשן זען ווו איך ליג, און איך אליין וועל הנאה האָבן פון לייטישן פּלאַץ. איך האָב קיינמאָל נישט געזוכט קיין מציאות, נישט געקויפט קיין ביליגע זאַכן. איך האַלט, אז מען באַצאָלט גוט האָט מען גוטע סחורה!

— מר. קלינגער, איר האָט נאָך צייט וועגן דעם צו טראַכטן. איר זייט נישט אזוי אַלט!

— כ׳ווייס. אָבער אזוי ווי מיר האָבן אַ יקרות מיט אַ אינפלאַציע און אַלץ גייט ארויף אין פּרייז, וויל איך דערפאַר איצט קויפן אַן אָרט. שפּעטער וועט קאָסטן טייערער. וואָס לענגער איך וועל לעבן, אַלץ טייערער וועט זיין דער פּלאַץ. מיין פאָטער, עליו השלום, האָט מיך געלערנט: גרונט, — האָט ער גע־זאָגט, — זאָלסט אַלעמאָל קויפן גרונט. גרונט איז בעסער פון הייזער און גאָלד. גרונט קען מען נישט אַוועקגנבענען. גרונט פאַלט נישט איין ווי אַ הויז. גרונט דאַרף מען נישט פאַרריכטן און מאַלעווען. עס ליגט — און דיינס וואַקסט! אַ קלוגער ייד געווען מיין פאָטער, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן. נאָר איין זאַך פאַרשטיי איך נישט. ער האָט געקויפט פעלדער, פּאַרמס, אַקערס גרונט, נאָר אַ שטיקל אָרט פאַר זיך האָט ער פאַרגעסן צו קויפן.

— מיסטער קלינגער, איר מעגט זיך טאַקע אָראָפּנעמען אַ מוסטער פון אייער קלוגן טאַטן, טוט אויך אזוי ווי ער האָט געטאָן!

— ניין, אַזאַ נאַר וועל איך נישט זיין. ער האָט אַ פּלאַץ צווישן קבצנים און אפּיקורסים. איך שעם זיך דאָרטן צו קומען אפילו איין מאָל אין יאָר. איך

וויל נישט אז מיינע קינדער זאָלן זיך מיט מיר שעמען. עס איז גענוג אז זיי קומען מיך נישט זען ביים לעבן, איז זאָלן זיי כאָטש קומען מיך זען שפּעטער, ווען איך וועל גיין אַ גאַנג !..

דער דיאַלאָג האָט זיך געענדיקט.ביידע יידן האָבן זיך געשיידט: איינער איז אַוועק אין זיין פאַבריק און דער צווייטער — אויפן בית־עולם זוכן אַ פּלאַץ פאַר זיך...

*

# אַ יאָרצייט מיט אַלע פּיטשעווקעס...

מען האָט מיך אַמאָל פאַרבעטן צו אַ יאָרצייט פון אַן אַלטער פרוי, וואָס איז געשטאָרבן אין עלטער פון 86 יאָר. ביים לעבן איז זי געווען אַ שטילע, איידעלע זקנה, די מוטער פון מיינע באַקאַנטע, וועלכע האָבן אָפּגעצייכנט איר פינפטע יאָרצייט, און האָבן מיך פאַרבעטן קומען.

פאָרגעקומען איז דאָס אין אַ רייכער הויז, אין אַ רייכער געגנט. די יאָר־צייט איז געפייערט געוואָרן אויף אַ רייכן שטייגער.

אין אַ שיינעם געראַמען עס־צימער איז געווען געגרייט אַ טיש פון כל־טוב, אזא וואָס מען גרייט צו פאַר אַ שמחה, נישט ווי צו אַ יאָרצייט. אויפן ערשטן מאָמענט האָב איך געמיינט איך מאַך אַ טעות, אז עס איז נישט אַ יאָרצייט. נאָר איך האָב באַמערקט ווי אין אַ ווינקל אויף אַ קאָמאָד האָבן געברענט יאָרצייט־ליכט. האָב איך פאַרשטאַנען, אז איך מאַך נישט קיין טעות.

ארום דעם רייך־געדעקטן טיש זיינען געזעסן משפּחה, פריינד, שכנים. אַלע זיינען געווען אויסגעפּוצטע ווי צו אַ חתונה. די שטימונג איז געווען אַ פריילעכע, קיין ברעקל טרויער האָט מען נישט געפילט.

בינו לבינו האָט מען גערעדט וועגן דער זקנה, פאַר וועלכער מען האָט געצונדן די יאָרצייט־ליכט צו איר פינפטן יאָרצייט. בעת מעשה האָט מען וועגן איר דערציילט דעראינערונגען. מען האָט אויך דערציילט מעשהלעך און וויצן אויפן חשבון פון דער פאַרשטאָרבענער. מען האָט געטרונקען שאַמפּיין, פאַר־שיידענע ליקיורן און מען האָט פאַרביסן מיט געבראָטענע אינדיק און ווורשט־לעך. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע, די פּנימער פון אַלע צעשטראַלטע, צעפלאַמטע און מען האָט זיך געווונטשן צו דערלעבן אויף נאָך אַזעלכע „שמ־חות"...

— הלוואי פראַוועט מען מיין יאָרצייט נישט ערגער! — האָט אַ מאַן מיט אַ רויט־אָנגעגאָסענעם פּנים געזאָגט הויך, מיט אַ געלעכטער, האַלטנדיק אַ האַנט אַ פליגל פון אַן אינדיק.

— ס׳איז נישט שיין אזוי צו ריידן! — האָט עמעצער זיך אָפּגערופן.

— פאַרוואָס איז נישט שיין? — האָט ער געפרעגט.

— דאָ איז נישט קיין טעאַטער, קיין פאַרוויילונג. עס פּאַסט נישט אזוי צו ריידן!

— ווער זאָגט אז דאָ איז אַ טעאַטער, אַ פאַרוויילונג? — האָט דער מיט רויט־צעשטראַלטן פּנים זיך אָפּגערופן. — גאָט צו דאַנקען איך בין נאָך בי מיינע געדאַנקען און ווייס ווו איך געפין זיך!

— ווו געפינט איר זיך? — האָט מען אים געפרעגט.

— ביי די לעווקינס אין הויז!

— און ביי וואָס פאַראַ אומשטענדן?

— אומשטענדן, שמומשטענדן! — האָט יענער אַלץ געלאַכט.

— נישט שיין צו לאַכן, ס׳איז נישט קיין פאַרוויילונג. ס׳איז אַ יאָרצייט!

— און אז אַ יאָרצייט? הלוואי דערלעב איך אירע יאָרן און מען פּראַוועט מיר אזא יאָרצייט!

— די אַלטע וואָלט נישט געגליכן צו הערן אזוי ריידן ביי איר יאָרצייט!

— כאַ־כאַ־כאַ! — לאַכט יענער. איר ווילט זי זאָל הערן! זי איז שוין פינף יאָר טויט, זאָל זי הערן. און ווען זי וואָלט געלעבט וואָלט זי אויך נישט געהערט. זי איז דאָך געווען טויב ווי די וואַנט!

— הערט אויף. נישט שיין אזוי צו ריידן!

— נו, רעדט איר שענער. מאַכט אַ הספד!

— ער איז נישט קיין הספד־מאַכער, — האָט אַן אַנדערער אויסגערופן, — נאָר אַ געים־מאַכער. בעל־הבית, גיט אַהער די קאָרטן!

פּאָר אַ ווײַלע איז געוואָרן שטיל. דער בעל־הבית פון הויז האָט געבראַכט קאָרטן, דער עולם האָט גענומען סאָרטירן זיי. אַלע זיינען מיטאַמאָל געוואָרן פאַרטיפט אין די קאָרטן, זייערע פּנימער זיינען געוואָרן צעפלאַמט, די אויגן צעפינקלט. אנדערע האָבן אונטערגעזונגען אַ ניגון, אַנדערע האָבן נערוועז אויס־געקוקט אויף אַ קאָרט און אנדערע האָבן אָנגעהאַלטן מיטן עסן די גוטע מאכלים וואָס זיינען געשטאַנען אויפן טיש.

שפּעט אין דער נאַכט האָט דער עולם זיך אויפגעהויבן צו גיין אַהיים. אַ טייל האָבן אויסגעזעען מיד, אַנדערע זיינען געווען אויפגערעגט וואָס זיי האָבן פאַרלוירן ביי די קאָרטן. אַנדערע זיינען געווען פריילעך, האַלב־שיכור.

מען האָט זיך געזעגנט, געקושט זיך, געווונטשן „לאַנג לייף" און צו טרעפן זיך אויף שמחות. דער מאַן מיטן פולן אָפּגעגעסענעם רויטן פּרצוף האָט פריי־לעך געזאָגט :

— אַ טייערע יידענע געווען די אַלטיטשקע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן. אַ דאַנק איר האָבן מיר פאַרבראַכט אַ פיינעם אָוונט ! — —



## רבנים לעקן נישט קיין האָניק...

אַ רב האָט מיך אָפּגעהאַלטן און זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ :

— איך זע, — האָט ער געזאָגט, — אז איר שרייבט וועגן אַלץ. פאַרוואָס שרייבט איר גאָרנישט וועגן רבנים, כלי־קודש ? איר פאַרשווייגט זיי, ווי זיי וואָלטן גאָר נישט עקסיסטירן. איך האַלט אז די טעמע איז אַן אינטערעסאַנטע, נאָר ס׳איז נישט קיין מאַטעריאַל פאַר הומאָרעסקעס, ס׳איז צו ערנסט !

מענטשן האַלטן, אז זיין אַ רב איז גאָרנישט. מען פאַרלאָזט זיך אַ בערדל, מען טוט אָן אַ שוואַרצן קאַפּעלוש, און מען איז אַ פאַרטיקער רב ! אָבער דאָס איז נישט אזוי. כ׳וועל שוין נישט ריידן וויפל מען גייט דורך, ווי שווער עס קומט אָן ביז מען דערלעבט צו ווערן אַ רב. און אז מען ווערט שוין אַ רב טויג ערשט נישט, האָט מען גריזאָטע מיט צרות.

איר ווייסט גאָרנישט וואָס אַ רב האָט אויסצושטיין, וויפל צרות ער האָט. אַ רב דאַרף אַלעמען געפעלן זיין, נושא חן זיין ביי יעדן. ער דאַרף געפעלן דעם גבאי, דעם טרעזשורער, דעם טשערמאַן, דעם שוהל־קאָמיטעט, דעם חזן, שמש, קווייער־מייסטער. אפילו די ווייבער זייערע דאַרף ער אויך געפעלן. אָפּ־געהיט זאָל זיין דער רב וועגן עמעצער פון די באַלעבאַטים, זיינע פרסנה־געב־בערס, זאָלן וואַרפן אויף אים אַן אומחן !

אַמאָל איז געווען אַ כבוד צו זיין אַ רב. מען האָט פאַר אים געהאַט דרך־ארץ, רעספּעקטירט אים, אָבער נישט היינט. היינט האָט מען מער דרך־ארץ פאַרן שמש, ווי פאַרן רב. אַלעמען דאַרף דער רב געבן גערעכט, צו אַלץ דאַרף ער צושטימען. טאָר קעגן קיינעם נישט זאָגן אַ הויך וואָרט, דאַרף צו אַלעמען שמייכלען.

וואָלט כאָטש דאָס רבנות זיין אַ גוטע פרנסה, וואָלט זיך לוינען צו ליידן, איז דאָס אָבער נישט אזוי. נעמט אַ מעכאַניקער, אַ טעקסי־דרייווער, אַ צושניי־דער, פאַרדינען זיי פיל מערער פון אַ רב און מען רעספּעקטירט זיי. מען האָט

מורא זיי זאָלן נישט פאַרלאָזן די אַרבעט. מען דערלייגט זיי געלט אומגעבעטן. מען רעדט צו זיי איידל און מען שמייכלט צו זיי.

אַ רב אָבער טאָר נישט בעטן קיין העכערונג. טאָר נישט ריידן הויך, ווי ע[...] וואָלט שטענדיק זאָגן די שטילע שמונה־עשרה... נאָר גוטע רייד דאַרף ער רייד[ן] דערציילן וויצן. דערפאַר קריגט ער פון זיינע ברויט־געבערס אַ זויערע או[נ] קאַלטע דאַנקבאַרקייט.

אַמאָליקע צייטן פלעגט מען קומען צו אַ רב באַראַטן זיך, שואל עצה זיין שליסן געשעפטן. היינט אז מען וויל זיך באַראַטן גייט מען צום גבאי, צו[ם] טרעזשורער און צו גבירים. מען האַלט, אז אויב זיי האָבן געהאַט שכל ארויפצו[ּ]אַרבעטן זיך און ווערן גבירים, האָבן זיי מערער שכל פון רב.

צו דעם נאָך טאָר אַ רב נישט זיין קראַנק. ער מוז זיין געזונט און קומע[ן] יעדן טאָג אין שוהל אריין דאַווענען. דער גבאי, דער טרעזשורער קען קרענקן אפילו דער חזן און שמש מעג קרענקן. צו זיי האָט מען נישט קיין טענות ווע[ן] זיי קרענקן...

אַ רב האָט אויך צרות פון אזעלכע יידן וואָס קומען זעלטן אין שוהל. זי[י] מאַכן אים רייך דערמיט וואָס זיי קומען. און אז זיי קומען אין שוהל איינמאָ[ל] אין יאָר, ריידן זיי וועגן ביזנעס, ווייבער און וועגן רייסעס, און מער האָבן זי[י] נישט וואָס צו ריידן.

אנומלטן קומט צו מיר אַ ייד, אַ מעמבער פון שוהל. ער קומט אין שוהל רעגולער ראש השנה און יום־כיפור. ער זאָגט צו מיר, ער דאַרף מיט מיר ריידן ביזנעס. זאָג איך אים: איך בין אַ רב און נישט קיין ביזנעס־מענטש. זאָגט ער מיר, ער וויל איך זאָל מאַכן אַ ביסל עקסטרע געלט...

טראַכט איך מיר, אַוודאי אַ בר־מצווה, אַ ביסל צולערנען זיין תכשיט. זאָגט ער מיר, אז נישט וועגן דעם איז ער צו מיר געקומען. זיין תכשיט איז אַ גרויסער בחור און קלייבט זיך חתונה האָבן. ווינטש איך אים מזל־טוב. זאָגט ער מיר ס׳איז נאָך ווייט פון אַ חתונה. טאַקע וועגן דעם איז ער צו מיר געקומען. אזוי ווי די מיידל, צו וועלכער זיין זון האָט זיך צוגעקלעפּט ווי צו האָניק איז אַ קריסטלעכע, מוז איך אים העלפן, די מיידל זאָל ווערן א ייִדישע. ער איז אַ מעמבער פון שוהל און איך בין זיין רב, דאַרף איך אים העלפן...

איך האָב דעם ייד געזאָגט, אז איך קאָן זיין פאַרלאַנג נישט דערפילן. ער זאָל זיך ווענדן וועגן דעם צו אַנדערע רבנים, גרעסערע פון מיר. אים איז נישט געפעלן געוואָרן מיין ענטפער. ער האָט מיך גענומען סטראַשען, אז זיין שוואָגער איז דער גבאי פון שוהל, וועט ער מיר שוין ווייזן וואָס ער קען...

איצט לעב איך אין שרעק נישט צו פאַרלירן די שטעלע!..

# קבצנישע גליקן...

דאָס פאַרגעניגן צו זיין אַ קבצן איז גאָרנישט אָפּצושאַצן. די רייכע וויסן גאָר נישט פון דעם פאַרגעניגן... וואָס פעלט אַ קבצן אחוץ געלט ? — גאָרנישט ! אז מען איז אַ קבצן עסט מען זיך נישט איבער, מען פאַרדאַרבט זיך נישט דעם מאָגן. מען עסט נישט וואָס מען דאַרף נישט. מען גייט נישט אין סטעיק־הייזער, מען עסט נישט קיין ים־חיהלעך מיט עקדישן, האָט מען נישט קיין גרימעניש מיט בויך־ווייטיקן. אז מען איז אַ קבצן שלאָפט מען גוט און רואיק דורך די נעכט. ווער וועט שטערן אַ קבצן צו שלאָפן ? קיין האָלד־אַפּס מאַכט מען נישט אויף אים. אַ גביר אָבער איז אויף גרויסע צרות. קאָן נישט רואיק שלאָפן, לעבט אין שרעק. אַ קבצן האָט נישט קיין מורא. אפילו אין מיטן טאָג קען ער כאַפּן אַ דרימל. קיינער וועט אים נישט שטערן. קיין טעלעפאָן, ראַדיאָ און טעלעוויזע, וואָס זאָל אים לעכערן דעם מוח און שטערן די רו האָט ער נישט. קיין פריינד וואָס זאָלן קומען אים נודען און מאַטערן האָט ער אויך נישט, און קיינער באַ־רעדט אים נישט און קיינער איז אים נישט מקנא.

ווען גבירים זאָלן זיין קלוג און האָבן שכל, וואָלטן זיי געוואָרן קבצנים. עס וואָלט זיי גאָרנישט געפעלט און זיי וואָלטן זיך פאַרשפּאָרט צו זאָרגן וועגן זייערע הייזער און פאַרמעגנס, וועגן זייער געלט וואָס ליגט אין באַנק, און וואָלטן נישט באַדאַרפט זיך שרעקן, די בענק זאָלן ניט גיין געבראָכן, באַנק־ראָטירן. ווען זיי וואָלטן געווען קבצנים, וואָלטן זיי נישט געהאַט קיין שרעק מען זאָל זיי באַרויבן, הרגענען, שיסן.

ווען גבירים וואָלטן זיין קבצנים, וואָלטן זיי זיין גליקלעכע מענטשן און געהאַט אַ רואיקן לעבן. עס וואָלט זיי ווייניקער געדרייט די קעפּ, ווייניקער גע־זאָרגט וואָס מען טוט מיטן געלט, מיט גאָלד און ברילייאַנטן, וווּ עס צו באַהאַלטן. זיי וואָלטן נישט געדאַגהט, אז דאָס געלט ווערט דעוואַלואירט, ביליגער. זיי וואָלטן זיך נישט געשראָקן און רואיק געשלאָפן. ווען זיי זייבען קבצנים וואָלטן זיי נישט געדאַרפט שלינגען פּילן צום שלאָפן. זיי וואָלטן געשלאָפן ווי איך — ווי אַ טויטער.

אַ קבצן דאַרף נישט קיין פּילן צום שלאָפן. ער שלאָפט ליגנדיק, זיצנדיק און אפילו גייענדיק שלאָפט ער. און ווען ער שלאָפט נישט, איז ער אויך נישט וואַך. צו וואָס דאַרף ער זיין וואַך ? — צו זיינע געשעפטן ! אַ גביר אָבער, נישט פאַר קיין קבצן געדאַכט, קאָן נישט שלאָפן אפילו אויף די בעסטע מאַטראַצן, און עס

העלפט נישט דאָס שלינגען די שלאָף־פּילן און אנדערע מיטלען, ווייל ער זאָרגט וועגן זיין פאַרמעגן, ער לעבט אין שרעק, האָט מורא פאַר רעוואָלוציעס, אויפשטאַנדן, ערד־ציטערנישן מיט אַנדערע שלעק.

אַ קבצן שרעקט זיך נישט פאַר די אַלע זאַכן. אים אַרט נישט וואָס דער מאָרגן, דער איבערמאָרגן וועט ברענגען. ערגער ווי ס׳איז אים קאָן נישט זיין. אַ קבצן איז צופרידן מיט דעם וואָס ער האָט און מיט דעם וואָס ער האָט נישט. ער האָט נישט קיין לוסטונגען און פאַרלאַנגען ווי דאָס האָבן רייכע מענטשן.

רייכע מענטשן האָבן צרות פון זייערע ווייבער, פון זייערע געליבטע. די געליבטע טאָרן נישט וויסן אז זיי זיינען פאַרהייראַט, און די ווייבער טאָרן נישט וויסן אז זיי האָבן געליבטע. האָבן זיי צרות מיט קאָפּ־ווייטיק סיי פון די ווייבער און סיי פון די געליבטע. אַ קבצן האָט נישט קיין געליבטע. זעלטן ער האָט אַ ווייב, ווייל וועלכע פרוי וויל האָבן אַ מאַן אַ קבצן. ער איז אַ פרייער מענטש, ער האָט קיין עול און קיין דאגות נישט, קיין פאַרפליכטונגען, קיין פאַראַנט־וואָרטלעכקייטן און קיין קאָפּ־ווייטיק!

מענטשן ווייסן ניט פונעם פאַרגעניגן פון זיין אַ קבצן. לעצטנס אָבער האָבן די קבצנים פיל קאָנקורענטן. באַלד, באַלד וועט מען האָבן מערער קבצנים ווי גבירים. מענטשן פאַרגינען נישט די קבצנים דאָס ביסל פאַרגעניגן און גליק וואָס זיי האָבן...

אויב דאָס וועט לענגער אָנהאַלטן, וועלן קבצנים מוזן זיך אָרגאַניזירן, שאַפן אַ פאַראיין, און נישט צולאָזן אז ווער עס וויל נאָר זאָל ווערן אַ קאָנקורענט, אַ קבצן. געוויסע סוחרים, גבירים, אָלרייטניקעס, וואָס האָבן זיך אויסגעגליטשט ביי זייערע געשעפטן און געגאַנגען געבראָכן, זאָלן זיך זוכן אַנדערע געשעפטן און נישט פירן קיין קאָנקורענץ און צושטערן דעם פאַרגעניגן פון די קבצנים...



## פון די נייע פרנסות...

מענטשן האָבן זיך גענומען צו נייע פרנסות. מען דאַרף נישט שווער אַר־בעטן און מען מאַכט טויזנטער, מיליאָנען! די פרנסה איז — קידנעפּן. מען כאַפּט מענטשן, מען באַהאַלט זיי און מען פאָדערט די ריכטיקע גרויסע סומע אויסלייז־געלט.

ס׳איז נישט אַזאַ גרינגע פרנסה, דערפאַר אָבער באַצאָלט זיך עס גוט. קיין קאָנקורענץ דערביי איז אויך נישטאָ.

פאַראַן קידנעפּער וואָס זיינען נישט קיין באַרייסער. זיי גייען אַריין אין יענעמס לאַגע און לאָזן זיך דינגען. פאַראַן קידנעפּער וואָס זיינען האַרטע, פאַר־עקשנטע מענטשן און זיי וועלן ניט אַראָפּלאָזן אַ סענט פון זייער געשטעלטן פּרייז. און דאָס איז נישט קיין מסחר פון סענטן, מען האַנדלט אויף טויזנטער, מיליאָנען.

פאַראַן קידנעפּער אָנפאַנגער, וואָס לערנען זיך ערשט דעם פאַך. פאַר זיי איז גענוג הונדערט אָדער צוויי הונדערט טויזנט ראַנד צי דאָלערס. און ווען עס קומט צו דינגעניש, לאָזן זיי נאָך און זיינען צופרידן מיט דעם וואָס זיי קריגן. אָט די לערנער־קידנעפּער פאַלן אָפט דורך. דאָס געשעפט גיט זיך זיי נישט איין.

אָבער דאָס רוב קידנעפּער זיינען פּיפיקע סוחרים, זיי קאָנען זייערע געשעפטן, ווייסן ווי צו האַנדלען און זיי פאַרלאַנגען מיליאָנען. דערצו נאָך פאַרלאַנגען זיי מען זאָל זיי געבן פרייע רייזעס מיט עראָפּלאַנען צו ווייטע עקן וועלט. אויב מען גיט זיי נישט נאָך, זיינען זיי גרייט דעם קרבן איבערצושניידן דעם גאָרגל מיט אַ גאָל־מעסער אָדער דערשיסן אויף טויט.

ווען זיי כאַפּן אַ מענטש, נישט וויכטיק ווער דאָס איז: אַ קינד, אַ פרוי, אַ מאַן, אַ מיניסטער אָדער אַ דיפּלאָמאַט, טוען זיי אַ קלונג אָן ווו מען דאַרף און לאָזן וויסן, מעשה סוחריש, אז דער און דער געפינט זיך אין זייערע הענט. ער איז געזונט און פריש, נאָר מען דאַרף אים אויסלייזן. אויב מען וועט אויף אַ באַשטימטן אָרט אוועקלייגן אַ מיליאָן אָדער צוויי, וועט מען אים באַפרייען און עס וועט אַ האָר נישט געמינערט ווערן פון אים. אויב אָבער מען וועט נישט אַנטקעגן קומען די פאָדערונג, וועט צו דעם פערזאָן זיין אָך־און־וויי. מען וועט אים שיסן אָדער מיט דינאַמיט אויפרייסן און ס׳וועט פון אים אָדער פון איר נישט בלייבן קיין סימן.

האָט מען נישט קיין ברירה, מען באַצאָלט די פאַרלאַנגטע סומע און דער קרבן ווערט באַפרייט.

פאראַן קידנעפּער וואָס מוזן ווייזן אז זיי האָבן געמיינט ערנסט מיט זייערע דראָאונגען. שניידן זיי אָפּ פון קרבן אַן אויער, א פינגער, אַ שטיקל נאָז, אַ ליפּ, צו ווייזן אז זיי נעמען נישט אומזיסט קיין געלט.

פאַראַן קאַרגע מענטשן, קמצנים, וואָס ווילן נישט אַנטקעגנקומען די פאָדערונגען פון די קידנעפּער. זיי מאַכן זיך נישט וויסנדיק, ווי די טבע איז פון קאַרגע מענטשן. די קידנעפּער האָבן נישט קיין געדולד צו וואַרטן, צייט איז ביי זיי געלט. עס פעלן נישט קיין אנדערע קונדן. נעמען זיי און ברעכן דעם קרבן די ביינער און וואַרפן אים אַרויס. אָבער דאָס טרעפט זיך נאָר ביי די אָנהייבערס, ביי די לערנער־קידנעפּערס.

אנומלט האָט א גרופע קידנעפּער געכאַפּט אַ פרוי פון אַ מיליאָנער און פאַרלאַנגט פון אים דריי מיליאָן מיט אַן עראָפּלאַן פול מיט בענזין, וואָס זאָל זיי פירן צו אַ ווייטן לאַנד. אויב נישט, האָבן זיי געדראָט, וועלן זיי די פרוי צו־שניידן אויף שטיקער און אריינוואַרפן אין ים.

דער רייכער מיליאָנער האָט געענטפערט די קידנעפּער, אז זיי קאָנען מיט זיין פרוי טאָן וואָס זיי ווילן, עס אַרט אים נישט, ווייל ער וויל שוין לאַנג פון איר פטור ווערן.

עס טרעפט פיל מאָל, מען נאַרט די קידנעפּער אָפּ. אַנשטאָט ריכטיקע געלט לייגט מען אַוועק פאַפּירלעך. זייגען אַנדערע פון זיי געגאַנגען זען צו מען נאַרט זיי נישט אָפּ, און זיינען טאַקע אריינגעפאַלן.

אנדערע ווילן זיך איבערצייגן צי די סומע שטימט, צי מען גיט זיי נישט ווינציקער, פאַלן זיי אַריין. קלוגע קידנעפּער האָבן געדולד, זיי ציילן נישט. זיי ווערן געוואָר פון די צייטונגען וויפל מען האָט זיי באַצאָלט.

עס האָט שוין אויך געטראָפן, אז מען האָט געקידנעפּט מענטשן און קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. מען האָט נאָך באַדאַרפט געבן יענע אומזיסט עסן. נו, קידנעפּעריי איז א ביזנעס ווי אַלע אַנדערע ביזנעס, נישט אַלעמאָל פאַרדינט מען. ס'איז אַ ביזנעס וואָס הענגט אין דער לופטן און קיין לייטישע מענטשן כאַפּן זיך נישט צו איר...



## אויף דער עלטער פּאַסט נישט...

אַן עלטערער ייד האָט זיך פאַר מיר צורעדט:

— זאָגט מיר, איר זייט דאָך אַ שרייבער — האָט ער צו מיר געזאָגט — און מען זאָגט דאָך אז שרייבער זיינען קליגע מענטשן. און טאַקע, פאַרוואָס זאָלן זיי נישט זיין קלוג? זיי האָבן עפּעס דאַגות? שווערע ארבעט טוען זיי? אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. נישט וועגן דעם בין איך געקומען צו אייך. איך וויל אייך עפּעס פרעגן: פאַרוואָס ווען מען איז יונג פּאַסט אַלץ וואָס מען טוט, און ווען מען ווערט עלטער — פּאַסט גאָרנישט?

— ווען איך בין געווען יונג, אַ בחור, האָב איך געמעגט טאָן וואָס מיר איז געפעלן געווען. איך האָב געקאָנט גאַנצע נעכט ארומלויפן מיט יונגען, מיט מיידלעך. איך האָב געמעגט טאַנצן, הוליען, שיכורן, שרייען, זינגען, לויפן, גיין

וואלקעס, האָבן געוועטן, פירן ליבעס. אַלץ האָב איך געמעגט טאָן און קיינער האָט מיר נישט געזאָגט קיין דעה.

— ווי איר קוקט מיך אָן בין איך סך־הכל אַלט 67 יאָר — איז טאָר איך שוין גאָרנישט! איך טאָר נישט גיין, נישט טאַנצן, נישט לויפן, נישט שיכורן. אפילו אַ קליין ביסעלע בראָנפן טאָר איך אויך נישט נעמען. וועגן פירן ליבעס, ארומגיין מיט פרויען, דאָס איז אָפּגערעדט. ווייל יעדע זאַך וואָס איך טו טויג נישט. באַלד זאָגט מען מיר, אז עס פּאַסט נישט פאַר מיר.

קום איך אויף אַ שמחה און טו אַ בליק אויף אַ ווייבל, איז נישט נאָר די אייגענע ווייב און די קינדער קוקן אויף מיר מיט קרומע אויגן און זאָגן מיר אריין, אז עס פאַרגייט מיר אזש אין דער זיבעטער ריפּ אריין. אפילו ווילד פרעמדע מענטשן פאַרדריסט, ווען איך שמייכל צו אַ פרעמדער ווייבל און זאָגן צו מיר:

— ר׳ ייד, אין אייערע יאָרן? פע, ס׳פּאַסט נישט פאַר אייך!

נעם איך אַ טרונק בראָנפן, האַלט מען מיך צוריק, שטערט מען מיר: עס פּאַסט נישט! וויל איך אַ ביסל טאַנצן, פּוילט זיך מיינע — ס׳איז שוין נישט פאַר אירע יאָרן, — זאָגט זי. אָבער אויף אַ שמחה, אַן אייגענע שמחה פון קרובים, ווילט זיך אַ ביסל משמח זיין. וואַרף איך מיינע אויגן אויף אַ קוזינע און רוף איר טאַנצן. איך דריי זיך מיט איר אַרום ווי אויף שטאָלצן און אַלע לאַכן פון מיר און זאָגן:

— ס׳איז נישט פאַר אייך, עס פּאַסט נישט!

אפילו אַ וואָרט אויסריידן צו אַ פרעמדער פרוי טאָר איך נישט. מען קוקט אויף מיר מיט חשד און מען זאָגט מיר מוסר:

— לאָזט אָפּ, ס׳פּאַסט נישט פאַר אייך!

איך בין אַלע יאָרן געווען אַ פאַרליבטער אין קאָרטן. איך האָב געמעגט זיין ווי ביזי, האָב איך קיינמאָל זיך נישט אָפּגעזאָגט פון שפּילן קאָרטן. ביינאַכט, בייטאָג, אַלעמאָל בין איך גרייט געווען צו שפּילן. און היינט ווען איך האָב נישט וואָס צו טאָן — איך בין שוין ריטייערד, האָב פיל צייט, — איז ווען איך נעם אַ קאָרט אין האַנט, בייזערט מען זיך:

— אזא אַלטער, ס׳פּאַסט נישט!

איך פלעג גיין יעדן שבת צו די פערד־געיעגן. דאָס איז געווען מיין גרעס־טער פאַרגעניגן. אז איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט האָב איך אויך אינמיטן וואָך אָדער אין פּאַבליק־האָלידייס זיך אַוועקגעכאַפּט זען די פערד לויפן. איך בין נישט קיין געמבלער, אָבער איך האָב גרויס פאַרגעניגן צו זען ווי די פערד לויפן און ווי מענטשן לייגן אויף זיי געלט. אַמאָל האָב איך אויך געלייגט געלט

אויף זיי, אויף די פערד. איך האָב געוואָלט זען צי כ׳האָב גליק. אָבער קיינמאָל האָב איך נישט געווונען. אָבער פאַרגעניגן האָב איך געהאַט צו זען, אז אויך אַנדערע פאַרשפּילן. אז איך גיי אַמאָל צו די פערדלעך איז הימל עפן זיך. אלע קוקן אויף מיר מיט קרומע קוקערס, מען רעדט מיר אויס און מען לאַכט:

— ווי קומט איר צו פערדלעך, צו געמבלען? אזא אַלטער, ס׳פּאַסט נישט!

אַט אזוי, אויף שריט און טריט האַלט מען אין איין לאַכן פון מיר, פּונקט ווי איך וואָלט זיין אַ קלאַון פון אַ צירק...

אנומלט גיי איך שפּאַצירן מיט מיין אייניקל. זי איז שוין, אַן עין־הרע, א מיידל פון אַ יאָר ניינצן. אַ שיינע, אַ פּרינצעסין. קוקט מען אויף מיר און מען איז מיך מקנא וואָס איך גיי מיט אַ שיין יונג מיידל. אַנדערע האָבן געלאַכט און געזאָגט:

— זעט נאָר, אזא אַלטער מיט אַ יונג מיידל, פע — ס׳פּאַסט נישט!

לעצטנס בין איך געווען אויף האָלידיי. זיץ איך אויף דער פּלאַזשע. לעבן מיר זעצט זיך אַוועק אַ יונגע פרוי מיט אַן אויסגעשניטענעם באַד־קאָסטום. איך זיץ מיט אַ בוך און די פרוי זיצט מיט איר הינטל און שפּילט זיך. גייט פאַרביי אַ באַקאַנטער, זעט ער מיך זיצן מיט אַ בוך און לעבן מיר די יונגע פרוי מיטן הינטל, רופט ער מיך. גיי איך צו אים. כ׳מיין אפשר האָט ער מיט מיר עפּעס וויכטיקס צו ריידן. ער רופט מיך אַוועק אין אַ זייט:

— ווער איז די נקבה וואָס ליגט לעבן אייך? — פרעגט ער מיך.

ענטפער איך אים: — קיינער ליגט נישט לעבן מיר.

— און ווער איז די וואָס ליגט מיטן הינטל? האַ, וואָס זאָגט איר? — שמייכלט ער. — אין אייער עלטער, ס׳פּאַסט נישט!

איך וואָלט אייך נאָך דערציילט, אָבער איך מוז שוין גיין אַהיים. באלד וועט מיך מיינע חושד זיין, וועט זאָגן ווער ווייס וואָס. און קריגן זיך מיט איר איז נישט מיין טבע, ס׳פּאַסט נישט!..



# נישטאָ וואָס זיך צו יאָגן...

גייענדיק צו דער אַרבעט האָט מיך מיין שכן אָפּגעהאַלטן און הויך אויס־גערופן:

— גוט מאָרגן!

— גוט מאָרגן, אַ גוטן יאָר.

— וואָס יאָגט איר זיך? — פרעגט ער מיר.

— איך דאַרף גיין אַרבעטן.

— איר וועט גאָרנישט פאַרשפּעטיקן, יאָגט זיך ניט, — האָט ער געזאָגט. — פון יאָגעניש קומט קיין גוטס נישט ארויס. נעמט אַ טיפּ פון אַ דערפאַרענעם מענטש. איך ווייס מיט וואָס עס שמעקט דאָס יאָגעניש! איר געדענקט יונה'ן פון דער צווייטער גאַס? ער פלעגט אויך יאָגן. ער האָט זיך שוין אָפּגעיאָגט. שוין זעקס וואָכן ווי ער שלאָפט אין דרויסן.

איך האָב נישט געוואָלט הערן זיינע רייד און געקוקט צו עס קומט אָן דער אויטאָבוס. אָבער קיין אויטאָבוס איז נישט געקומען און דערווייל האָט מיין שכן ווייטער גערעדט:

— ווי איר ווייסט בין איך אַלעמאָל געווען אַ געלאַסענער, אַ לאַנגזאַמער, כ'האָב קיינמאָל זיך נישט געיאָגט, כ'האָב געהאַט צייט! שוין ביי דער מאַמען מיינער אין בויך האָב איך זיך נישט געיאָגט. מען האָט אויף מיר געוואַרט פולע ניין חדשים — און פון דעמאָלט אָן יאָג איך זיך נישט. מיין בר־מצווה האָב איך געפּראַוועט צו 14 יאָר. עס האָט נישט געהאָלפן דעם רבינס קאַנטשיק, איך האָב זיך נישט געיאָגט. אַ מלאכה לערנען האָב איך זיך אויך נישט געאיילט. ווייניק מענטשן זיינען דאָ וואָס קענען נישט קיין מלאכה און — לעבן אויך. צום מיליטער גיין האָב איך זיך אויך נישט געיאָגט. עס האָט געדויערט דריי יאָר ביז מען האָט מיך געפּאַקט און געמאַכט פאַר אַ זעלנער. זיי האָבן אָבער קיין האָניק פון מיר נישט געלעקט. ווען מען האָט מיך געהייסן לויפן בין איך געגאַנגען, און ווען מען האָט מיך געהייסן גיין בין איך געזעסן. האָט מען מיך דערפאַר באַשטראָפט צו זיצן. נו, בין איך געזעסן. איך האָב געהאַט צייט. אַזוי איז דאָס ביי מיר געווען אַלעמאָל, כ'האָב זיך נישט געיאָגט. חתונה האָבן האָב איך אויך געהאַט צייט. אפילו ווען עס איז שוין געווען באַשטימט די צייט פאַר דער חתונה, האָב איך זיך נישט געיאָגט. אפשר דריי מאָל האָט מען אָפּגעלייגט די חתונה. און ווען איך האָב שוין געמוזט גיין אונטער דער חופה, בין איך כמעט נישט געגאַנגען — מען האָט מיך געפירט.

— נו, קיין אויטאָבוס איז נישטאָ, — האָט מיין שכן ווייטער גערעדט. — ווי איר זעט יאָג איך זיך נישט, כ'לויף נישט. וואָס איז דאָס יאָגעניש, דאָס לויפעניש, מ'וועט גאָרנישט פאַרשפּעטיקן, מען וועט באַווייזן. אויב נישט היינט איז מאָרגן, איבערמאָרגן, איבער אַ יאָר. וואָס איז טאַקע די איילעניש? היינטיקע מענטשן האָבן נישט קיין שכל, נאָר זיי יאָגן זיך. יאָגן זיך חתונה צו האָבן, און באַלד נאָכדעם יאָגן זיי זיך צו גטן. אַז מענטשן האָבן נישט קיין צייט און געדולד, נאָר מען יאָגט! און פון גאַנצן יאָגעניש האָבן זיי קדחת מיט כשרן פּאָדעם!

— קוקט זיך צו ווי מענטשן יאָגן זיך! לויפן, פליען, מען ווערט ממש געהרגעט פון דער יאָגעניש. מען יאָגט יענעם, מען יאָגט זיך, מען יאָגט די נשמה זיך ארויס. מען יאָגט זיך צו לעבן ברייט, מען יאָגט זיך נאָך כבוד, נאָך יונגע ווייבלעך און מען יאָגט זיך נאָך בענקלעך אין סאָסייטיס, אין שוהלן. מען יאָגט זיך צו ווערן פרעזידענטן, כלל־טוערס — און מען יאָגט יעדן פון זיך. מען יאָגט זיך צו מאַכן רייזעס אין אויסלאַנד, און פון דאָרט יאָגט מען זיך צו פאָרן צוריק אַהיים. איך האָב אַ לאַנדסמאַן, יאָגט ער די ווייב און זי יאָגט אים, און די קינדער זייערע יאָגן זייביידן...

— אויסצורעכענען אַלץ מיט דער יאָגעניש איז אַ מעשה אָן אַ סוף. זעט ווי מענטשן יאָגן זיך צו לעבן ברייט. אַנדערע יאָגן זיך שיין צו שטאַרבן... מען יאָגט זיך נאָך לוקסוס, רייכטום, רגילות, רכילות און נאָך אזעלכע זאַכן. אין דער פּאָליטישער וועלט יאָגט מען זיך אויך. פעלקער יאָגן זיך צו באַפרייען, מען יאָגט זיך צו פאַרכאַפּן אַנדערע לענדער. מען יאָגט זיך צו מאַכן מלחמות, מען יאָגט זיך. נאָר מען יאָגט זיך! — — —

דאָ איז אָנגעקומען אַן אויטאָבוס. מיין שכן האָט זיך געגעבן אַ ריס פון אָרט און גיך אריין אין אויטאָבוס און פאַרכאַפּט אַן אָרט, און איך בין אין אוי־טאָבוס אַ גאַנצן וועג געשטאַנען...



# ש כ נ י ם...

אין גאַס וווּ איך וווין האָט זיך ארייַנגעצויגן אַ נייער שכן, און דווקא לעבן מיר — אַ וואַנט צו אַ וואַנט. איז וואָס דער שכן רעדט ביי זיך אין שטוב, הער איך. יעדעס וואָרט קלינגט אָפּ ווי אַ מעטאַלענע מטבע. אין אָנהויב איז דאָס געווען אינטערעסאַנט. איך מיט מיין ווייב האָבן זיך אונטערגעהערט צו די שמוּ־עסן, וואָס דער שכן האָט געפירט מיט זיין ווייב און מיר האָבן געקייכט פון גע־לעכטער. עס איז געווען אינטערעסאַנטער ווי צו הערן דעם ראַדיאָ, טעלעוויזע, אפילו אינטערעסאַנטער פון הערן פּלאָטקעס.

איינמאָל הערן מיר ווי דער שכן פרעגט זיין פרוי:

— סאָניאַ, וואָס פאַר אַ מענטשן וווינען דאָ אין שכנות מיט אונדז?

— איך וויים נישט, איך קען זיי נישט! — האָט זי געענטפערט.

— דאָרפסט ארייַנגיין, מאַכן קאָנטשאַפט און אויסגעפינען!

— מיט ליידיקע הענט קען מען נישט אריינגיין.

— גיי נישט מיט ליידיקע הענט, — האָט געזאָגט דער מאַן. — נעם אַ טעפּל, אַ שיסל און באָרג דאָרטן אַ ביסל מעל, צוקער!

— כ׳וועל שוין זען וואָס מ׳קען טאָן! — האָט זי געענטפערט.

— און וואָס איז מיט די שכנים „נעקסט דאָור״? — דאָס האָבן זיי גע־מיינט אונדז.

— זיי זעען אויס צו זיין פיינע מענטשן. מען דאַרף זיך מיט זיי באַקענען!

— רוף זיי פאַר אַ גלעזל טיי.

— כ׳וויל פריער אויסגעפינען זייערע כאַראַקטערן, צי עס לוינט זיך צו פאַרבעטן זיי פאַר טיי. אָפּט זיינען שכנים חזרים. מען רופט זיי נאָר איינמאָל, קומען זיי יעדן טאָג און מען דאַרף זיי באַדינען נישט נאָר מיט טיי, אויך מיט עסן.

— סאַראַ, — זאָג איך צו מיינער, — ווי געפעלט דיר וואָס די נייע שכנה זאָגט?

— עס געפעלט מיר זייער גוט!

— מיט וואָס געפעלט דאָס דיר?

— אויב זי וועט אונדז בעטן פאַר טיי, וועל איך זאָגן אז מיר זיינען פאַר־נומען, מיר האָבן געסט, אָדער אז מיר גייען ארויס!

— ביסט גערעכט. דיין איינפאַל איז גוט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער קלינגט דאָס גלעקל פון אונדזער טיר. ווען מיין פרוי האָט אויפגעעפנט די טיר האָט זי פאַר זיך דערזען די נייע שכנה מיט אַ ברייט־צעשמייכלט פּנים, וואָס איז געווען רויט געפאַרבן און מיט בלאָ און גרין אונטער די אויגן. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט אז זי איז די נייע שכנה פון צווייטן הויז, האָט דערלאַנגט אַ קלעפּיקע האַנט מיט געפאַרבטע גרינע נעגל און געזאָגט:

— אז מען וווינט אין אַ נייער געגנט מיט נייע שכנים, דאַרף מען זיך באַ־קענען. בין איך געקומען אייך בעטן איר זאָלט אַ ביסל צו אונדז קומען. איך מיט מיין מאַן זיינען אַלע מאָל דאָ אין שטוב, מיר אַרבעטן נישט. גאָט צו דאַנ־קען, מיר האָבן פון וואָס צו לעבן, דאַרפן מער נישט אַרבעטן. מיר האָבן גענוג געאַרבעט אין אונדזער לעבן. מיר האָבן געהאַט אַמאָל אַ האָטעל, אַ פאַבריק, אויך אַ וורשטן־פאַבריק. מיר האָבן דאָס פאַרקויפט, מיר דאַרפן דאָס נישט. חתונה געמאַכט די קינדער. געטאָן גוטע שידוכים, הלוואי אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן. מיר פאָרן אָפּט אין אויסלאַנד. מיר האָבן משפּחה אין פילאַדעלפיע, אַ שוועסטער אין באָסטאָן, אַ שוואָגער אין ברוקלין און אַ שווע־גערין פון מיין ערשטן מאַן אין שיקאַגאָ. פאַרגעסן אייך צו זאָגן, אז דער מאַן מיינער, געזונט זאָל ער זיין, איז דער דריטער מאַן מיינער. מיין ערשטער מאַן

איז געשטאָרבן און מיטן צווייטן מאַן מײַנעם האָב איך זיך געגט. ער איז גע־ווען אַ לויפער, אַ גאַרנישט, ער האָט געוואָלט פון מיר אויסנאַרן דאָס פאַרמעגן וואָס עס האָט מיר געלאָזן מײַן ערשטער מאַן. איך האָב זיך באַלד דערויף גע־כאַפּט און געשלאָגן מיט אים כּפּרות. איך האָב געהאַט מזל וואָס איך בין גיך פון אים פּטור געוואָרן. ער איז געוואָרן אַ שיכּור, האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַלטע גויע און אַן אויטאָ איז אים איבערגעפאָרן אויף טויט. מײַן איצטיקער מאַן איז אַ דזשענטלמאַן, אַ שטילער, אַ געלאַסענער און אָרנטלעכער מענטש, וועט אַ פליג נישט אָנרירן. נאָר איין זאַך טויג נישט, ער לײַדט נעבעך פון רעוו־מאַטיזם. אָבער אַזוי איז ער אַ פֿײַנער מענטש און האָט אַ חוש פאַר מוזיק. ער שפּילט גאַנצע טעג דעם ראַדיאָ!

מיר האָבן געוואָלט וואָס זאָגן דער שכנה, אָפּהאַלטן איר געשפּרעך, אָבער זי האָט ווייטער גערעדט:

— ווי איר זעט, בין איך געקומען צו אײַך מאַכן פרײַנדשאַפט. איר זײַט אַלעמאָל וועלקאָם צו קומען צו אונדז. מיר האָבן ליב מענטשן, בפּרט שכנים. מיר האָבן עלף יאָר געוווינט אין שכנות מיט גאַליציאַנער, זייער ווילע מענטשן, נאָר קאַרגע, נישט אויסגערעדט זאָל דאָס זײַן. דאָך האָבן מיר זיך גוט גע־האַלטן. זיי זײַנען געקומען צו אונדז און מיר זײַנען געגאַנגען צו זיי. זיי זײַנען געווען מער ביי אונדז ווי ביי זיך!

מײַן פרוי האָט מיך אַ שטורקע געטאָן אין זײַט, ווי אַן אָנצוהערעניש אַז זי איז נישט פאַר אונדז. אָבער איידער מיר האָבן געוואָלט וואָס זאָגן, האָט זי זיך אָפּגערופן:

— כ'וועל זיך מאַכן ביי אײַך היימיש און אַוועקזעצן. שטיין אויפן שוועל און ריידן, זאָגט מען, איז נישט מזלדיק. מײַן זעליקע מאַמע, אַ ליכטיקן גן־עדן איר, פלעגט זאָגן אַז צו אַלץ דאַרף מען האָבן מזל, אפילו צו שכנים. וואָס זאָגט איר? יאָ, פאַרגעסן, ווי איז אײַער נאָמען? מײַן נאָמען איז בענדלשניר, סאָניאַ בענדלשניר. אָבער רופט מיך סאָניאַ!

— זייער אָנגענעם, מרס. בענדלשניר!

— נישט מרס. בענדלשניר, רופט מיך סאָניאַ! איך האָב נישט ליב קיין טיטולן. רופט מיך היימיש, אײַנפאַך — סאָניאַ!

— איז וואָס פאַרלאַנגט איר, סאָניאַ! — האָב איך איר געפרעגט.

— פון אײַך גאָרנישט. פון מענער דאַרף מען זיך האַלטן פון ווייטנס. איך בין געקומען צו אײַער פרוי. איר האָט זייער אַ סימפּאַטישע פרוי, אַן איידעלע. ווי לאַנג זײַט איר פאַרהייראַט, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר?

— מרס. בענדלשניר, מיר זעען אײַך צום ערשטן מאָל און איר ווילט שוין

אַלץ וויסן, ווי לאַנג מיר זיינען פאַרהייראַט. אפשר ווילט איר אויך וויסן וויפל מיר פאַרמאָגן, וויפל געלט מיר האָבן אין באַנק?

— ניין, חלילה! איר פאַרשטייט מיך נישט. איך בין נישט אזא מענטש וואָס קריכט יענעם אין די געדערעם. ווען איר וועט מיך לענגער קאָנען — האָט זי געזאָגט, — וועט איר זען וואָס פאַר אַ פערזאָן איך בין!

— גוט. — האָט מיין פרוי זיך אָפּגערופן. — מרס. בענדלשניר, קומט אַן אַנדערש מאָל, מיר דאַרפן איצט ערגעץ ניטיק גיין!

די שכנה האָט פאַרקרימט איר אָפּגעפּאַרבטן פּנים און אָן אַ וואָרט איז זי אַ ברוגזע אַוועק. ביינאַכט, ווען מיר זיינען געלעגן אין די בעטן, האָבן מיר אונ־טערגעהערט ווי די נייע שכנים האָבן געשמועסט:

— פיליפ, האָט זי געזאָגט, — מיר האָבן נישט געטראָפן מיט די שכנים. זיי זיינען ערגער פון די פריערדיקע שכנים אונדזערע. דאַכט זיך זיי זיינען פּוי־לישע! זיי זיינען נישט קיין סימפּאַטישע מענטשן. מיר וועלן פון זיי גאָרנישט האָבן, זיי זיינען נישט פאַר אונדז!

מיר האָבן זיך צוגעהערט און געשמייכלט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיך די נייע שכנים ארויסגעצויגן...



# ג ע ס ט...

געצל דער ליידיקגייער באַרימט זיך אז ער האָט זייער פיל פריינד. אָרעמע און רייכע, סוחרים און בעלי־מלאכות, שרייבערס און ליידיקגייערס. — און אַלע פריינד זיינען אים ליב און טייער. ווען זיי קומען צו אים צו גאַסט לעבט ער אויף, פרייט זיך מיט זיי. נאָר ווען עס קומען צו אים די רייכע געסט פילט ער זיך שפּלדיק. ווען זיין פרוי דערוויסט זיך, אז די רייכע געסט דאַרפן קומען נעמט זי זיך גרייטן, פּוצן די הויז, וואַשן די גלעזער, די טעלער, גרייט צו אַ שיינעם כיבוד, ווי דאָס פּאַסט פאַר רייכע געסט. מען שטעלט אָן שיינע מוזיק פון ראַ־דיאָ, מען לייגט ארויף פּלאַטן פון יידישע אַקטיאָרן, חזנים, זינגערס.

די רייכע געסט קומען און זיצן ווי סטאַטועס, קוים זיי ריידן ארויס אַ וואָרט. זיי לאָזן רויך פון זייערע גראָבע סיגאַרן, טוען אַ טובה ווען זיי ענטפערן אַמאָל מיט אַ וואָרט. זייערע געדאַנקען זיינען פאַרטראָגן ערגעץ וווייט, זיי זיצן פאַר־טראַכטע וועגן זייערע גרויסע געשעפטן און אונטערנעמונגען. אין זייערע אויגן

זעט אויס אונדזער שטוב קליין און אָרעם. דאָס ליכט איז פאַר זיי טונקל, דאָס מעבל געפּעלט זיי נישט. מיט אָנגעצויגנקייט טרינקען זיי טיי, בייסן צו — און באַלד נעמען זיי קוקן אויפן זייגער. זיי האָבן נישט קיין צייט, זיי דאַרפן זען נאָך מענטשן וועגן געשעפטלעכע ענינים צו דערליידיקן. געזעגענען זיי זיך און גייען אוועק, לאָזנדיק הינטער זיך וואָלקנס רויך און אַ קאַלטע שטימונג.

— דערפאַר, — זאָגט געצל, — ווען עס קומען זײַנע מענטשן, עמך, לעבן זיי אויף צוזאַמען מיט דער הויז. די שטימונג איז גאָר אַן אַנדערע. מען רעדט, מען דערציילט און מען פרעגט זיך נאָך אויף דעם און יענעם. מען ווייזט די מציאות וואָס מען האָט אײַנגעהאַנדלט אויף „סעילס". מען באַרימט זיך מיט די קינדער, די אייניקלעך. די פּנימער ביי אַלעמען צעוואַרעמען זיך, די אויגן שיי־נען און די שטימונג איז אַ געהויבענע, אַ דערפרייענדע. דאָס הויז, די מעבל, דאָס זילבערוואַרג, די שפּיגלען, אַלץ נעמט שײַנען און גלאַנצן ווי אין יום־טוב־טעג, ווי אַ שמחה וואָלט זיין.

מען רעדט וועגן אַמאָליקע צייטן, פון די ערשטע יאָרן ווען מען איז געקו־מען אין לאַנד גרינע. ווען מען האָט געוווינט צו צוויי־דריי משפּחות אין איין הויז. ווען איינער פאַרן אַנדערן האָט געגעבן אַ זשירע אין גמילות־חסד קאַסע. ווען מען האָט אריבערגעבראַכט די ווייב און קינדער פון די אַלטע היימען. מען שמועסט זיך דורך ווי אייגענע מענטשן, אָן אָנשטעל, פּשוט. אַלע זײַנען גלייך, ווי איין משפּחה. די שמועסן פאַרציען זיך לאַנג. קיינער קוקט נישט אויפן זיי־גער, די שטימונג איז אַזוי גוט — אַ מחיה!

אָט די געסט זײַנען געצילס די בעסטע, די טייערסטע. זיין פרוי דאַרף זיך נישט גרייטן, נישט פּוצן, נישט מאַכן קיין אָנשטעל. זי גרייט צו טיי מיט צו־בייסן. די געסט העלפן צו. מען זיצט נישט ווי שטייפע נאָנעס, ווי מען וואָלט ערשט ארויס פון אַן אייז־קאַסטן. מען פאַרעיפּושט נישט די הויז מיט רויך פון סיגאַרן, און מען טוט נישט קיין טובה ווען מען רעדט ארויס אַ וואָרט. מען טרינקט געמיטלעך די טיי, מען בייסט צו, מען דערציילט דערביי אַ וויץ, אַ מעשהלע. אַנדערע כאַפּן אונטער מיט אַ זמרל און ס'איז לעבעדיק און פריילעך.

שפּעטער געזעגנט מען זיך וואַרעם, מען בעט אָפטער קומען, נישט זיין קיין געבעטענע געסט און נישט וואַרטן אויף איינלאַדונגען. מען דריקט זיך די הענט, מען קושט זיך און אַ וואַרעמקייט נעמט אַלעמען ארום. די גוטע שטימונג בלייבט איבער און זי פאַרליכטיקט די הויז.

— אָט די געסט, — זאָגט געצל ליידיקגייער, — זײַנען זײַנע בעסטע און טייערסטע געסט. זיי ברענגען פאַרגעניגן מיט זייער קומען, און פרייד מיט זייער אַוועקגיין...

# געקומען זיך באַראַטן...

די גרינוואָרצלס האָבן באַשטימט צו פאַרקויפן זייער הויז. עס איז זיי נמאס געוואָרן די געגנט, די שכנים מיט זייערע באַדינערס, זיינען זיי אַוועק צו אַן אַגענט וואָס פאַרקויפט הייזער.

קומען זיי אריין אין ביוראָ פון אַגענט, זיצט דאָרטן אין פראָנט־צימער אַ מיידל, פרעגן זיי איר אויפן בעל־הבית. די מיידל ווייזט זיי אָן אריינצוגיין אין צווייטן צימער. קומען זיי דאָרטן אריין און טרעפן אָן אויסגעפּילטן מאַן מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ, וואָס גלאַנצט ווי אַ שפּיגל. פרעגט ער זיי:

— וואָס פאַרלאַנגט איר?

— מיר פאַרלאַנגען, חלילה, גאָרנישט! — האָט פרוי גירנוואָרצל געזאָגט, — מיר ווילן זיך מיט אייך באַראַטן, זיך דורכריידן, הערן אייער עצה ווי איז בעסער צו טאָן. נאָר איידער מיר גייען אייך דערציילן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, זייט אַ דזשענטלמען און בעט אונדז זיצן. איך האָב הינער־אויגן אויף די פיס די גרויס ווי דער טינטער אייערער אויפן טיש!

— גוט, זעצט זיך!

— אַ דאַנק. יאָ, וועגן וואָס זיינען מיר צו אייך געקומען? פּייוול, — טוט זי אַ שטורקע איר מאַן, — זעסט דאָך איך האָב זיך אַ ביסל פאַרהאַקט, פאַרגעסן וועגן וואָס מיר זיינען דאָ געקומען. פאַרוואָס שטייסטו ווי אַ ליימענער גולם און העלפסט מיר נישט ארויס?

— איך פאַרשטיי אייך, — זאָגט דער אַגענט, — איר ווילט אוודאי ערגעץ פאָרן. זאָגט מיר ווו און ווען און ווי אזוי ווילט איר פאָרן: מיטן עראָפּלאַן צי מיט אַ שיף?

מאַן און ווייב האָבן זיך איבערגעקוקט. באַלד האָט זי זיך אָפּגערופן:

— איך פאַרשטיי, אַז מיט אַ שיף דאַרף זיין אינטערעסאַנטער ווי מיטן עראָפּלאַן!

— פאַרוואָס איז מיט אַ שיף אינטערעסאַנטער? — האָט איר געפרעגט איר מאַן.

— ווייל אַז מען פאָרט מיט אַ שיף זעט מען שטעט, פאָרטן, מענטשן. אויפן שיף קען מען זיך גוט פאַרברענגען. געדענקסט וואָס מרס. צארקין האָט דער־ציילט: ווי גוט זי האָט זיך פאַרבראַכט אויף דער שיף ווען זי איז געפאָרן קיין יוראָפּ?

— איך גלייך נישט צו פֿאָרן אויף קיין שיף. וואָס טוט מען אז עס מאַכט זיך אַ שטורעם אויפֿן ים און עס געשעט אַ קאַטאַסטראָפֿע? באַשע, דו ווייסט גאַנץ גוט, אז איך קען נישט שווימען!

— און אז מיר זאָלן פֿאָרן מיטן עראָפּלאַן און עס זאָל, חלילה, זיך מאַכן אַ שטיקל קאַטאַסטראָפֿע, קענסטו דען שפּרינגען? די האָסט דאָך מורא אפילו זיך ארויפשטעלן אויף אַ בענקל!

דער מאַן פון ביוראָ האָט זיך ארייינגעמישט:

— מאַכט אָפּ אייער מיינונג ווי איר ווילט פֿאָרן. איך בין פֿאַרנומען, באַלד דאַרפֿן קומען נאָך מענטשן מיך זען!

— פּייוול, איך מיין מיר זאָלן פֿאָרן מיט אַ שיף! וואָס איז דער אונטער־שייד, — ווענדעט זי זיך צום אַגענט, — פֿון אַ שיף ביז אַן עראָפּלאַן?

— איר ווילט וויסן דעם פּרייז פון אַ שיף און אַן עראָפּלאַן?

— חלילה, ווער גייט עס קויפֿן אַ שיף צי אַן עראָפּלאַן! כ׳וויל נאָר וויסן דעם פּרייז. כ׳מיין דאָס פֿאָרן אויף אַ שיף אָדער אויף אַז עראָפּלאַן!

— עס איז כמעט דער זעלבער פּרייז!

— ווי לאַנג פֿאָרט מען מיט אַ שיף צו ניו־יאָרק? — האָט זי געפֿרעגט.

— אַ דריי וואָכן.

— און מיטן עראָפּלאַן?

— ארום צוואַנציק שעה.

— פּייוול, דו הערסט! פֿאַרן זעלבן געלט קענען מיר פֿאָרן מיט אַ שיף. דריי וואָכן זיין אויפֿן וואַסער און מיר וועלן נישט דאַרפֿן זיין אין שרעק צוואַנציק שעה אין דער לופטן אין עראָפּלאַן. און אז מיר וועלן פֿאָרן מיט דער שיף קיין ניו־יאָרק, וועלן מיר אין איין וועגס שוין זיך צוכאַפּן קיין אמעריקע. דאָרטן געפינט זיך מיין מוטערס שוועסטער, איר צו לאַנגע יאָר. דו דאַרפסט איר נאָך געדענקען. גאַנצע טעג פלעגט זי זיך ארומרייסן מיט מיין מאַמען. מיר וועלן קענען זיין ביי איר אַ פּאָר וואָכן. זי איז געווען געלעגן מיין מאַמען אויפֿן קאָפּ. מיין מאַמע האָט פֿאַר איר געזאָרגט, איר חתונה געמאַכט, געהאָלפן איר אפילו מיטן אויסשטייער צו דער חתונה!

— ווען דענקט איר צו פֿאָרן? — האָט דער מאַן פון ביוראָ זיי געפֿרעגט.

— אזוי גיך, — האָבן ביידע געזאָגט, — ווי איר וועט פֿאַרקויפֿן אונדזער הויז!

— וואָס רעדט איר? איך פֿאַרקויף נישט קיין הייזער! איך האָב אַ רייזע־ביוראָ. איך פֿאַרקויף רייזע־בילעטן! — האָט דער מאַן ברוגזלעך געענטפֿערט.

— איר האָט דאָס אונדז געדאַרפט באַלד זאָגן! — האָט די פרוי בייז גע־

זאָגט. — נישט פאַרהאַקן אונדז אַ קאָפּ מיט שיפן און עראָפּלאַנען. ווער דאַרף דאָס וויסן! מיר ווילן פאַרקויפן אונדזער הויז און דאָסאַל!

— אויב אירווילט פאַרקויפן אייער הויז, — האָט דער אַגענט אויפגערעגט געזאָגט, — דאַרפט איר גיין מיט אַ שטאָק העכער, נישט קומען צו מיר! דאָרטן פאַרקויפט מען הייזער!..

פאַרשעמטע האָבן די גרינוואָרצלס פאַרלאָזט די ביורא און זיך געלאָזט גיין צום צווייטן שטאָק, צום אַגענט וואָס פאַרקויפט הייזער...



# קנעפּלעך...

— איינער האָט פאַרבעטן זיין פריינד צו זען זיין ניי־אויסגעבויטע הויז — אַ הויז וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ פּאַלאַץ. אין די צימערן, וועראַנדעס, גאָרטן און באָד־צימערן האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דאָס רייכטום. אַלץ איז דאָ געווען אויפן מאָדערנסטן אופן מיט אינסטאַלירטע אַפּאַראַטן, אַטאָמאַטן און פאַרשיידענע עלעקטרישע מכשירים. ווען די באַלעבאַטים האָבן וואָס געוואָלט, האָבן זיי בלויז אַ דריק געטאָן אַ קנעפּל.

אָן אויפגעלייגטער איז ארומגעגאַנגען דער בעל־הבית איבערן הויז און געוויזן זיין פריינד די ווונדער. ווען ער האָט נאָר אַ קוועטש געטאָן אַ קנעפּל, איז פאַר אים אויסגעוואַקסן וואָס נאָר ער האָט געוואָלט. ער האָט אַ קוועטש געטאָן אַ קנעפּל און באַלד איז צוגעפאָרן אַ טישל אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעשטעלט פאַרשיידענע משקאות מיט צעשניטענע שטיקער טאָרט און מיט פינקלדיקע גלעזער. נאָכדעם ווי זיי האָבן אויסגעטרונקען די געטראַנקען און אויפגעגעסן דעם טאָרט, האָט דער באַלעבאָס פון הויז ווידער אַ קוועטש געטאָן אַ קנעפּל, איז דאָס טישל מיט די אויסגעליידיקטע פלעשער און גלעזער פאַרשוונדן.

דער גאַסט האָט דאָס אַלץ באַוווּנדערט און געפרעגט זיין פריינד:

— ווער האָט דיר געגעבן די איינפאַלן אַזוי גרויסאַרטיק איינצושטעלן דיין היים?

— וואָס הייסט ווער? — האָט דער באַלעבאָס מיט גוואה געענטפערט. — פאַר געלט קען מען אַלץ האָבן!

א ביסל שפּעטער האָט ער אים געוויזן די שלאָף־צימערן, באָדע־צימערן, קיך און אַנדערע צימערן. אַלע זיינען געווען איינגעאָרדנט אויפן מאָדערנסטן אופן. דער פריינד האָט מיט חידוש אַלץ באַטראַכט און געפרעגט:

— זאָג מיר, סעם, וואָס איז די מאַשין וואָס שטייט דאָ אין אויפנעם צימער?

— דאָס איז, — האָט ער געענטפערט, — אַן אַפּאַראַט, וואָס ווייזט ווער עס קומט צו גאַסט.

— אינטערעסאַנט! ווי אַזוי זעסטו?

— איך גיב אַ קוועטש דאָס קנעפּל!

ער האָט אַ קוועטש געטאָן אַ קנעפּל און געבעטן זיין פריינד צו קוקן אין אַ פּונקט וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בראָט־בעקן, און דאָרטן האָט זיך געזען ווי עמעצער דערנענטערט זיך צו דער פראָנט־טיר.

— דאָס איז וואונדערלעך, גרויסאַרטיק! — האָט זיין פריינד אויסגערופן.

— ווען מיר געפעלט נישט ווער עס קומט, טו איך אַ קוועטש אַן אַנדער קנעפּל, ווערט אין הויז פינצטער און עס מאַכט דעם איינדרוק ווי קיינער איז נישטאָ!

— גרויסאַרטיק!

— אָט איז אַ קנעפּל, — האָט ער אָנגעוויזן זיין פריינד, — ווען איך טו דאָ אַ קוועטש נעמען שפּריצן אין דרויסן די שפּריצערס ווי דער שטאַרקסטער רעגן וואָלט פאַלן.

זיין פריינד איז געווען באַגייסטערט פון אַלע וואונדער. דערווייל האָט ער באַמערקט אַ רויטע ליכט אין אַ זייט, האָט ער געפרעגט:

— וואָס איז די רויטע ליכט?

— די רויטע ליכט איז אַן אָנזאָג, אַז ס'איז שוין באַלד נאַכט.

— דאָס איז קאָלאָסאַל, וואונדערלעך. אָבער דאַכט זיך אַז דאָס איז נישט אַזוי וויכטיק. ווען מען וויל וויסן ווען די נאַכט פאַלט צו, קוקט מען ארויס דורכן פענצטער...

— ווער האָט צייט צו קוקן דורכן פענצטער! איך בין אַ פאַרנומענער מענטש, און יעדע מינוט איז ביי מיר טייער.

— ווו איז דיין פרוי? — האָט דער פריינד געפרעגט.

— מיין פרוי איז פאַרנומען אין איר צימער.

ער האָט אַ קוועטש געטאָן אַ קנעפּל און אין „בראָט־בעקן" פון דעם אַפּאַראַט האָט מען געזען די פרוי זיינע, וואָס איז געזעסן אויף אַ ווייכער סאָפע און גע־צופּט זיך די ברעמען...

אזוי האָט ער כסדר געקוועטשט די קנעפּלעך און געוויזן זיין פריינד די וווּנדער אין זיין הויז.

ביים אַוועקגיין פון דעם רייכן הויז האָט דער פריינד באַמערקט, אז צו אַלע קנעפּלעך אין דער שיינער מאָדערנער הויז האָבן געפעלט אייניקע קנעפּלעך. עס האָבן געפעלט ביים רייכן מאַן די קנעפּלעך פון זיין העמד...



## אַ מעשה מיט אַן עלעקטריק־מעכאַניקער...

ביי אונדז אין הויז איז פּלוצלינג קאַליע געוואָרן דאָס עלעקטרישע ליכט. געווען איז דאָס פּונקט ווינטער־צייט, ווען די נעכט זיינען לאַנג און די קעלט בייסט. דער עלעקטרישער אויוון האָט נישט געאַרבעט, אויך די וואַרעם־אויוועלעך אָנצוּוואַרעמען די הויז האָבן נישט געאַרבעט. געווען איז עס אין אָוונט פאַר אָוונט־ברויט. מען האָט אפילו נישט געקאָנט האָבן אַ גלאָז טיי. קלינגען מיר אָן צו אַ עלעקטריק־מעכאַניקער, ער זאָל קומען צורעכט מאַכן די עלעקטריק. אַ פרויען־שטימע האָט געענטפערט:

— ווער רעדט?

מיר האָבן געזאָגט ווער ס׳רעדט, דערציילט וועגן דער פינצטערניש אין הויז, די וואַרעם־אויוועלעך זיינען קאַלט, מיר פרירן, און האָבן אפילו קיין גלאָז טיי נישט געהאַט.

— זייט אזוי גוט און טעלעפאָנירט מאָרגן! — האָט די פרויען־שטימע געזאָגט.

— וואָס רעדט איר! — רוף איך זיך אָפּ. — מיר הונגערן און פרירן, ווי קאָנען מיר וואַרטן ביז מאָרגן?!

— איך בין נישט דער עלעקטריק־מעכאַניקער, נאָר מיין מאַן, — זאָגט די פרוי, — ער איז נאָך נישטאָ פון דער אַרבעט!

— אפשר קלינגען אַ ביסל שפּעטער?

— פּרובירט! — האָט זי קורץ געזאָגט און אָפּגעהאַקט דעם שמועס.

זאָגט צו מיר מיין פרוי: — לאָז אים אויס. ער איז נישט דער איינציקער מעכאַניקער. קלינג אָן אַן אַנדערן.

זוך איך אין טעלעפאָן־בוך און געפין אַן עלעקטריק־מעכאַניקער מיט אַ יידישן נאָמען: מיסטער פראַנץ קנאָבל.

עס איז מיר נישט אזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן דער נאָמען. נאָר אזוי ווי איך האָב נישט געהאַט קיין ברירה, האָב איך אים אָנגעקלונגען. קיינער האָט נישט געענטפערט. האָב איך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל געקלונגען, ביז מען האָט געענטפערט:

— יעס! — האָט אַ שטימע אָפּגעקלונגען.

— איז דאָס דער עלעקטריק־מעכאַניקער מיסטער פראַנץ קנאָבל? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ. וואָס פאַרלאַנגט איר? — הער איך פון דער אנדער זייט אַ געזונטע מענער־שטימע.

דערציייל איך אים, אז די ליכט אַרבעט נישט, מיר זיצן אין הויז אין דער פינצטער. מיר פרירן און הונגערן.

— מיין עצה איז, — ענטפערט ער מיר, — איר זאָלט גיין אין אַ רעסטאָראַן. איר וועט צובייסן און נישט דאַרפן הונגערן!

— איר שפּאַסט! איך דערצייל אייך מיר זיינען אויף צרות, און איר שפּאַסט גאָר!

— איך שפּאַס נישט, כ׳מיין דאָס ערנסט. איך קאָן נישט פאַרטראָגן ווען אַ מענטש הונגערט!

— וואָס טוט מען מיט דער פינצטערניש? — פרעג איך.

— צינדט אָן אַ יאָרצייט־ליכט!

— איר שפּאַסט ווידער!

— איך שפּאַס נישט, אז ס׳איז פינצטער צינדט מען אָן אַ ליכט אָדער מען גייט שלאָפן!

— איך וויל נישט שלאָפן. איך בין הונגעריק און פאַרפרוירן!

— איך קען אייך גאָרנישט העלפן!

— איר זייט דאָך אַן עלעקטריק־מעכאַניקער!

— נו, איז וואָס אז איך בין?

— וויל איך איר זאָלט קומען און צורעכט מאַכן די ליכט.

— איך זע אז איר פאַרגלייכט מיך צו אַ דאָקטער. איך גיי נישט ווען מען וויל, נאָר ווען איך וויל, ווען כ׳האָב צייט!

— ווען האָט איר צייט? — פרעג איך אים.

— די צווייטע וואָך! — ענטפערט ער.

— איר ווילט אז מיר זאָלן זיצן אין דער פינצטער, הונגערן און פרירן, ביז דער צווייטער וואָך?

— נעמט אייך אַ וואָך אַ האָלידיי, רוט זיך אויס. פאָרט ערגעץ צו אַ וואַ־רעמען פלאַץ. עס וועט אייך גוט טאָן!

— אַ דאַנק פאַר דער עצה. איך בין נישט קיין נגיד, איך זאָל קענען פאָרן ווען איך וויל נאָר. איך האָב אַרבעט. כ׳בעט אייך, קומט אַריבער!

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, אז איך בין נישט קיין דאָקטער וואָס קומט ווען מען רופט אים. איר מוזט זיך צופאַסן צו מיין צייט!

— איז ווען וועט איר קומען?

— די צווייטע וואָך.

— ווען די צווייטע וואָך?

— איך ווייס נישט.

— זאָגט אַ טאָג!

— מעגלעך אז דאָנערשטיק אָדער פרייטיק!

— וואָס רעדט איר? היינט איז ערשט זונטיק, ווילט איר איך זאָל וואַרטן באַלד צוויי וואָכן?!

— אויב עס לוינט אייך נישט, זוכט אייך אַן אַנדערן! — האָט ער בייז גע־זאָגט און אָפּגעהאַקט.

איך בין געבליבן שטיין מיטן טעלעפאָן־טרייבל אין האַנט ווי אַ געליימטער און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. מיין פרוי האָט מיר געעצהט איך זאָל אריינגיין צום שכן, אפשר ווייסט ער פון אַן עלעקטרישאַן.

פאָלג איך מיין פרוי און גיי אריין צו מיין שכן, און דערצייל אים אַלץ. ער האָט מיך באַרואיקט. כ׳זאָל נישט זאָרגן, ער ווייסט פון אַן עלעקטריק־מע־כאַניקער. ער וועט אים אָנקלינגען און ער וועט גלייך קומען.

ס׳איז טאַקע אזוי געווען. דער עלעקטרישאַן איז באַלד געקומען. ער האָט אַוועקגעשטעלט זיין קעסטל און גענומען זוכן, טאַפּן אין דער פינצטער און גע־זאָגט, אז דאָס וועט מיר קאָסטן צוואַנציק ראַנד. איך האָב צוגעשטימט.

ער האָט מיר אָבער דערקלערט, אז צוואַנציק ראַנד דאַרף איך אים באַצאָלן בלויז פאַרן קומען זען וואָס ער האָט צו טאָן. פאַר דער אַרבעט און מאַטעריאַל וויל ער הונדערט און פופציק ראַנד.

כ׳האָב פרובירט עפּעס אָפּדינגען, זאָגט ער מיר, אז ער האָט געמאַכט אַ טעות — עס דאַרף קאָסטן 200 ראַנד.

איך האָב שוין מורא געהאַט זיך צו דינגען מיט אים, טאָמער העכערט ער ווידער דעם פרייז, האָב איך צוגעשטימט. דער מעכאַניקער האָט מיר געזאָגט, אז איך מוז אים געבן אַ הונדערטער האַנט־געלט צו קויפן דאָס מאַטעריאַל. ער האָט נישט קיין געלט אויסצולייגן. פרעג איך וועגן דעם מיין פרוי. זאָגט זי:

— גיב אים און זאָל ער צורעכט מאַכן די ליכט, אויב דו ווילסט נישט אז מיר זאָלן אויסגיין פון הונגער און קעלט אין דער פינצטערניש.

איך האָב דעם מאַן געגעבן הונדערט ראַנד איינצוקויפן דאָס מאַטעריאַל. ער האָט גענומען דאָס געלט און איז אַוועק. מיר זיינען געבליבן זיצן אין דער פינצטער און קעלט און געוואַרט אויף אים. אָבער ער איז נישט געקומען...

בין איך אַוועק צום שכן פרעגן וואָס עס האָט פּאַסירט מיטן עלעקטרישאַן, וואָס ער האָט מיר רעקאָמענדירט. אָבער דאָ איז מיר נאָך פינצטערער געוואָרן פאַר די אויגן: דער שכן איז נישט געווען אין הויז. אַנדערע מענטשן האָב איך דאָרטן געפונען. זיי האָבן מיר דערציילט גאָרנישט קיין פריילעכע זאַכן וועגן דעם שכן. זיי האָבן מיר געזאָגט, אז ער איז געבליבן שולדיק פאַר דריי חדשים דירה־געלט און איז פאַרשוונדן. איצט זוכט אים די פּאָליציי...



## מען דאַרף וויסן ווי צו ריידן...

אויף אַ שמחה איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער געשלעג. איינער איז שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן און מען האָט אים געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל. פּאָליציי איז געקומען און אויסגעפונען אז חיים שטריימל, אַ גרויסער שלימזל, איז גע־ווען דער שולדיקער. ער האָט דאָס געמאַכט דעם טומל, געשטערט די שמחה, פאַראורזאַכט דעם געשלעג און איינעם שטאַרק צעמזיקט. די פּאָליציי האָט חיים שטריימלען אָפּגעפירט אין פּאָליציי־באַצירק.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען חיימען געבראַכט אין געריכט. דער ריכטער האָט אים געפרעגט:

— איר זייט זיך מודה, אז איר האָט צעשטערט די שמחה און ארויסגערופן דעם געשלעג?

— יאָ, איך בין זיך מודה! — האָט חיים שטריימל געענטפערט.

— איר זייט זיך אויך מודה, אז איר האָט צעשלאָגן דעם הער קנאָבל, צע־בראָכן אים די ביינער, אז מען האָט אים געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל?

— יאָ, איך בין זיך מודה!

— פאַרוואָס האָט איר דאָס געטאָן? — האָט דער ריכטער אים שטרענג געפרעגט.

חיים האָט גאָרנישט געענטפערט.

— אין נאָמען פון געריכט פאָדער איך אייך אויף צו ענטפערן אויף דער פראַגע, צו זאָגן דעם גאַנצן אמת!

חיים האָט געשוויגן.

— איך פאָדער אייך אויף אין נאָמען פון געריכט צו ענטפערן תיכּף אויף דער פראַגע! — האָט דער ריכטער געשטורעמט.

— אויב דער ריכטער וועט מיר דערלויבן, — האָט חיים שטריימל געלאַסן גערעדט, — וועל איך געניו אַלץ אויפקלערן!

— דערלויבט! — האָט דער ריכטער געזאָגט.

— די זאַך איז געווען אַזוי, — האָט חיים דערקלערט, — איך בין געקומען אויף דער שמחה. דאָרטן האָב איך זיך געטראָפן מיט פריינד. צווישן זיי איז אויך געווען הער קנאָבל. ער האָט גענומען מיט מיר פירן דעבאַטעס און זיך אַמפּערן וועגן פּאָליטיק. ער האָט געזאָגט אַז דער הימל איז טויזנטער מיליאַרדן מייל הויך. האָב איך אים געזאָגט, אַז ער האָט נישט געמאָסטן דעם הויך צום הימל און אַז ער ווייסט נישט וואָס ער פּלאַפּלט. האָט ער זיך באַליידיקט און האָט מיך גערופן משוגענער. דאָס וואָרט משוגענער האָב איך פיינט צו הערן, האָב איך אים דערפאַר געגעבן אַ פּאַטש. האָט ער מיר צוריקגעגעבן צוויי פּעטש. האָב איך געזאָגט, ער זאָל ארויסקומען אין דרויסן וועל איך אים אָנלערנען אַ לעקציע. האָט ער ניט געוואָלט. האָב איך אים געזאָגט, אַז ער איז אַ ווילדער אָקס וואָס האָט מורא פאַר פרישער לופט.

דער ריכטער האָט אים איבערגעריסן:

— פאַרוואָס האָט איר אים גערופן ווילדער אָקס?

— ווייל ער האָט נישט געוואָלט ארויסגיין אין דרויסן.

— צוליב וואָס האָט איר געוואָלט אַז ער זאָל ארויסגיין אין דרויסן? — האָט דער ריכטער געפרעגט.

— איר פאַרשטייט, הער ריכטער, — האָט חיים שטריימל דערקלערט, — אין דרויסן איז פאַראַן וואָפן מיט וואָס זיך צו שלאָגן און צו פאַרטיידיקן זיך!

— וואָס פאַר אַ וואָפן האָט איר געהאַט אין דרויסן? — האָט דער ריכטער געפרעגט.

— אין דרויסן, — האָט חיים געזאָגט, — וואָלט איך געכאַפּט אַ שטערן פון הימל און אים געוואָרפן אין קאָפּ אריין! אין דרויסן וואָלט איך אים מיט אַ וואָלקן צעשמעטערט אויף פּיך־פּיצלעך. כ׳וואָלט אים מיטן ווינט פאַרטריבן. איך וואָלט אראָפּגעצויגן די לבנה און געמאַכט אַ פייער, און איך וואָלט פאַרברענט די גאַנצע שטאָט מיט אים אינאיינעם. איך וואָלט גענומען דעם ים און אים דאָרטן דערטרונקען. נאָכדעם וואָלט איך פאַרפלייצט די וועלט מיט אַלע

מענטשן און וואָלט דעם פּאָסקודניאַק הער קנאָבל געלערנט זיך נישט אָנצוהייבן מיט מיר. איך וואָלט פֿאַרברענט די פעלדער מיט די וועלדער און אַלע מענטשן וואָלטן אומגעקומען. איך וואָלט געמאַכט אַ הונגער, כ׳וואָלט אָנגעצונדן די פּיראַמידן, דעם סאַהאַראַ מדבר און אַלע אָזערעס און טייכן. איך וואָלט ארויסגע־רופן אַ ווולקאַן צו ברענען און בראָטן. איך וואָלט פאַרניכטעט אַלע פעלקער מיט אַלע באַשעפענישן, מיט אַלע געריכטן און ריכטער. איך וואָלט אָפּגעווישט פון דער ערד די גרויסמאַכטן מיט זייערע אַטאָמען און ראַקעטן. איך וואָלט אַלץ פאַרניכטעט און נאָכדעם וואָלט איך געקויפט א גוטע פיאַנאָ פון דייטשער פּראָ־דוקציע און וואָלט זיך אוועקגעזעצט אין מיטן גאַס און געשפּילט פאַר אַלע מענטשן און וואָלט זיי פריילעך געמאַכט, און איך וואָלט — — —

— גענוג, גענוג! — האָט דער ריכטער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און גערופן איינעם פון די וועכטער. ער האָט צו אים אַ ווונק געטאָן און געהייסן דעם באַ־שולדיקטן ארויסוואַרפן פון געריכט...

ווען זיינע חברים האָבן אים דערזען אויף דער פריי, האָבן זיי זיך געחי־דושט און געפרעגט ווי אזוי ער איז אָפּגעקומען אָן אַ שטראָף.

חיים האָט געשמייכלט און געשוויגן.

— האָסט אוודאי געהאַט אַ גוטן אַדוואָקאַט? — האָט מען אים געפרעגט.

— קיין אדוואָקאַט! — האָט חיים געענטפערט מיט טריאומף.

— האָסט נישט געהאַט קיין אַדוואָקאַט? איז ווי אזוי ביסטו געוואָרן באַ־פרייט? — האָט מען אים געפרעגט.

— איר ווילט וויסן ווי אזוי? גאַנץ פשוט! — האָט חיים געענטפערט מיט אַ ברייטן שמייכל. — ס׳איז דערפאַר, ווייל מען דאַרף וויסן ווי אזוי צו ריידן פאַר אַ ריכטער!..



# אין אַ בלומען־געשעפט

געווען איז דאָס אין אַ הייסן זומער־טאָג. אַ מאַן איז אריינגעקומען אין אַ בלומען־געשעפט צעיאַכמעט און פאַרשוויצט, געווישט זיך דעם שטערן און זיך אָפּגערופן צו דער בלומען־פאַרקויפערין:

— מאַדאַם, איר פאַרקויפט בלומען?

— וואָס דען פאַרקויף איך, הערינג?! — האָט די פרוי ברוגזלעך געזאָגט.

— אַנטשולדיקט, — האָט דער מאַן זיך אָפּגערופן, — איך רייד צו אייך ווי צו אַ מענטשן און איר ענטפערט מיר מיט חוזק!

— איר זייט אַ גרויסער חכם! איר זעט אַזוי פיל בלומען דאָ, פרעגט איר צו איך פאַרקויף בלומען! וווּ האָט איר געלאָזן אייער שכל?

— מאַדאַם, איך בעט אייך נישט צו באַליידיקן מיך! איך בין אויך אין ביזנעס און ווייס ווי מען דאַרף ריידן צו קונים. רעספּעקט דאַרף מען האָבן פאַר אַ קונה!

— גוט, זאָגט שוין וואָס פאַר אַ בלומען איר ווילט?

— איך וויל בלומען? איך דאַרף בלומען? איך דאַרף עס נישט פאַר מיר, נאָר פאַר עמעצן אַנדערש!

— גוט, זאָל זיין פאַר עמעצן אַנדערש. וואָס פאַר אַ קאָלירן בלומען ווילט איר האָבן?

— וואָס איז דאָס יאָגעניש? וואָס איילט איר זיך. לאָזט מיך פריער אָפּ־כאַפּן דעם אָטעם! — האָט דער מאַן געזאָגט און זיך געווישט דעם שווייס. — איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך וויל גאָרנישט, נאָר די פערזאָן וואָס האָט מיך געשיקט צו אייך וויל האָבן בלומען!

— איר ווילט רויזן אָדער אַנדערע בלומען?

— איך בין נישט קיין מבין אויף בלומען. איך בין אַ הויזן־שניידער!

— זאָגט מיר צו וואָס דאַרפט איר די בלומען, פאַר אַ חתונה?

— איר האָט נישט געטראָפן!

— פאַר אַ ברית?

— אויך נישט.

— פאַר אַ אויפנאַמע?

— ווער מאַכט עס היינטיקע צייטן אויפנאַמעס? אז מען וויל מאַכן אַן אויפ־נאַמע, גייט מען אריין צו אַ פאָטאָגראַפיסט, נישט אין אַ בלומען־געשעפט! — האָט דער מאַן געזאָגט און זיין פנים האָט זיך דערביי צעפלאַמט ווי אַ שטיק פייער.

— איר ווילט אפשר בלומען אויף יום־טוב?

— אויף יום־טוב קויפט מען נישט קיין בלומען. פיש, פלייש, חלות, ווייַן קויפט מען!

— מיסטער, איר פאַרנעמט מיין צייט. זאָגט וואָס איר ווילט?

— איך וויל גאָרנישט, נאָר יענער וואָס האָט מיך געשיקט צו אייך וויל בלומען.

— ווער האָט אייך געשיקט?

— אַ מאַן, אַ פאַרהייראַטער מאַן מיט אַ פרוי און דריי קינדער!
— ער האָט אייך געשיקט דאָ קויפן פאַר אים בלומען?
— יאָ.
— ס'איז ביי אים אַ שמחה?
— ניין, נישט קיין שמחה. זיין ווייב איז צוריקגעקומען פון אויסלאַנד.
— וויל ער פאַר איר בלומען? — פרעגט אומגעדולדיק די פאַרקויפערין.
— מער האָט ער שוין נישט צו טאָן, נאָר קויפן פאַר זיין פאַקראַקע בלו־מען! ער דאַנקט גאָט אז זי פאָרט אַוועק!
— איז פאר וועמען דאַרף ער בלומען?
— ער האָט מיר געזאָגט, האָב איך פאַרגעסן.
— גייט און פרעגט אים!
— איך גיי נישט! וואָס מיינט איר, איך בין אַ ליידיקגייער!
— איז דערמאָנט זיך!
— יאָ, איך געדענק שוין. ער דאַרף האָבן צוויי בוקעטן בלומען. איין בו־קעט איז פאַר זיין שוויגער וואָס ליגט אין שפיטאָל. די בלומען זאָלט איר שיקן אין שפיטאָל. שיקט איר ביליגע בלומען, ווייל זי פילט סיי ווי נישט מיט דער נאָז. דעם צווייטן בוקעט בלומען זאָלט איר שיקן צו זיין סעקרעטאַרשע. דאָ האָט איר דעם אַדרעס. און איר וועט ביילייגן דאָס בריוול. פרישע, שמעקנדיקע בלומען וויל ער איר זאָלט שיקן דער סעקרעטאַרשע, און איר זאָלט נישט רע־כענען צו טייער!
— פאַר אייך וועל איך מאַכן אַ ספּעציעלן ביליגן פּרייז, צו 20 ראַנד פאר אַ בוקעט צוזאַמען מיטן איינפּאַקן און צושיקן אויף די אַדרעסן.
— מאכט דאָס אַ ביסל ביליגער!
— פאַר אייך, 35 ראַנד פאַר ביידע בוקעטן. גוט?
— גוט, איך וועל גיין פרעגן מיין פריינד. איך וועל צוריקקומען אין אַ פּאָר חדשים ארום, ווען זיין פּאָקראקע וועט ווידער ערגעץ אוועקפאָרן, וועל איך אייך לאָזן וויסן!..

# אַן אָנפאַל אויף מיר...

געווען איז דאָס פאַרנאַכט, ווען איך בין געגאַנגען אויף אַ שטילער גאַס אויפן וועג צו דער אויטאָבוס־סטאַנציע. פּלוצים איז אויסגעוואַקסן פאַר מיר אַ פאַרשוין, אָנגעטאָן אין טונקעלע קליידער, ארומגעוויקלט מיט אַ שאַליק און געטראָגן האָט ער אַ גרויסן הוט, וואָס האָט פאַרשטעלט זיין פּנים, בלויז אַ שטיקל נאָז האָט זיך ארויסגעזען. איך האָב דערפילט אַ קאַלטע זאַך רירט אָן מיינע שלייפן. ער האָט באַפעלעריש קורץ צו מיר געזאָגט:

— דאָס געלט!

אַ קאַלטע שרעק האָט מיך ארומגענומען. עס האָט מיר גענומען וואָרפן ווי איך וואָלט באַקומען קדחת. דאָס לשון האָט מיר אָפּגענומען, כ׳האָב נישט געקאָנט אויסריידן אַ וואָרט.

— דאָס געלט! — האָט יענער שטרענג געזאָגט.

איך האָב קוים ארויסגעשטאַמלט:

— איך האָב נישט קיין געלט, בלויז אַ באַס־קופּאָן צו פאָרן אהיים.

— איך דאַרף געלט!

— איך דאַרף אויך, אָבער איך האָב נישט! — האָב איך געענטפערט און עס האָט מיר געוואָרפן אין קדחת.

דער פאַרשוין האָט אויף מיר מאָדנע געקוקט. ער האָט אוועקגענומען דעם רעוואָלווער פון מיינע שלייפן, געלאָסן אים אריינגעלייגט אין זיין בוזעם־קעשענע און מיך געפרעגט:

— מיט וואָס באַשעפטיקסטו זיך?

— איך בין אַ יידישער שרייבער.

— אזוי, אַ יידישער שרייבער! נו, האָסטו דאָך גענוג געלט!

— ניין, איך האָב נישט.

— גיב דעם זייגער! — האָט ער געזאָגט און ווידער ארויסגענומען דעם רעוואָלווער פון זיין בוזעם־קעשענע.

— איך האָב נישט קיין זייגער. איך האָב טאַקע געוואָלט אייך פרעגן ווי שפּעט עס איז, ווייל איך אייל זיך צום אויטאָבוס צו פאָרן אהיים.

— גיב מיר די רינגען פון די פינגער!

— איך האָב נישט קיין רינגען אויף מיינע פינגער, נאָר אונטער די אויגן.

— ברילּיאַנטן האָסטו?

— יאָ. פיר!

— גרויסע?

— מיטלמעסיקע, פאַרהייראַטע, מיט קינדער.

— צום טייוול! — האָט ער בייז אויסגערופן, — רייד צו דער זאַך, ניט ווי אַ צודרייטער! דו ווערסט באַלד ליגן אַ קאַלטער!

דאָס קדחת האָט זיך פאַרשטאַרקט און ס׳האָט מיך געוואָרפן אין קעלט.

— וואָס שווייגסטו? האָסט ווערטפולע פּאַפּירן?

— יאָ. כ׳האָב אַ כתובה, מאַנוסקריפּטן.

— נישט דאָס, כ׳מיין אַקציעס, שערס!

— געהאַט אַמאָל אַ גוטע שער. ס׳איז שוין אָבער לאַנג אז איך האָב אויפגעהערט אַרבעטן און ניץ נישט מער די שער.

— די פרוי דיינע האָט צירונג? — האָט ער שטרענג מיך געפרעגט און געהאַלטן קעגן מיר דעם רעוואָלווער.

— דאָס איינציקע צירונג אירס זיינען די קינדער און אייניקלעך.

— צום טייוול, דו רעדסט נישט נאָרמאַל. גיב מיר געלט עפּעס צו קויפן צובייסן און אַ שנאַפּס!

— מער ווי דעם באַס־קופּאָן האָב איך נישט.

— גיב אַ סיגאַרעט!

— איך רויכער נישט.

— צום טייוול! — האָט ער גענומען רעווען, — וואָס פאַר אַ חיה ביסטו?

פּלוצלינג האָבן זיך געהערט טריט, עמעצער איז געגאַנגען. דער פאַרשוין האָט האַסטיק פאַרבאַהאַלטן זיין רעוואָלווער, האָט אַ שפּיי געטאָן און איז גיך אַוועק...



# אַ שלעכטער מאַן...

— יאָסל, מאַן מיינער! — רופט זיך אָפּ די פרוי, — זע ווי עס פירן זיך ביי לייטן מענער, ווי געטריי זיי זיינען זייערע פרויען, ווייסן נישט וואָס פאַר זיי צו טאָן. זיי גייען אין פייער און אין וואַסער פאַר זיי, שפּרינגען פון די שטאָקן פאַר זיי, קויפן זיי די שענסטע מתנות. נעמען ארויס זייערע פרויען צו פאַרברענגען, פאָרן פאַר לוסט־רייזעס, קויפן זיי די טייערסטע בריליאַנטן, די בעסטע פוטערס. נישט ווי דו! מען לאַכט דאָך פון מיר וואָס איך האָב אַ מאַן, וואָס זיצט

שטענדיק מיט אַ פאַרזויערטן פּנים, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט אים אונטערגע־
גאַנגען! זאָג מיר, יאָסל, פאַרוואָס ווייזטו נישט ארויס אַ ברעקל ליבע, אַ ביסל
צערטלעכקייט, געטריישאַפט, ווי דאָס טוען אַנדערע מענער! אָט, נעם די שכנה
פון אַנטקעגנאיבער, וואָס עס עקלט אויף איר צו קוקן. זע ווי איר מאַן ווייסט
גאָרנישט וואָס צו טאָן פאַר דער יפיפיה. ער טראָגט דאָך איר אויף די הענט,
קושט זי, האַלדז זי טאָג און נאַכט. ווען ער איז פריי קושט ער זי נאָך לענגער!
און דו, געשפּאַן מיינער, דו זיצסט שטענדיק אַ פאַרזויערטער. קוקסט אפילו
נישט אויף מיר!

האָט איר מאַן יאָסל זיך אָפּגערופן:

— שאָשע, הער מיך אויס! עס קריכן מיר שוין פון האַלדז דיינע רייד.
יעדן טאָג זאָגסטו דאָס איבער און איבער! שטענדיק ביסטו מקנא אנדערע.
קוק ווייניקער אין פרעמדע טעפּלעך, וועסטו נישט זיין „דזשעלעס", וועסטו
קיינעם נישט מקנא זיין און דו וועסט נישט האָבן צו מיר קיין טענות?

— זעט נאָר ווי דאָס האָט זיך עס צורעדט! וואָס ווילסטו, — האָט שאָשע
זיך אָפּגערופן, — איך זאָל קוקן אויף דיין פאַרזויערטן פּנים? איך וועל האָבן
אַ שיין פּנים אז איך וועל קוקן אויף דיר. איך וועל האָבן אַזאַ פאַרזויערטן פּנים
ווי דו האָסט. נאָך דאָס פעלט מיר! אַ מענטש זאָל נישט וועלן זען ווי אנדערע
מענטשן לעבן, ווי עס פירן זיך אויף אַנדערע מענער, ווי מען באַהאַנדלט פרויען
ביי לייטן! יאָסל, זיי וויסן אז דאָס לעבן איז קורץ, דאַרף מען האָבן שכל דאָס
אויסצונוצן!

— נו, האָב איך נישט קיין שכל! — האָט יאָסל געענטפערט.

— דו האָסט יאָ שכל! — האָט שאָשע שוין בייז געזאָגט. — נאָר די צרה
איז, וואָס דו האָסט שכל נאָר פאַר זיך, נישט פאַר מיר. דו ביסט אַן עגאָאיסט,
אַ זעלבסט־ליבהאָבער! זיי וויסן, יאָסל, ווען דו וואָלסט מיר געווען געטריי און
מיך ליב געהאַט וואָלסטו אַנדערש געווען!

— ווי וואָלט איך געווען?

— וואָלסט געווען ווי אַנדערע מענער. וואָלסט אַנדערש און שענער מיך
באַהאַנדלט. שוין אַריבער צוואַנציק יאָר ווי איך פּינצטער אָפּ מיין לעבן מיט
דיר!

— וואָס־זשע ווילסטו? ווילסט זיך אפשר גטן?

— נישט גטן.

— וואָס דען?

— איך וויל ווערן אַן אלמנה.

— דאָס וועסטו ביי מיר נישט ווערן! — האָט יאָסל געזאָגט. — אזוי לאַנג ווי איך לעב וועסטו ביי מיר דאָס נישט פועלן!

— זע ווי אומגעטריי דו ביסט מיר, — האָט שאָשע געמאַכט אַ טרויעריקע מינע. — דו ווילסט איך זאָל אָפּפינצטערן מיין גאַנצן לעבן מיט דיר?

— איך ווייס נישט וואָס דו באַקלאָגסט זיך, — האָט יאָסל זיך אָפּגערופן.

— אַ מאַן האָסטו, קינדער מיט אייניקלעך האָסטו? וואָס נאָך ווילסטו?!

— איך וויל אַ ביסל לעבן, געניסן פון לעבן!

— דו לעבסט דען נישט?

— דו רופסט דאָס לעבן? אויך מיר אַ לעבן וואָס איך האָב!

— וואָס ווילסטו האָבן פון מיר? וואָס האָסטו זיך אָנגעזועצט אויף מיר?!

— איך וויל גאָרנישט, — האָט שאָשע אויפגערעגט גערעדט. — איך וויל אז דו זאָלסט מיך באַהאַנדלען ווי אַנדערע מענער באַהאַנדלען זייערע פרויען. לאָמיר ארויסגיין אַ ביסל פאַרברענגען זיך. איך האָב שוין נישט קיין כוח צו זיצן אין הויז! אָט באַלד וועט אוודאי קומען דיין משפחה, וועל איך זיי דאַרפן באַדינען. נאָכדעם וועלן זיי אָנגעפרעסענע גיין אַהיים און מיך באַריידן, אז איך האָב זיי גאָרנישט געגעבן צו עסן. אָדער זאָגן אז דאָס עסן האָט קיין טעם נישט געהאַט. איך קען גוט דיין משפחה, פונקט ווי איך קען דיך! ביי לייטן עס קומט משפחה ברענגט מען מתנות. זאָג מיר, יאָסל, וואָס פאַראַ מתנות האָט דיין משפּחה מיר געבראַכט פאַר די אַלע יאָרן וואָס זיי קומען? גאָרנישט! איך דאַנק גאָט אז זיי נעמען נישט אַוועק פון מיר! יאָסל, ווו מיינסטו זיינען פאַרלוירן געגאַנגען דאָס גוטע זילבער־מעסער מיטן מעשענעם חנוכה־לאָמפּ, וואָס איך האָב געהאַט ירושה פון מיין מאַמען? ווער האָט דאָס גענומען? נישט קיין אנדער ווי דיין משפחה! איך קען זיי גוט, זיי קומען נאָר נעמען!

— עס געפעלט דיר נישט מיין משפחה?

— זיי געפעלן מיר שוין לאַנג נישט!

— נו, וואָס־זשע ווילסטו טאָן?

— דאָס איז מיין פריוואַטע זאַך!

יאָסל האָט נישט געענטפערט. ער איז געבליבן זיצן פאַרזונקען אין טראַכטן. פלוצלינג האָט ער זיך אויפגעהויבן, אריין אין צווייטן צימער, האָט זיך ארומראַזירט, אָפּגעוואַשן, זיך איבערגעטאָן און ארויס צו זיין ווייב.

ווען שאָשע האָט אים דערזען האָט זי אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגן און מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט:

— פאַר וועמען האָסטו זיך אויסגעפּוצט?

— פאַר דיר.

— מיינסט דאָס ערנסט?
— יאָ, ערנסט.
— ווו וועלן מיר גיין?
— הממ, — האָט יאָסל געשטאַמלט, — מיר וועלן צוגיין אַ ביסל צו מיין משפחה.
— ניין, נישט צו דיין משפחה!
— פאַרוואָס נישט? — האָט יאָסל געפרעגט.
— פאַרוואָס יאָ? — האָט שאָשע געענטפערט. — ווען איך קוק אויף דיר האָב איך גענוג, זע איך דיין משפחה!
— ווו דען ווילסטו גיין?
— גיין וויל איך אין ערגעץ נישט. איך וויל פאָרן! איך וויל פאָרן אין אויסלאַנד, כ׳וויל אַ ביסל זען די וועלט, זען מענטשן. איך וויל אויך וויסן דעם טעם פון לעבן! חיה־שרהן, די פאַקראַקע, פאַסט צו פאָרן אין אויסלאַנד, און מיר נישט?! וואָסי, זי קומט פון אַ שענערן יחוס ווי איך? ווער האָט איר נישט געקענט פון דער היים? זי האָט דאָך פאַרשוואַנגערט פאַר דער חתונה, און דער טאַטע אירער איז געווען... שאַ, דאַכט זיך מען קלאַפּט אין טיר. יאָסל, טו אַ קוק ווער ס׳איז ביי דער טיר!

יאָסל האָט געעפנט די טיר. עס האָבן זיך באַוויזן די שכנה ביילטשע מיט איר מאַן און קינדער. נאָך איידער זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט, האָט מען ווידער געקלאַפּט אין טיר. עס איז געקומען יאָסלס משפחה.

— יאָסל, זאָג די געסט דיינע, — האָט שאָשע זיך אָפּגערופן, — אז מיר האָבן איצט נישט קיין צייט, מיר זיינען פאַרנומען. זאָג זיי, אז מען וויל קומען דאַרף מען פריער אָנקלינגען, פרעגן צו מיר זיינען דאָ אין דער היים. זאָג זיי אז מיר פאָרן אין אויסלאַנד! נו, יאָסל, זאָג זיי. זאָלן זיי אויך האָבן קרענקונג, ווי איך האָב!

יאָסל האָט געשוויגן. ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. די געסט האָבן געזען אז זיי זיינען איבעריקע, האָבן זיי זיך אָפּגעטראָגן ברוגזע. שאָשע האָט ווידער גענומען פּייניקן יאָסלען: איך וויל אַ גט, אויב נישט וויל איך זיין אַן אלמנה.

יאָסל האָט איר געענטפערט:
— שאָשע, איך האָב דיר שוין לאַנג געזאָגט, אז אזוי לאַנג ווי איך לעב וועסטו ביי מיר דאָס נישט אויספירן. דו וועסט קיין אלמנה נישט זיין!..

# אַ שידוך פאַרן טאַטן...

נישט פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט, איז זעליג גאַמולקע געוואָרן אַן אלמן. מיט קאַרגע צוויי יאָר צוריק האָט ער פאַרלוירן זיין פרוי און איז גע־בליבן עלנד, אליין אין הויז.

קיין גביר איז זעליג קיינמאָל נישט געווען און ער האָט דאָס נישט געחלומט צו זיין. ער זאָגט אז געלט איז נישט אַלץ. געלט איז קיילעכדיק, קוילערט זיך אַוועק ווי מענטשלעך לעבן — אָט איז דאָס דאָ און אָט איז דאָס שוין נישטאָ. פאַראַן מענטשן וואָס שטאָלצירן מיט געלט און לסוף קרענקען זיי דאָס אויס. עס זיינען דאָ גבירים קמצנים, וואָס גיבן נישט יענעם און אליין געניסן זיי אויך גאָרנישט פון זייער רייכטום. האַלטן דאָס געלט אין די בענק, אין קופערטס, אין מאַטראַצן, זיי רירן דאָס נישט אָן. היטן דאָס געלט אַ גאַנצן לעבן, זיינען שומרים דערפון, פאַרגינען זיך נישט, האָבן קיין שליטה נישט צו דעם און קיין הנאה דערפון. זיי שטאַרבן גבירים און לאָזן איבער דאָס געלט און אנדערע האָבן הנאה דערפון.

ווען זעליג פלעגט אזוי ריידן האָט מען פאַרשטאַנען, אז ער איז ווייט פון זיין אַ נגיד, אָבער אַ צופרידענער מענטש איז ער אַלע מאָל געווען. איצט איז אים ביטער, ער האָט פאַרלוירן זיין ווייב און דרייט זיך אַרום אַן עלנטער אין הויז.

נישט איינמאָל האָבן שדכנים געפּרוווט אים ריידן שידוכים. מען האָט אים געראַטן צו „סעטלען" זיך. מען האָט אים גערעדט שידוכים מיט ווייבלעך, אלמנות און גרושות. אָבער זעליג האָט נישט געוואָלט הערן. צוויי קינדער — אַ טאָכטער מיט אַ זון — האָט ער. איין טאָג האָט דער זון זיך אָפּגערופן צום טאַטן, אז ער דאַרף טראַכטן וועגן אַ תכלית, נישט זיין אליין. אָבער זעליג האָט אים גאָרנישט געענטפערט.

שכנים און באַקאַנטע האָבן אויך צו זעליגן אזוי גערעדט און אים געזאָגט, אז אַ מענטש טאָר נישט זיין אליין, זאָל טראַכטן וועגן אַ שידוך. אָבער זעליג האָט געשוויגן און גאָרנישט געענטפערט.

די צייט האָט זיך גערוקט, וואָכן און חדשים זיינען געלאָפן און זעליג איז אַלץ געווען אליין. ער האָט זיך שוין געהאַט איינגעלעבט מיט זיין אַליין, פונקט ווי מען לעבט זיך איין ווען מען לעבט צוזאַמען מיט אַ פרוי. אָבער דער זון האָט נישט צורו געלאָזט זיין טאַטן און צו אים גערעדט:

— טאַטע, דו קאָנסט אזוי נישט לעבן!

— פאַרוואָס נישט ? — האָט זעליג געפרעגט.

— ווייל אַ מענטש טאָר נישט זיין אליין !

— איך בין נישט אליין.

— מיט וועמען ביסטו, טאַטע ?

— איך בין... איך בין מיט גאָט.

— ניין טאַטע, עס קאָן אזוי ווייטער נישט זיין. דו מוזט טראַכטן וועגן זיך, וועגן דיין געזונט. דו ביסט נאָך נישט אזוי אַלט, אז דו זאָלסט אזוי ריידן !

— ווי דען זאָל איך ריידן ?

— כ׳מיין, דו דאַרפסט זיך „סעטלען״, נעמען אַ ווייב.

זעליג איז געבליבן שטיל, האָט נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. אַן אייגן קינד, אַ זון זאָל אזוי ריידן, האָט ער זיך געחידושט.

— זון מיינער, ווען איך וואָלט זיין אַ גביר, — האָט זעליג געזאָגט, — וואָלסטו אזוי נישט גערעדט !

— איך ווייס גאָרנישט צו דו ביסט אָרעם, איך ווייס נאָר אז דו ביסט איינ־זאַם, אליין. דו מוזט האָבן עמעצן דיך אויפצופאַסן. דאַרפסט חתונה האָבן.

זעליג האָט נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן זיין זון. די רייד האָבן אַ ביסל צעוואָרעמט זיינע אָפּגעקילטע בלוטן, האָט ער זיך אָפּגערופן :

— גוט, זון מיינער, איך וואָלט אפשר שוין איינשטימען. אָבער וועמען נעמט מען אריין אין שטוב ?

— טאַטע, — האָט דער זון אַ צופרידענער זיך אָפּגערופן, — איך האָב פאַר דיר אַ גוטן שידוך. זי איז ניט קיין פרעמדע, דו קענסט זי. איך מיין דאָ פרוי קאַצמאַן. זי איז אַ גוטע פרוי, אָרנטלעך ווי גאָלד. זי וואָלט פאַר דיר זיין פּאַסנד !

— פרוי קאַצמאַן ! זי איז דאָך דיין שוויגער ?!

— נו, און אז מיין שוויגער איז וואָס ? איז דאָס אַ חסרון ? זי איז אַ וווילע פרוי, זי וועט דיר זיין געטריי, וועט דיר אויפפּאַסן, היטן דיין געזונט. וועסט זיין צופרידן.

טעג און נעכט האָט דער זון אָנגעהאַלטן ריידן מיט זיין פאָטער וועגן דעם שידוך, ביז ער האָט אים איבערגערעדט.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז שוין זעליג געשטאַנען אונטער די פיר שטענגלעך. ער האָט חתונה געהאַט מיט פרוי קאַצמאַן, דעם זונס שוויגער...

אַ קורצע צייט שפּעטער האָט זעליג זיך דערוווסט די סיבה פאַרוואָס זיין זון האָט אים צוגערעדט חתונה צו האָבן מיט זיין שוויגער, וואָס האָט ביי אים גע־וווינט. אזוי ווי ער האָט נישט געקאָנט פּטור ווערן פון איר, האָט ער געטראַכט אז דער איינציקער וועג איז צו פאַרשלייערן זי מיט זיין טאַטן...

# בײם שדכן

איציק קראליק איז געקומען צו אַ שדכן און געזאָגט אַז ער װיל זיך „סעט־לען״, חתונה האָבן. אָבער ער װיל נישט, האָט ער געזאָגט, פון די הײנטיקע מאָדערנע פרויען. ער װיל האָבן אַ װײַבל װי זײַן טאַטע האָט געהאַט. זײַן טאַטע האָט געהאַט אַ װײַב, איז זי געװען אַ בריה. זי האָט געקאָכט, געװאַשן, געבאַקן, גערײניקט דאָס הויז און יעדן יאָר האָט זי געהאַט אַ קינד. אַן דינסטן, אַן ניאַנקעס און אַן באַדינער האָט זי זיך אַלײן אױפגעהאָדעװעט. זי האָט נישט באַדאַרפט קײן אױפזעערס, קײן „בײבי־סיטערס״. די קינדער זײַנען געװאַקסן געזונט און שטאַרק װי די ריזן. — אָט קוקט אויף מיר, — האָט ער געזאָגט, — װאָס פעלט מיר? גאָרנישט! איך בין קײנמאָל נישט געװען צו אַ דאָקטער, און אַן אַפּעטיט האָב איך הלװאי אויף אײַך געזאָגט געװאָרן!

דער שדכן האָט אים איבערגעשלאָגן און געפרעגט:

— זאָגט מיר, צוליב װאָס דערצײלט איר מיר דאָס אַלץ. צוליב װאָס זײַט איר צו מיר געקומען?

— צוליב אַ שידוך.

— איר װילט איך זאָל אײַך פאַרבינדן מיט אַ פרוי?

— נישט פאַרבינדן. באַקענען!

— גוט, זאָל זײַן באַקענען. װאָס פאַר אַ פרוי װילט איר: אַ בלאָנדע, אַ שאַטינקע אָדער מיט שװאַרצע האָר?

— נישט װיכטיק װאָס פאַר אַ קאָליר האָר זי װעט האָבן. סײ װי בײטן פרויען דעם קאָליר פון די האָר.

— איר װילט אַ יונגע אָדער אַן עלטערע מײדל?

— עס מעג זײַן אַן עלטערע. דער עיקר זי זאָל זײַן אַן ערלעכע.

— געװיס! איך האָב נישט אַזעלכע װאָס זײַנען געזעסן אין תפיסה!

— איך מײן נישט דאָס. איר װײסט װאָס איך מײן!

— איך פאַרשטײ אײַך נישט. איך בעט אײַך, רעדט צו מיר קלאָר, נישט פאַרשטעלטערהײט.

— איך רײד נישט פאַרשטעלטערהײט. װאָס בין איך, אַ פורים־שפּילער? אַ קאָמעדיאַנט? אַ האָלד־אַפּניק?

— נײן, איך האָב דאָס נישט געזאָגט. איך װיל איר זאָלט מיר זאָגן װאָס פאַר אַ סאָרט פרוי איר װילט?

— איך וויל אזא פרוי ווי מיין טאַטע האָט געהאַט, אזא ווי מיין מאַמע איז געווען!

— אַזאַ וועט איר געפינען אויפן בית־עולם.

— איר דאַרפט נישט שפּאַסן. מיין מאַמע איז געווען אַן אשה צדקת!

— אַזאַ האָב איך נישט. איך וועל אייך ווייזן מיין אַלבום מיט פאָטאָגראַ־פיעס און קלייבט זיך אויס!

דער שדכן האָט צוגעטראָגן אַן אַלבום און געזאָגט איציקן ער זאָל זיך אויסקלייבן. איציק האָט געקוקט, געזוכט מיט זיינע שפּיציקע אויגן און געזאָגט:

— איך קאָן נישט באַשטימען וועלכע.

— אָט די, — האָט דער שדכן אים אָנגעוויזן אויף איינע, — זי איז פּאַ־סיק פאַר אייך.

— איר האַלט, אז זי וועט זיין גוט פאַר מיר?

— איך האָף אזוי! — האָט דער שדכן קורץ געענטפערט.

— האָפן איז אַ קנאַפּע רעקאָמענדאַציע.

— וואָס דען ווילט איר?

— איך וויל אַ פאַרזיכערונג.

— הערט זיך איין, יונגערמאַן, — האָט דער שדכן גענומען שוין ברוגזלעך ריידן, — אויב איר ווילט אַפאַרזיכערונג, האָט איר באַדאַרפט גיין צו אַ פאַרזי־כערונגס־געזעלשאַפט, נישט קומען צו מיר. ביי מיר איז אַ שדכנים־ביוראָ!

— כ'וויס דאָס, — האָט איציק געזאָגט. — אָבער זאָגט מיר, וועט זי כאָטש זיין גוט צו מיר?

— זי וועט זיין גוט. זי איז געווען גוט צו אַנדערע מענער.

— וואָס? זי האָט שוין געהאַט אַנדערע מענער?

— נאָר דריי האָט זי געהאַט.

— וואָס האָט פּאַסירט מיט זיי?

— גאָרנישט. מיט איינעם האָט זי זיך געגט און די אַנדערע צוויי האָט זי באַגראָבן.

— וואָס? — איז איציק אויפגעשפּרונגען, — מיט אזא רעדט איר מיר אַ שידוך? אָט אזא ווילט איר איך זאָל נעמען פאַר אַ ווייב און זיך פאַרבינדן אויף מיין גאַנצן לעבן?!

— שאַ, טומלט נישט. זייט נישט קיין יאָלד, — האָט דער שדכן געשמייכלט און געזאָגט, — נישט אויפן גאַנצן לעבן וועט איר זיך פאַרבינדן. היינטיקע צייטן איז נישט ווי אַמאָל. איר דאַרפט וויסן אז היינט האָט מען נישט חתונה אויף שטענדיק. היינטיקע חתונות האַלטן נישט אַן לאַנג. מען לעבט אָפּ אַ

שטיקל צייט און מען צעגייט זיך. מען גט זיך אָדער מען קריגט אַ האַרץ אַטאַקע פון פאַרדרוס, פון גריזשען זיך — און מען גייט אַ גאַנג !..

איציק האָט שוין מער ניט געהערט וואָס דער שדכן האָט גערעדט. ער האָט אַ שפּיי געטאָן און איז האַסטיק אַוועק...



# גיי פאַרברענג זיך...

— טאַטע, „ענדזשאָי״, פאַרברענג זיך ! — אזוי זאָגן צו מיר מיינע קינדער. זיי לאָזן מיך נישט רוען, פאָדערן איך זאָל נישט זיצן אין הויז. כ׳זאָל גיין, פאָרן, פליען, מאַכן לוסט־רייזעס. איך זאָל נעמען די ווייב, די מאַמע זייערע, און צו־זאַמען זיך לאָזן ווילגיין, פאַרברענגען. איצט איז די צייט צו לעבן, — זאָגן זיי, צו פאַרברענגען, צו געניסן פון לעבן, צו „ענדזשאָיען״ זיך...

ווען איך בין געווען יונג האָב איך געאַרבעט שווער טעג און נעכט, געזאָרגט פאַר חיונה פאַר ווייב און קינדער. פאַרשטייט זיך, ס׳איז ניט געווען קיין האַניק צו לעקן. היינט, גאָט צו דאַנקען, ארבעט איך נישט. נישטאָ מער די כוחות צו ארבעטן.

היינט, ווען איך בין אַ שברי־כלי, ליג מער אין בעט אָדער דריי זיך ארום אַ צעבראָכענער, זאָגן די קינדער : טאַטע, „ענדזשאָי״ זיך, פאַרברענג זיך. זיץ נישט אהיים. גיי אין טעאַטער, גיי צו פאַרוויילונגען, טאַנצן, פאַרברענג זיך. „טיים איז שאָרט״, די צייט איז קורץ ! אזוי ריידן צו מיר די קינדער.

אז עס איז קורץ די צייט וויים איך אליין, מען דאַרף מיר נישט דערמאָנען וועגן דעם. איך פאַרגעס דאָס נישט אויף קיין איין מינוט נישט. איך פיל דאָס אויף שריט און טריט : ביים ליגן, גיין, זיצן. איך פיל ווי עס שטאַרבט אַלעמאָל אָפּ אַן אַנדער אבר. נאָך אַ גליק וואָס מען האָט אַ ביסל אברים, פאַרציט זיך עס מיטן שטאַרבן !..

די קינדער ווילן אָבער פון גאָרנישט וויסן, זיי ווילן אז איך מיט זייער מאַ־מען זאָלן זיך פאַרברענגען.

פרעג איך זיי : ווי קענען אַלטע מענטשן היינט זיך פאַרברענגען ? די זייטן שטעכן און ברעכן, די פיס, קוים וואָס מען האַלט זיך אויף זיי. אין קאָפּ האַקט און טומלט, ווי אַ צימבאַליסט מיט אַ פּויק וואָלט דאָרטן געזעסן און געצימבלט. דער רעוומאַטיזם דערגייט די אַלטע יאָרן טאָג און נאַכט. די הענט ציטערן,

די אויגן קוקן שוין מער אַהין, ווי אַהער. אָבער די קינדער ווילן נישט וויסן, זיי פאָדערן מיר זאָלן זיך „ענדזשאָיען״ — די צייט איז קורץ.

זאָג איך צו מיינער: לאָמיר צופרידנשטעלן די קינדער, לאָמיר זיך פאַר־ברענגען.

טוט זי אַ מאַך מיט דער האַנט און זאָגט:

— ביסט חלילה ארונטער פון זינען? ביסט חסר־דעה? וואָס אים ליגט אין קאָפּ — פאַרברענגען וויל ער!

— נישט איך, די קינדער ווילן דאָס! — זאָג איך.

— און אז די קינדער ווילן, זאָלן זיי געזונטערהייט זיך פאַרברענגען און פאַרדריי מיר נישט דעם קאָפּ!

ווען איך דערצייל די קינדער וואָס די מאַמע זאָגט, זאָגן זיי צו איר:

— מאַ, פארוואָס ווילסטו נישט פאַרברענגען אַ ביסל, גיין, פאָרן?

— איצט, אויף דער עלטער, — ענטפערט מיינע, — ווילט איר איך זאָל פאָרן פאַרברענגען?

— יאָ, מאַ, — זאָגן די קינדער, — איצט איז די בעסטע צייט אז אירביידע, דו מיטן טאַטן, זאָלט זיך פאַרברענגען. צייט האָט איר פיל, איר טוט גאָרנישט, איר זייט דאָך פרייע מענטשן!

— מיר זיינען שטענדיק געווען פרייע מענטשן, חלילה קיינמאָל נישט גע־זעסן אין תפיסה! — האָט מיינע געענטפערט.

— מאַ, נישט דאָס מיינען מיר. מיר מיינען אז איר זייט פרייע מענטשן, איר דאַרפט נישט לויפן, יאָגן, אַרבעטן ווי אַמאָל. איצט איז די צייט איר זאָלט זיך פאַרברענגען.

— יאָ, דאָס וואָלט געווען גוט, ווען מען איז געווען יונג. נישט היינט, ווען מיר זיינען אַלט און שוואַך!

— מאַמע, דו מאַכסט אַ טעות! — זאָגן די קינדער. — דווקא איצט איז די צייט צו פאַרברענגען זיך. ווען איר זייט געווען יונג האָט איר נישט געהאַט קיין צייט. איר האָט באַדאַרפט אַרבעטן, זאָרגן, אויפברענגען קינדער. אָבער היינט קענט איר טאָן וואָס איר ווילט, גיין און קומען ווו איר ווילט. איז פאַרוואָס זאָלט איר זיך נישט פאַרברענגען?

אזוי טענהן אונדזערע קינדער. אפשר זיינען זיי גערעכט. אָבער אויף גיין, פאָרן, פאַרברענגען זיך דאַרף מען אחוץ צייט נאָך עפּעס, און דאָס וויכטיקסטע — געזונט.

זאָגן די קינדער: אז מען איז אַקטיוו פילט מען זיך בעסער און געזינטער.

— זעסט דאָך, — זאָג איך צו מיינע, — די קינדער ווילן דאָס בעסטע פּאַר אונדז!

— דאָס וואָס זיי ווילן, — זאָגט מיינע, — האָט זיך געפּאַסט מיט אַ צוואַנציק יאָר פריער!

— פאַרוואָס נישט היינט?

— ווייל היינט איז מיט אונדז ווי ס'זאָגט דאָס ווערטל: צוויי מתים גייען טאַנצן!

— ווי דו רעדסט איז אַ סימן, — זאָג איך, — אז מיר זיינען ווייט פון זיין מתים. אויב אזוי לאָמיר צוליב טאָן די קינדער און גיין פאַרברענגען זיך. דאָס וואָס עס שטעכט און ברעכט און טומלט אין קאָפּ קאָן מען נישט העלפן. לאָמיר וועגן דעם נישט טראַכטן. ס'איז היינט אַ וועלט אז טאַטע־מאַמע דאַרפן פאָלגן און צופרידן שטעלן קינדער...

— דו רעדסט ווי דו וואָלסט זיין מיט דרייסיק יאָר יינגער, — זאָגט מיינע.

— אָבער מער ווי ריידן קענסטו נישט!

— דאַנק גאָט דערפאַר, — זאָג איך, — אנדערע קענען דאָס אויך נישט. נעם, למשל, די וואָס שטעלן זיך ארויס צו זיין רעדנער פאַר אַ פּובליקום. נו, קענען זיי ריידן? איז דאַנק גאָט דערפאַר. איז לאָמיר הערן די קינדער און „ענדזשאָיען" זיך!..



# אַ שדכן רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן

ווי איר קוקט מיך אָן בין איך אַ שדכן. איך האָב ביים שדכנות־פאַך געפּאָקט און געמאָזלט, חתונה געמאַכט הונדערטער פּאָרלעך — און אויך מיינע אייגענע קינדער חתונה געמאַכט. די שדכנות־פּראָפעסיע איז צו מיר איבערגעגאַנגען בירושה פון מיין זעליקן פאָטער עליו־השלום. ער האָט דאָס אויך געקראָגן בירושה פון זיין טאַטן. קיין פאַך האָט ער אים נישט געלערנט. ער האָט אים איבערגעגעבן אַ גרייטע פּרנסה — דאָס שדכנות, וואָס איז שפּעטער אריבער צו מיר. איך האָב זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט. מען האָט געמאַכט אַ לעבן!

אָבער היינט איז ביטער צו זיין אַ שדכן. בעסער זיין אַ האָליך־העקער, אַ מלמד, אַ טאַנץ־מייסטער, אַ באַקסירער, נאָר נישט קיין שדכן. ווער דאַרף האָבן היינט אַ שדכן? אמעריקע יאָרן האָבן יונגע מענטשן זיך געשעמט, נישט געוווסט

ווי מען רעדט. אז מען האָט אַ בחור אָדער אַ מיידל פאַרגעלייגט אַ זעאונג, איז דאָס נישט געווען לייכט. מען האָט מורא געהאַט צו טרעפן זיך, מען האָט נישט געוווסט וואָס צו ריידן. פונקט ווי חיות, שדים, רוחות, רחמנא ליצלן. גאָר קיין מענטשן נישט!

עס האָט מיר אַמאָל מיין זעליקער פאָטער דערציילט: ס'איז צו אים געקומען אַ בחור, ער זאָל אים ריידן אַ שידוך. ווען דער בחור האָט וועגן דעם גערעדט איז ער געוואָרן רויט ווי אַ בוראַק און געשטאַמלט ווי אַ קעלביקע קו. מיין פאָטער האָט דעם בחור געמוטיקט און געזאָגט, ער זאָל זיך נישט שרעקן. ער האָט אים אַ פּאָר אַ פיין מיידל, אַ צנועה וואָס וווינט אין אַ דערבייאיקן שטעטל. זאָל ער צו איר צופאָרן, ער וועט מצליח זיין. אָבער דער בחור האָט אַלץ געשטאַמלט: ער ווייסט נישט וואָס צו ריידן צו אַ מיידל. האָט מיין פאָטער, וואָס איז געווען אַלע זיינע יאָרן אַ שדכן מיט גרויסער פּראַקטיק געזאָגט צום בחור:

— הער זיך איין. ווען דו וועסט קומען צו דער מיידל אין דערפרי, זאָלסטו זאָגן גוט מאָרגן. אויב דו וועסט קומען אין אָוונט זאָלסטו זאָגן גוט אָוונט און איר פרעגן צו אין שטעטל גייט אַ באַן. אויב עס גייט אין שטעטל אַ באַן, קען מען וועגן דעם ריידן און ריידן. וועסט איר פרעגן ווי אָפט גייט די באַן? צו וועלכע שטעט עס גייט די באַן און צי עס פאָרן אַ סך מענטשן מיט דער באַן? זאָרג זיך נישט, וועסט שוין האָבן וועגן וואָס צו ריידן!

דער בחור איז אַוועק אין דערבייאיקן שטעטל צום מיידל. קומט ער אריין און זאָגט:

— גוט אָוונט. ביי אייך גייט אַ באַן?..

די מיידל האָט זיך פאַררויטלט און געענטפערט:

— ניין, ביי אונדז אין שטעטל איז נישטאָ קיין באַן!

— נישטאָ קיין באַן ביי אייך? — האָט ער אויסגערופן. — אויב אַזוי האָב איך נישט וואָס צו ריידן מיט אייך! — און ער איז האַסטיק אַוועק.

דאָס איז געווען אַמאָליקע יאָרן. היינט ווייסן שוין די יונגעלייט מיט די מיידלעך וועגן וואָס צו ריידן. מען דאַרף זיי נישט לייגן קיין פינגער אין מויל אריין. זיי ריידן שוין צופיל. און ווען זיי ריידן נישט, איז נאָך ערגער!

צו צוועלף־דרייצן יאָר ווייסן היינטיקע קינדער פיל מערער ווי דאָס האָבן געוווסט אַמאָליקע מענטשן. איז צו וואָס דאַרפן זיי מיך? צו וואָס דאַרפן זיי אַ שדכן?! זיי באַקענען זיך און האָבן חתונה אָן אַ שדכן, און מען גט זיך אָן אים. דערפאַר זיינען שדכנים געבליבן אָן אַ שטאָך אַרבעט. טאָמער מאַכט זיך שוין אַמאָל אַ שטיקל שידוך, טויג דאָס נישט — אָדער דער מאַן, אָדער די מיידל

איז אַ שלימזל. מען דאַרף זיין אַ קינסטלער אזעלכע קרומע מענטשן צוזאַמענ־צופירן.

אַנומלטן איז צו מיר געקומען אַ יונג ווייבל. איך האָב זיך דערפרייט, גע־מיינט איך האָב שוין סחורה. איז זי גאָר געקומען וועגן אַ פּאַסיקן שידוך פאַר איר באָבען. דאָס זיינען מיינע היינטיקע גליקן!..

איך האָב אַנאָנסירט אין די צייטונגען, אז איך בין אַ וועלט־באַרימטער שדכן מיט גרויסער דערפאַרונג, וואָס וויס די כאַראַקטערן פון מענער און פרויען און האָב שוין צוזאַמענגעפירט הונדערטער שידוכים — אַלע גליקלעכע. די פּאָרלעך האָבן אויסגעלעבט צופרידן זייערע יאָרן און רוען שוין אין גן־עדן.

איר זאָלט זאָגן אז איינער זאָל זיך אָפּרופן אויף מיינע אַנאָנסן. קיינער נישט. יאָ, איינער האָט זיך יאָ אָפּגערופן — אַ זקן פון אַ מושב זקנים. אים איז אומעטיק אליין צו זיין, זוכט ער אַ פרויען־צימער. ווען איך האָב אים געזאָגט אז ער איז צו אַלט, איך האָב נישט קיין אַלטע פרויען, האָט דער זקן געזאָגט: ער איז נישט איבערקלייבעריש. אויב איך האָב נישט קיין עלטערע פרוי, וועט ער נעמען אַ יונגע.

אָט אזוי קוקט היינט אויס מיינע שדכנות־ביזנעס. איך האָב שוין געוואָלט דאָס אויפגעבן, אָבער ווי וואַרפט מען אַוועק אַ פּראָפעסיע וואָס איז צו מיר אי־בערגעגעבן געוואָרן בירושה. קיין גרויסע גליקן האָט מען פון שדכנות נישט געמאַכט, אָבער עס איז נישט געווען שלעכט. בלויז פון דעם וואָס מענטשן פלעגן געבן האַנט־געלט צו זוכן פאַר זיי שידוכים, האָט מען שוין געהאַט פּרנסה!

דאָס איז אָבער געווען אַמאָל. ווער וועט אייך היינט געבן האַנט־געלט. ווער דאַרף אַ שדכן? היינטיקע יונגע מענטשן באַקענען זיך גיך, און ווען זיי האָבן חתונה ווייסט קיינער נישט, אפילו טאַטע־מאַמע נישט. נאָר שפּעטער ווערט מען געוואָר, אז זיי האָבן זיך גע׳גט!

נו, איז מיר טאַקע ביטער מיט מיין שדכנות־פּראָפעסיע...

# אויף אַ חתונה...

איך בין געווען אויף אַ חתונה. לעבן מיר זיינען געזעסן צוויי יידן און גע־שמועסט, האָב איך זיך צוגעהערט וואָס זיי האָבן גערעדט.

— אַוואַ, אזא חתונה, אזא פאַרנעם! ס׳איז דאָך געגרייט ווי ביי די גרעס־טע גבירים!

— וואָס איז, דער מחותן קאָן זיך נישט דערלויבן?! ער איז דאָך אַ מיל־יאָנער! מען זאָגט, אַז ער פאַרמאָגט אפשר הונדערט טויזנט ראַנד.

— ווייס איך שוין נישט ווי אזוי עס פּראַוועט ראָטשילד אַ חתונה.

— נישט שענער ווי די חתונה.

— טאַקע אמת. זעט נאָר די שיינע טישן, אָנגעשטעלט מיט כל־טוב כיד המלך!

— אַז מען איז רייך, אַז עס איז דאָ מיט וואָס און מען איז נישט קאַרג, קען מען אַלץ מאַכן!

— דאָס מוז דאָך אָפּקאָסטן אַ פאַרמעגן!

— וואָס איז, ער קאָן זיך נישט דערלויבן?!

— איך קאָן גבירים, געווען געלאַדן צו זייערע קינדערס חתונות, איז ווי קומט עס צו דער חתונה! זעט נאָר ווי אויף יעדן טיש דאָ שטייען פלעשער והיסקי, וויין, שאַמפּיין, און וואָס נישט?!

— מיר טוט וויי דאָס האַרץ דאָס צו זען.

— פאַרוואָס טוט אייך וויי דאָס האַרץ? ס׳איז דען פאַר אייער געלט גע־קויפט?

— נישט דאָס. מיין דאָקטער האָט מיר פאַרזאָגט נישט צו טרינקען.

— אפשר נישט קיין בראָנפן, אָבער אַ ביסל והיסקי מעגט איר נעמען. דאָקטוירים הייסן טרינקען והיסקי.

— נישט מיין דאָקטער.

— ווער איז אייער דאָקטער?

— און אז איך וועל אייך זאָגן, וועט איר דען וויסן?

— נישט וויכטיק. לאָמיר איצט נישט ריידן וועגן דאָקטוירים. אז מען קומט אויף אַ שמחה דאַרף מען זיך משמח זיין און פאַרגעסן די דאָקטוירים!

— איר זייט זיכער גערעכט.

— אויב אזוי, גיסט אָן אַ גלעזעלע, לאָמיר מאַכן א לחיים!

— נישט פאַר מיר, איך טאָר נישט. טרינקט אייך געזונטערהייט!

— פאַרוואָס שילט איר מיך?

— ווען? וואָס רעדט איר? איך שילט אייך?

— יאָ, איר שילט מיך!

— ווען האָב איך אייך געשאָלטן?

— אָט איצט. איר האָט מיר געזאָגט: טרינקט אייך געזונטערהייט!

— כ׳האָב נישט געמיינט, חלילה, קיין שלעכטס. געמיינט איר זאָלט טרינקען געזונטערהייט!

— נו, לחיים! איי, גוטע ווהיסקי, עס דערוואַרעמט דאָס האַרץ, די ביינער — אַ מחיה!

— זאָל אייך זיין צו רפואה.

— איר דאַרפט מיר דאָס נישט ווינטשן. גאָט צו דאַנקען איך בין געזונט. כ׳גיי נישט צו דאָקטוירים!

— איך גיי אויך נישט צום דאָקטער. ער קומט צו מיר.

— פאַרזוכט די פיש. אַזעלכע פיש האָב איך שוין לאַנג נישט געזען!

— טאַקע גוטע פיש, גבירישע פיש.

— און די געהאַקטע לעבער?

— אויך גוט. נאָר מיין דאָקטער האָט מיר פאַרזאָגט נישט צו עסן קיין געהאַקטע לעבער.

— לעבער איז זייער געזונט צו עסן!

— כ׳ווייס. אָבער נישט קיין געהאַקטע. מען ווייסט קיינמאָל נישט וואָס מען עסט. אָפט עסט מען דאָס מיט אַ צוזאַמענמיש פון אַ שטיק טישטוך אָדער שטיקלעך פון אַ טיש!

— איר רעדט נאַרישקייטן. נו, איז נישט קיין געהאַקטע לעבער. פאַרזוכט די געהאַקטע הערינג!

— אַ דאַנק. איך עס דאָס נישט.

— דאָ מעגט איר עסן. ס׳איז דאָך אַ גבירישע חתונה. זעט נאָר דעם טיש מיט די פרעכטיקע בלומען!

— איך עס דאָס נישט.

— איך האָב אייך דען געהייסן עסן בלומען?

— ניין.

— עסט אַ ביסל יויך.

— גאַנץ גוטע יויך.

— נאָר אויף אַ גבירישע חתונה וועט מען סערווירן אַזאַ גוטע יויך!

— פאַרזוכט דעם פלוימען־צימעס.

— נישט שלעכט!

— לחיים, נעמט אַ ביסל בראָנפן!

ס'איז געוואָרן שטיל.ביידע זיינען געווען פאַרנומען מיט דער אכילה.

אַ ביסל שפּעטער, ווען דער עולם האָט גענומען טאַנצן זיינען די צוויי יידן געבליבן זיצן שטיל און האָבן זיך איבערגעקוקט. איינער פון זיי האָט זיך אָפּגערופן:

— נו, ווי איז אייך געפעלן די סעודה?

— איך האָב גוט געטאָן וואָס איך האָב ווייניק געגעסן. אויף אַ שמחה איז געזונטער וואָס ווייניקער צו עסן.

— יאָ, איר זייט גערעכט. אויב מען סערווירט פרישע מאכלים, מעג מען עסן.

— איך האָב אַ חשד, אז דאָס עסן איז נישט געווען פריש. איך פיל דאָס אין מיין מאָגן! עס זאָל אזוי דרייען די מחותנים אין זייערע בייכער, ווי עס דרייט מיר אין בויך! די גבירים זיינען נישט בעסער איינער פון אנדערן, אַלע זיינען זיי חזרים, זוכן נאָר מציאות!

— איך האָב געהאַט אַ געפיל, אז מען טאָר נישט פאַרזוכן קיין זאַך!

— איך האָב דאָך אזוי ווייניק געגעסן!

— אויב דאָס עסן איז נישט פריש איז גענוג מען זאָל עפּעס פאַרזוכן, כדי מען זאָל זיך פאַרדאַרבן דעם מאָגן און דאָס אויסקרענקען!

— מיך וועט שוין קאָסטן די חתונה גענוג, איך וועל דאַרפן רופן אַ דאָקטער.

— זעט איר, מיך וועט גאָרנישט קאָסטן די חתונה. כ'וועל נישט געבן קיין דרשה־געשאַנק! אזא שמחה האָט ביי מיר נישט די ווערט אַ סענט!

— איר זייט טאַקע גערעכט. איך וועל אויך אזוי טאָן. אזא גביר איז אַן עבירה עפּעס צו געבן!

זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע פלעצער, זיינען אַוועק פון טיש און שטיל זיך ארויסגעשאַרט פון זאַל...

# חתונה מתנות

די געסט זיינען זיך צעגאַנגען און דער זאַל איז געוואָרן ליידיקער. אויפן פּאָל זיינען געלעגן צעטראָטענע בלומען, שטיקלעך טאָרט, באַנאַנע־שאָלעכץ מיט קאָלירטע צוריסענע פּאַפּירענע סערוועטקעס. די מחותנים, די עלטערן פון חתן־כלה, האָבן זיך געגרייט צו גיין אַהיים. זיי האָבן די חתונה־מתנות ארויס־גענומען פון אונטערן לאַנגן טיש, ווו זיי האָבן עס געהאַלטן, איינגעפּאַקט דאָס אין וואַליזעס און פאַרלאָזט דעם זאַל.

עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט ווען זיי זיינען געקומען אהיים. חתן־כלה האָבן האַסטיק זיך איבערגעטאָן, ארויסגענומען די קאָנווערטן מיט די מתנות פון די קעשענעס, איבערגעגעבן זיי צו די עלטערן און זיינען האַסטיק אַוועק פאַר זייער האָנימון.

די עלטערן פון חתן־כלה האָבן מיט גוטע ווונטשן און קושן ארויסבאַגלייט דאָס יונגע פּאָרל, האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט און גענומען אויספּאַקן די פּעקלעך, געעפנט די קאָנווערטן צו זען די מתנות. יעדעס מאָל ווען זיי האָבן אויפגעמאַכט אַ פּעקל אָדער קאָנווערט האָבן זיך די מחותנים ברוגזלעך איבערגעקוקט.

די כלהס מוטער האָט זיך אָפּגערופן:

— ווי קענען דאָס זיין מענטשן אזוי גראָב, אזעלכע חזרים. מיר האָבן פאַר זיי געגרייט אַ הערלעכע שמחה, אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן. פון דאָס בעסטע און שענסטע צוגעגרייט. געשטאָפּט זיי מיט געבראָטענע הינד־לעך, קישקע, צימעס, טאָרטן, פרוכט, איז ווי קען מען דאָס זיין אזוי פאַרדאָרבן, אזוי פּראָסט און געבן אַ טשעק אויף 5 ראַנד!

— איין פערזאָן סערווירן, — האָט זיך אָפּגערופן איר מאַן, — האָט אונדז געקאָסט קאָרגע 15 ראַנד. אין דער איינלאַדונג האָבן מיר געשריבן אז נאָר צוויי פערזאָן זאָלן קומען, זיינען זיי געקומען פינף און געהאַט די חוצפּה צו געבן 5 ראַנד!

— וואָס בייזערט איר זיך, מחותן, — האָט זיך אָפּגערופן דעם חתנס פאָ־טער, — אפשר קענען זיי מער נישט געבן?

— מחותן, אַ געזונט אויף אייך, איר קענט זיי נישט, אָבער מיר קענען זיי גוט! זיי זיינען אָנגעשטאָפּט מיט געלט, פאַרמאָגן הייזער. איר האָט נישט גע־זען די דימאַנטן וואָס זי האָט געטראָגן אויף אירע געשוואָלענע פינגער?

— איך קוק קיינעם נישט אויף די פינגער!

— שאַ, רופט זיך אָפּ די מוטער פון חתן, — זעט אַ טשעק, אַ שיינע מתנה, גאַנצע 25 ראַנד!

— ווער איז דאָס? — האָט געפרעגט דער כלהס פאָטער.

— איך זע נישט צו גוט, — האָט זי געזאָגט, — ס'איז נישטאָ קיין נאָמען...

— אָן אַ נאָמען האָט דער טשעק נישט די ווערט קיין איין סענט!

— פון וועמען איז דער טשעק? 15 ראַנד. גאַנץ פיין!

— דו דערקענסט נישט דעם אונטערשריפט? — האָט די כלהס מוטער זיך אָפּגערופן. — ס'איז דאָך דעם רייכן פעטערס. דו קאָנסט נישט זיין צובראָכענעם האַנטשריפט?

— מער האָט ער שוין ניט געהאַט קיין כוח צו געבן?

— ער איז רייך, אַ גביר, נאָר ער האָט ניט דאָס האַרץ צו געבן!..

— געדענקסט ווען פינטשע האָט חתונה געהאַט, — האָט זיך אָפּגערופן איר מאַן, — האָט ער זיך געמאַכט פאַרגעסן און גאָרנישט געגעבן.

— אפשר איז עס פארלוירן געגאַנגען אין פּאָסט?

— ער האָט דען געשיקט מיט דער פּאָסט?

— זאָל זיין אזוי. אז זיין טאָכטער וועט חתונה האָבן וועלן מיר שוין וויסן ווי אָפּצודינען.

— זעט נאָר וואָס מענטשן זיינען! עמעצער האָט געגעבן אַ ליידיקן קאָנווערט! אפילו קיין בריוול, קיין ווונטש נישט. — גאָרנישט!

— ווער קען דאָס זיין? — האָט די כלהס מוטער געפרעגט.

— זיי אַ נביא און טרעף!

— איך האָב א חשד ווער דאָס איז, — האָט זי געענטפערט, — דאָס מוז זיין אונדזער לאַנדסמאַן ליפּע מיט דער גראָבער נאָז!

— שוין, לאָמיר זען ווייטער. פון וועמען איז דער טשעק אויף 10 ראַנד? יאָ, איך זע שוין. ס'איז דיין קוזין וואָס איז ספּעציעל געקומען פון קימבערלי. געשטאַנען אַ קאַרגע וואָך ביי אונדז, געגעבן אים עסן דאָס שענסטע און בעסטע. איך האָב אַ חשד, אז ער איז גאָרנישט געקומען ספּעציעל צו דער חתונה. אוודאי געדאַרפט זיין אין שטאָט פאַר ביזנעס. אַ האָטעל איז צו טייער פאַר אים. נו, אַ פיינער קוזין, אזא יאָר אויף אונדזערע שונאים!

— נישט שיין אזוי צו ריידן אויף משפחה. עפן אויף די אַנדערע קאָנווערטן, לאָמיר זען וואָס אין זיי געפינט זיך!

— שוין, איך עפן. דאָס איז פון מיסטער און מיסעס גימפּל פון קילאַרניע. זיי האָבן זיך אָנגענומען אַ כוח און געגעבן גאַנצע 12 ראַנד!

— די רייכע גימפּל פון קילאַרניע? — האָט דער מאַן זיך צעקאָכט. — אזעלכע מיליאָנערן — צוועלף ראַנד!

— דינג זיך נישט מיט מיר! דינג זיך מיט זיי, די גימפּלס! ס'איז דאָך דיין משפּחה!

דאָ האָט זיך אריינגעמישט דער מחותן, דעם חתנס פאָטער:

— געֶנוג שוין. איר געדענקט די קינדער האָבן אָנגעזאָגט מען זאָל די טשעקן אריינלייגן אין באַנק אויף זייער נאָמען!

— עס לוינט זיך גאָרנישט פאַר אזוי וויניק צו האָבן אַ חשבון מיט בענק!

— אז מען רעדט שוין וועגן חשבונות, — האָט די כלהס מוטער זיך אָפּגערופן, — מאַכט אַ חשבון וויפל די שמחה האָט אונדז אָפּגעקאָסט. ס'איז אפילו קיין צען פּראָצענט נישט אריינגעקומען פון אַלע מתנות!

דער פאָטער פון חתן האָט איר איבערגעשלאָגן און געזאָגט:

— אז מען וויל מאַכן ריווח פון אַ שמחה, דאַרף מען מאַכן וויניקער טאַראַראַם. מען בעט וויניקער מענטשן, מען גיט וויניקער אויס, און דאָס געלט וואָס מען פּטרט אויף גאָרנישט גיט מען בעסער די קינדער, ווייסן זיי כאָטש אז זיי האָבן עפּעס!

— דער מחותן איז גערעכט! — האָט געזאָגט דער כלהס פאָטער.

— גערעכט אַהין, גערעכט אַהער, — זאָגט די מחותנתטע. — ס'איז אָפּגעטאָן און פאַרפאַלן!

— און וואָס איז מיט די חתונה־מתנות אין די שיינע פּעקלעך, דאָס דרשה־געשאַנק וואָס איז אזוי שיין פאַרפּאַקט?!

— מען דאַרף נישט אויספּאַקן. דאָס יונגע פּאָרל וועט צוריקקומען וועלן זיי אליין אויספּאַקן און זען!

— ס'איז אינטערעסאַנט צו זען! — זאָגט די כלהס מוטער.

— ניין, מען דאַרף נישט.

— בלויז איין פּעקל לאָמיר עפענען! — האָט זיך געבעטן די כלהס מוטער.

אַלע האָבן איינגעשטימט. ווי ביי אַ לאָטעריע־ציאונג האָט מען פון די פּעקלעך ארויסגענומען איין פּעקל, וואָס איז געוועזן שיין פאַרפּאַקט מיט קאָלירטע פּאַפּיר און מיט קאָלירטע סטענגלעך און בענדלעך. פאָרזיכטיק האָבן זיי אויסגעפּאַקט דאָס פּעקל און געפונען דאָרט אַ געזילבערטן טעצל.

ווען די כלהס מוטער האָט דאָס דערזען איז זי בלאַס געוואָרן ווי אַ מת. זי האָט דערקענט דאָס טעצל... זי האָט דאָס אַמאָל געקראָגן אַ מתנה, און מיט יאָרן שפּעטער האָט זי דאָס געגעבן אַ פריינד דרשה־געשאַנק. איצט איז דאָס טעצל צוריק געקומען צו איר טאָכטער...

# נחת פון אַ שנור...

...גיט מיר אָפּ מזל־טוב, מיין זון האָט מיט מזל חתונה געהאַט. שרעקט זיך נישט, נישט מיט אַ שיקסע. מיר זיינען יידישע מענטשן. ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ יידיש מיידל, אַ יידישע טאָכטער! גאָר אַ קלייניקייט היינטיקע צייטן אז מען קריגט אריין א יידישע טאָכטער פאַר אַ שנור, אז מען מישט זיך נישט און מען האָט חתונה לויטן יידישן דין און מען דאַרף זיך נישט שעמען פאַר שכנים, באַקאַנטע און מען קאָן קוקן יעדן גלייך אין די אויגן אריין, איז מען גליקלעך. אויף אַלע יידישע מאַמעס געזאָגט געוואָרן מיין גליק! ס׳איז שוין באַלד צוויי יאָר נאָך דער חתונה. איך קוק אויס אויף א קינד, אַן אייניקל, האָבן אַ ביסל נחת. אָבער מיין שנור איילט זיך נישט. זי זאָגט, זי וויל נישט קאַליע מאַכן איר פיגור און וויל נישט האָבן קיין עול מיט האָבן קינדער! זי זאָגט, אז זי וועט וועלן קינדער וועט זי טאָן ווי אַנדערע טוען — זי וועט זיי אַדאָפּטירן. וועט זי וועלן אַ ייִנגל צי אַ מיידל, וועט זי אַדאָפּטירן און וועט נישט דאַרפן שוואַנגערן, וועט נישט דאַרפן ציילן טעג מיט חדשים, זי וועט נישט דאַרפן ליגן אין קימפּעט און קרעכצן. זי קאָן זיך פאַרגינען, זאָגט זי, אז אַנדערע זאָלן פאַר איר שוואַנגערן און קרעכצן, און זי וועט זיי האָבן גרייטערהייט!

ווי איר קוקט איר אָן, מיין שנור, וויל זי אַלץ גרייטערהייט. אפילו דאָס עסן מוז זיין גרייט. אַלץ וואָס מיין זון עסט זיינען צוגעגרייטע זאַכן. זי קויפט אָפּגעקאָכטע בוריקעס, זויערע הערינג, געראויכערטע פלייש, געפּרוּוירעגעם פּי־טשאַי. אפילו קוגל קויפט זי! די איינציקע זאַך וואָס זי טוט יאָ, זי זעט די שוואַר־צע זאָל אַרבעטן. זי אליין טוט נישט אריין קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער. אין וואַ־רעם וואַסער טוט זי יאָ אריין אירע הענט ווען זי מאַניקירט אירע נעגל, און זי קלאָגט זיך פאַר מיין זון אז זי אַרבעט שווער! איר זאָלט זען ווי שווער זי אַרבעט מיטן פאַרבן אירע ברעמען, צופּן זיי, מיטן שמירן אונטער די אויגן און מיטן טוישן די קליידער. זי טוט זיך מערער אויס, ווי זי טוט זיך אָן!

איר זאָלט הערן ווי זי רעדט צו מיין זון. זי רופט אים דאַרלינג, דאָל, סוויט־האַרט, אנדזשל, האַני און נאָך אזעלכע נעמען, נאָר ביי זיין אייגענעם נאָמען רופט זי אים קיינמאָל נישט. ווען זי טוט מיין זון אַ רוף: דאָל, אנדזשל, האַני, סוויט־האַרט, דאַרלינג פאַלט אים נעבעך שיער נישט ארויס דאָס האַרץ. ער ווייסט שוין מיט וואָס דאָס שמעקט: אָדער ער דאַרף פאַר איר טאָן אַ שווערע אַרבעט, אָדער געבן איר געלט, גראָב געלט. זי האָט אוודאי געזען ערגעץ אין אַ שוי־

פענצטער אַ מציאה — און מציאות האָלט זי אין איין זען און האַנדלט זיי איין. אז גאַנצע טעג האָט זי נישט וואָס צו טאָן, גייט זי שאָפּפּינג, זוכט באַרגעינס און וואָס זי זעט קויפט זי. נישט לאַנג צוריק האָט מיין זון געמוזט קויפן אַ גרעסערע הויז, אַ דאָבל־סטאָרי, ווייל די פריערדיקע הויז איז געוואָרן צו קליין פאַר די באַרגעינס וואָס זי האָט איינגעהאַנדלט !...

לעצטנס האָט זי, מיין שנור, נישט קיין געדולד נעבעך. זי קאָן נישט איינזיצן אויף אָן אָרט. נאָר זי וויל ארומלויפן, ארומפליען. זי איז שוין אויסגעפאָרן דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט און אפילו די שכנותדיקע שוואַרצע לענדער מיט די נאַכט־קלובן און האַזאַרדן האָט זי שוין נישט איינמאָל געזען. איז איר איצט דאָס אַלץ געוואָרן דערעסן און יעדע עטלעכע חדשים מוז מיין זון איר נעמען אין אויסלאַנד: שפּאַניע, איטאַליע, בראַזיל, יאַפּאַן, אינדיע, כינע. זי איז פאַרליבט אין די מענטשן פון יענע לענדער מיט זייערע נאַכט־קלובן, מיט די בעבלעך און רייז, מיטן רויטן פלייש. און מיין זון מוז איר צופרידנשטעלן — און ער אליין, נעבעך, קוקט אויס ווי ער וואָלט ארויס פון שפּיטאָל. ער איז בלייך און אָפּגעצערט און די שנור מיינע קווועלט און באַרימט זיך, אז זי האָט געהאַט אַ „וואַנדערפול טאַים". זי האָט געטאַנצט מיט כינעזער און מיט יאַפּאַנעזער האָט זי געגעסן זייער מאכל אויף דער פּאָדלאָגע און געלעקט די פינגער !..

נו, גאָט צו דאַנקען דערפאַר ! זי איז דאָך אַ יידיש קינד, מיין שנור. נישט איין יידישע מאַמע איז מיך מקנא !..



## זי פאַרלאַנגט צופיל...

אַנומלט קומט צו מיר מיין שכן און רעדט זיך פאַר מיר אויס דאָס האַרץ:

— מיין פרוי, — זאָגט ער, — האָט שלעכטע געוווינהייטן וואָס איך פאַרטראָג זיי נישט. זי וועט מיך פאַר דער צייט טרייבן פון דער וועלט. זי האָט ליב צו באַריידן מענטשן אָן אונטערשייד. אלעמען באַרעדט זי: קרובים, באַקאַנטע, לאַנדסלייט, שכנים, און דאָס אַרט מיך. אָבער איך האָב זיך שוין צוגעוווינט צו דעם. זי איז נישט די איינציקע פרוי וואָס באַרעדט אַנדערע. אָבער זי האָט אַ טבע מיך הונדערט מאָל איבערצופרעגן צי איך האָב געהערט וואָס זי האָט מיר דערציילט. דעם אמת געזאָגט הער איך איר נישט, אָדער מאַך זיך נישט הערן. זי האָט אַ טבע אַלע מאָל איינצולאַדן מענטשן. ווען זי קען לאַדט זי

איין און אויך מיט ווענמען זי האָט זיך נאַרוואָס באַקענט. און אויף שליסן קאָנט־שאַפט איז מיינע אַ ספעציאַליסטקע. מיט ווענמען זי טרעפט זיך באַקענט זי זיך גלייך און פאַרבעט אין הויז אריין, מאַכט פאַר יעדן אויפנאַמעס אַן אויסנאַם. מען זיצט ביז שפעט אין דער נאַכט, מען שפילט קאָרטן, מען עסט און מען טרינקט אויף מיין חשבון.

נאָכדעם ווען מען גייט אוועק נעמט מיינע באַריידן, אז מענטשן זיינען גראָב, נישט איידל. מען עסט, מען טרינקט, מען טומלט אַ קאָפּ און מען ברענגט נישט אַ שטיקל מתנה.

באַלד ווי זי ספראַוועט זיך מיט אירע געסט, נעמט זי טומלען אז מען דאַרף ארויסגיין צו מענטשן. מיר זאָלן גיין אין אַ קינאָ, אַ טעאַטער, צו אַ טאַנץ. ווען מיינע נעמט ריידן וועגן גיין, העלפט גאָרנישט. עס אַרט איר נישט וואָס איך בין מיד פון אַ טאָג שווערער אַרבעט. איך פיל גיין אין בעט אָפּרוען דיביינער מיי־נע. אָבער מיינע פירט אַלץ אויס. זי איז אַמאָל געווען אַ שדכנטע, נאָר קיין שידוכים האָט זי נישט אויסגעפירט. דער איינציקער שידוך וואָס עס איז איר געלונגען דורכצופירן איז געווען מיט מיר... און זייט מיר האָבן חתונה געהאַט האַלט זי אין איין ריידן, אז זי האָט געקענט טאָן אַ בעסערן שידוך...

ווען מיר גייען אין אַ קינאָ קוקט זי קיינמאָל ניט אויפן בילד. זי קוקט און זוכט אין דער פינצטער צו געפינען באַקאַנטע. אויב זי געפינט נישט, נעמט זי גענעצן. און גענעצן, ווי איר ווייסט, איז אַן אַנשטעקנדיקע קרענק — הויב איך אויך אָן גענעצן און באַלד צוגענעצן זיך אַלע מענטשן אין זאַל.

אָפּגעגענעצט, גייען מיר אַהיים. אָבער מיינע האָט אַ טבע אריינצוכאַפּן זיך אין אַ קאַפע, רעסטאָראַן. זי זאָגט: מען זיצט אָפּ צוויי שעה און מען נודיעט זיך, דאַרף מען עפּעס איבערכאַפּן. באַשטעלן מיר אַ צווייטע וויעטשערע. מיר עסן אָפּ און גייען אַהיים מיט בויך ווייטיק.

און ווען מיינע קריגט בויך־ווייטיק, גיט זי מיר קאָפּ־ווייטיק. האַלט אין איין רופן מיך צו געבן איר הייסע וואַסער, קאַלטע וואַסער מיט סאָדע, וואַסער מיט אַספּערינס. נאָכדעם דאַרף איך איר מאַכן הייסע קאָמפּרעסן צוצולייגן צום בויך. אזוי אַ גאַנצע נאַכט. ווען מיינע שלאָפט איין איז פאַרטאָג און איך דאַרף שוין גיין צו דער אַרבעט.

ווען איך בין פאַרנומען ביי דער אַרבעט, איז מיינע אויך פאַרנומען. זי זאָגט, זי קאָן נישט זיצן און גאָרנישט טאָן. שליסט זי צו דאָס הויז און גייט זוכן מציאות. זי האָט פאַרגעניגן צו זען וואָס די געשעפטן האָבן צו פאַרקויפן. זי איז נישט איבערקלייבעריש און קויפט אַלץ. זי קויפט זאַכן וואָס זי דאַרף נישט. זי האָט מערער הנאה פונעם קויפן, ווי פון די זאַכן וואָס זי קויפט...

נאָך אַ טבע האָט מיינע. יעדע פּאָר וואָכן לויפט זי צו דאָקטוירים פאַר אַ טשעק־אַפּ. זי זאָגט אז אַ מענטש איז נישט קיין בהמה און דאַרף וויסן ווו ער האַלט. מען דאַרף וויסן ווי דער פּולס אַרבעט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט, ווי די בלוט צירקולירט און בכלל ווי עס איז דאָס געזונט. און ווען מיינע גייט פאַר אַ טשעק־אַפּ האַלט עס איר ביזי מיט דאָקטוירים ביז אַ צווייטן מאָל, ווען זי גייט ווידער פאַר אַ טשעק־אַפּ. ווען זי קומט צו די דאָקטוירים זאָגט זי זיי, אז זיי זאָלן זיך נישט יאָגן, זיי זאָלן איר ריכטיק און פּינקטלעך באַטראַכטן. טוען די דאָקטוירים איר צוליב. זיי יאָגן זיך נישט, באַטראַכטן איר ריכטיק און פּינקטלעך, ווי עס איז דער ווונטש פון מיין פרוי. מען מאַכט איר עקס־רעיס, טעסטן, מען מעסט איר דאָס בלוט און אַלע אנדערע זאַכן, און מיר שיקן זיי די רעכענונגען צו באַצאָלן.

אויב דאָס איז וויניק, האָט מיינע אַ טבע צו זיין גאַנצע טעג ביי די הער־דרעסערס. זי האַלט אין איין איבערמאַכן די האָר. יעדעס מאָל ווען זי קומט פון הערדרעסער אהיים קוקט זי אויס ווי אַ פאַרשטעלטע. איין טאָג איז זי אַ גרויע, אַ צווייטן מאָל אַ שוואַרצע, אַ ברונעטע, אַ בלאָנדע, אַ געלע. איינמאָל איז זי אהיימגעקומען מיט גרינע האָר. האָב איך זיך דערשראָקן. וואָס עפּעס גרין? ס׳איז דען שבועות? גראָד איז דאָס געווען ערב ראש השנה. האָט מיך מיינע בארואיקט און דערקלערט, אזוי ווי זי האָט זיך געקויפט אַ גרין קלייד, גרינע שיך מיט גרינע זאָקן האָט זי געמוזט צו זיי צופּאַסן אירע האָר אויף גרין...

אַנומלטן קום איך אהיים, טרעף איך מיינע זיצן אָן ציינער. איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן, געמיינט זי האָט געהאַט אַן עקסידענט. אפשר האָט איר אַן אויטאָ איבערגעפאָרן, אָדער זי איז חלילה אַראָפּגעפאַלן פון די שטיגן. אָבער באַלד האָט מיך מיינע בארואיקט, אז זי האָט נישט געהאַט קיין אויטאָ־עקסידענט און איז נישט ארונטערגעפאַלן פון די שטיגן. זי האָט זיך ארומגעזען אז אירע ציינער זיינען צו ברייט איז זי אוועק צו אַ דענטיסט, ער זאָל זיי ארויסנעמען. ער וועט איר אריינשטעלן שמאָלע ציינער...

אזוי כסדר לייד איך פון מיינער. ווען איך זאָל וואָס זאָגן, ענטפערט זי מיר: „אויב עס געפעלט דיר נישט קאָנסטו האָבן אַ ברירה!" פרעג איך איר: „וואָס פאַר אַ ברירה?" רופט זי זיך אָפּ צו מיר: „דו געדענקסט, ווען מיר האָבן חתונה געהאַט בין איך געווען אַן אלמנה!" ענטפער איך איר: „יאָ, איך גע־דענק". זאָגט זי: „אויב דו געדענקסט איז גוט. איך וויל אז דו זאָלסט מיך לאָזן אין דעם זעלבן צושטאַנד ווי דו האָסט מיך גענומען!.."

## אייפּערזיכטיקע מענער...

אַ גרופּע פרויען האָבן געפירט צווישן זיך אַ שמועס און זיינען אַרויף אויף דער טעמע: אייפּערזיכטיקע מענער. רופט זיך אָפּ איינע:

— אַזאַ אייפּערזיכטיקער מאַן ווי מיינער איז גאָר נישטאָ!

— זי האָט אויך צו קלאָגן! — האָט אַ צווייטע זיך אָפּגערופן. — איך האָב אַ מאַן איז ער נישט נאָר אייפּערזיכטיק, ער איז פּשוט משוגע!

— אַלע מענער זיינען משוגע! — האָט אַ דריטע זיך אָפּגערופן. — וואָס זיי זעען ביי אַנדערע ווייבער געפעלט זיי, און ביי זייערע אייגענע ווייבער געפעלט זיי גאָרנישט!

— טאַקע אמת! — זאָגט די פריערדיקע. — איך האָב דאָס פיל מאָל געזען מיט מיין מאַן. איך קען זיך ארומדרייען אין הויז גאַנצע טעג, קוקט ער זיך גאָר ניט אום צו מיר. אָבער קומט נאָר אריין די קאַסאָקע שכנה באַמערקט ער איר באַלד און ער ווערט גאָר אַן אַנדער מענטש!

— מיין מאַן איז אַנדערש. ער קוקט נישט אויף אַנדערע פרויען, נאָר פון מיר לאָזט ער נישט אַראָפּ אַן אויג. לאָזט מיך אין ערגעץ נישט גיין, צו קיינעם נישט ריידן. און ווען דער טעלעפאָן קלינגט לויפט ער גיך ענטפערן. ער איז משוגע פאַרליבט אין מיר און איז זייער אייפּערזיכטיק. ווען דער גראָסערי־מאַן קלינגט צו פרעגן וואָס איך דאַרף, ענטפערט מיין מאַן. אפילו צו מיין אייגענעם שוואָגער טאָר איך נישט ריידן!

— נו, מען ווייסט שוין פון די שוואָגערס. נישט איין גליקלעכע היים האָבן זיי צעשטערט! — האָט אַן עלטערע פרוי מיט אַ היפּשן גוידער זיך אָפּגערופן.

— מיין שוואָגער, — האָט אַ צווייטע געזאָגט, — טאָר נישט אריבערטרעטן די שוועל ביי אונדז דערפאַר, ווייל ווען ער רעדט צו מיר, שמייכלט ער.

— מ׳ווייסט אויך פון די שוואָגערס וואָס שמייכלען! — האָט די פרוי מיטן גוידער געזאָגט.

— איך ווייס נישט וואָס איר מישט זיך אריין! — זאָגט די פריערדיקע, — איר האָט אַ מאַן שוין אין די יאָרן, און איר אליין זייט דאָך אויך נישט מער יונג!

— זעט נאָר ווער עס רעדט! — האָט די מיטן גוידער זיך אָפּגערופן אַן אויפגערעגטע. — מיינע שונאים זאָלן נישט עלטער זיין ווי איך בין. און מיין מאַן איז ווי אַלע מענער: ער פרעסט די ווייבער מיט די אויגן!

— ווי זאָגט מען: יונג און אַלט, אַלע מענער איין שוואַרץ יאָר! קיינעם פון זיי קען מען נישט געטרויען!

— די צרה איז, זיי געטרויען אונדז נישט!

— נאָך ווי זיי געטרויען נישט! אָט זיצט מיינער לעצטנס גאַנצע טעג אין הויז, האָט אָפּגעגעבן די אַרבעט און היט מיך. ער האָט אַ פּאַרדאַכט, זאָגט ער, אַז איך פאַרראַט אים, כ׳גיי צו אָפט צום פריזירער מאַכן די האָר!

— מיט מיינעם איז ערגער! — זאָגט אַן אַנדער פרוי. — איך טאָר אין גאַנצן נישט גיין צום פריזירער. דער פריזירער מוז קומען צו מיר. און דאָס איז נאָך ערגער!

— פאַרוואָס ערגער?

— מיין מאַן בלייבט דאַן אין שטוב, גייט נישט צו דער אַרבעט. און דער פריזירער איז אַ פרוי.

— מיין מאַן דערלויבט מיר נישט פּודערן. ער זאָגט אז איך פּודער זיך נישט פאַר אים, נאָר פאַר אַנדערע.

— מיינער דערלויבט מיר נישט צו נוצן קיין ליפּסטיק. און ווען איך שמיר אַמאָל אָן די ליפּן היט ער, אז קיינער זאָל נישט אַראָפּנעמען די פאַרב!

— מיט מיינעם איז נאָך ערגער! — זאָגט אַן אַנדערע. — איך טאָר נישט אָנטאָן אַ ניי קלייד, נישט פאַרקאָמען די האָר. ער זאָגט איך געפעל אים אזוי אויך. אַנומלטן איז אריינגעקומען מיין חברטע און געוויזן מיר איר נייעם באָד־קאָסטיום, האָט ער זי ארויסגעטריבן.

— און מיינער איז אזוי אייפערזיכטיק, ווען איך דאַרף נעמען אַ באָד טאָר איך זיך נישט אויסטאָן, נאָר באָדן זיך אין די קליידער!..

— און איר מיינט אז מיינער איז בעסער? ער איז אזוי אייפערזיכטיק, אז ער לאָזט אפילו נישט אונדזערע קינדער מיך קושן.

— מיט מיר איז אויך אזוי, — זאָגט די צווייטע, — אז איך וויל אַ קוש טאָן אַ קינד, אַן אייניקל, מוז איך דאָס טאָן בגנבה ער זאָל נישט זען!

— אייער מאַן האָט דאָך שוואַכע אויגן, ער זעט סיי ווי נישט.

— אז עס קומט צו די זאַכן, זעט ער!

— איר רעדט וועגן זען. מיינער האָט געפונען אַן אַלטע פאָטאָגראַפיע פון מיר ווען איך בין נאָך געגאַנגען אין שולע. אויף דער פאָטאָגראַפיע שטיי איך מיט אַ יינגל, אַ שילער, האָט ער זיך שטאַרק אויפגערעגט, צוריסן די פאָטאָגראַ־פיע און נישט גערעדט צו מיר פאַר עטלעכע טעג!

— איך קען אַ פרוי, — האָט איינע געזאָגט, — וואָס איז גאָרנישט אזא שיי־נע, דאָך איז איר מאַן אייפערזיכטיק. ער באַציט זיך צו איר ווי צו אַן אַרעס־

טאַנט. זי מוז שטענדיק זיין אין הויז, קיינער טאָר נישט קומען צו איר און זי טאָר נישט גיין צו קיינעם. ווען זי שפּילט זיך מיטן הונט, ווערט ער אויפגערעגט און אייפערזיכטיק.

— עס זיינען דאָ פרויען וואָס ווייזן ארויס מער ליבע צום הונט, ווי צום אייגענעם מאַן! — האָט די פרוי מיטן גוידער געזאָגט.

— נו, הינט זיינען אַמאָל מער געטרייער פון מענער!

— איר פלוידערט, — האָט די פריערדיקע געזאָגט, — מיין מאַן איז מיר געטריי. דער איינציקער חסרון זיינער, ער איז אייפערזיכטיק. ווען איך בין קראַנק געוואָרן האָט איר באַדאַרפט זען ווי פאַרזאָרגט ער איז געווען. ער האָט באַלד ארויסגערופן אַ דאָקטער. ווען דער דאָקטער האָט געהייסן מיך אויסטאָן צום באַטראַכטן, איז ער געוואָרן אין כעס און געזאָגט דעם דאָקטער, ער זאָל מיך באַטראַכטן אינעם אָנטאָן...

פּלוצלינג האָט דער שמועס זיך אָפּגעהאַקט. איינע פון די פרויען האָט זיך געכאַפּט, אז זי האָט געלאָזן איר מאַן אַהיים מיט גרויסער היץ, וואָס איז אים גע־קומען פון דער אייפערזוכט־קרענק. און דער שמועס האָט אויפגעהערט.



## ווייבער שמועסן...

זיצן ווייבער און שמועסן. זיי ריידן וועגן זייערע קראַנקייטן, וועגן זייערע דאָקטוירים און זייער פירונג און ווי די דאָקטוירים באַהאַנדלען זיי. רופט זיך אָפּ איין פרוי:

— די דאָקטוירים קאָנען מאַכן קראַנק!

— נישט נאָר קראַנק, — רופט זיך אָפּ אַ צווייטע, — זיי מאַכן אויך משוגע!

— זיי הרגענען צו מיט זייערע עצות!

— ווען נישט די דאָקטוירים וואָלט די חברה קדישא געבליבן אָן אַרבעט!

— איר רעדט אַלע נאַרישקייטן! — רופט זיך אָפּ די ערשטע פרוי. — איך מיין גאָר עפּעס אַנדערש.

— וואָס מיינט איר? — האָט מען איר געפרעגט.

— איך מיין וועגן דער האַנדלונג פון די דאָקטוירים. זיי שרעקן אָן דעם קראַנקן, מאַכן אים מער קראַנק!

— אמת טאַקע, — זאָגט אַן אנדער פרוי. — איך האָב אַמאָל געהאַט אַ דאָקטער, ווען ער פלעגט מיך קומען באַהאַנדלען, האָט ער מיך אַלעמאָל אָנגע־

שראָקן, געזאָגט אז איך האַלט שמאָל, ער האָט נישט קיין רפואה פאַר מיר און געזאָגט, אז ער גיט מיר זעקס חדשים צו לעבן!

— איר זאָגט דאָס, — האָט זיך אָפּגערופן די פריערדיקע. — איך האָב גע־האַט אַ דאָקטער האָט ער מיר געזאָגט, אז מיין קרענק איז אומהיילבאַר, נישטאָ פאַר מיר קיין רפואה. מער פון אַ יאָר צו לעבן גאַראַנטירט ער מיר נישט!

— איך האָב געהאַט דריי דאָקטוירים, — האָט זיך אָפּגערופן אַן אַנדערע פרוי, — נישט קיין געוויינלעכע דאָקטוירים, נאָר ספּעציאַליסטן. ס'האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן אז זיי זיינען געווען ספּעציאַליסטן אויף ציען געלט. ס'וואָלט נאָר אויסגיין צו געלט וואָלט נישט אויסגעמאַכט, אָבער זיי האָבן מיך אויף אַן אמת קראַנק געמאַכט. איינער האָט געזאָגט אז מיין האַרץ קלאַפּט ווי אַ פּויק, א צווייטער האָט געזאָגט אז דער לעבער איז צולעכערט ווי אַ ריבאייזן, אַ דריטער האָט געזאָגט אז איך האָב די ערגסטע נערוון. די וואָס געפינען זיך אין אַ משוגעים־שפּיטאָל האָבן בעסערע נערוון ווי איך האָב. איין דאָקטער האָט מיר געגעבן זעקס חדשים צו לעבן, אַ צווייטער — נאָך ווייניקער, און דער דריטער דאָקטער האָט מיר געזאָגט, אז אויב איך וועל לעבן דריי חדשים וועט דאָס זיין אַ ווונדער!

— נו, וואָס האָט פּאַסירט? — האָט מען איר געפרעגט.

— ס'האָט גאָרנישט פּאַסירט. איך האָב די דריי דאָקטוירים באַגלייט צו זייער אייביקער רו. איך בין נישט געווען די איינציקע צו זייערע לוויות. אפשר מער פון הונדערט פון זייערע פּאַציענטן וועמען זיי האָבן אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, זיינען געקומען זיי אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד!

— מיר האָט אויך אַמאָל אַ דאָקטער אָפּגעזאָגט דאָס לעבן! — האָט אַן אַלטע פרוי זיך אָפּגערופן. — איך האָב זיך נישט געשעמט פאַר אים און גע־פרעגט צי ער איז אַ דאָקטער צי אַ נביא, האָט ער נעבעך נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן.

— עס זיינען דאָ פיל דאָקטוירים וואָס ווייסן נישט וואָס זיי ריידן. דאָס איינציקע וואָס זיי ווייסן, איז אָנשרעקן דעם חולה און נאָך מערער אים קראַנק מאַכן!

— נישט אַלע דאָקטוירים זיינען אזוי! — האָט אַן אַנדערע פרוי געזאָגט.
— איך האָב אַ יונגן דאָקטער, ווי ער קומט נאָר אריין מיך באזוכן פיל איך שוין בעסער. ער רעדט אזוי איידל, אזוי שיין. נאָך איידער ער פאַרשרייבט מיר וועל־כע מעדיצין פיל איך בעסער!

— יאָ, פאַראַן אַזעלכע יונגע דאָקטוירים, וואָס מיט זייערע גוטע רייד און זיסע שמייכלען ווירקן זיי בעסער ווי מעדיצין!

— איך האָב נישט אזא מזל! — האָט זיך אָפּגערופן די עלטערע פרוי. — צו מיר ריידן נישט די דאָקטוירים קיין גוטע רייד און שמייכלען נישט.

— איך האַלט, אז אַן ערלעכער דאָקטער דאַרף זיך נישט באַנוצן מיט גוטע רייד און זיסע שמייכלען, נאָר דאַרף טאָן זיין אַרבעט!

— וואָס פאַר אַן אַרבעט?

— ער דאַרף באַהאַנדלען ערלעך דעם קראַנקן, זאָגן וואָס אים איז!

— ניין, עס טויג נישט צו זאָגן דעם קראַנקן דעם אמת. אמאָל מאַכט דאָס ערגער!

— מיין דאָקטער באַהאַלט נישט אויס פאַר מיר קיין זאַך! — האָט געזאָגט אַ יונג ווייבל. — דאָ אַנומלט האָט ער מיר געזאָגט, אז ער האָט מיך שטאַרק ליב, און האָט דאָס טאַקע באַלד ארויסגעוויזן.

— ווי אזוי האָט ער ארויסגעוויזן אז ער האָט איך ליב?

— ער האָט מיך געהייסן קומען צו אים אָפטער.

— אַ קלוגער דאָקטער. ער קריגט דאָך דערפאַר באַצאָלט!

— איך צאָל אים נישט.

— ווער דען צאָלט אייער דאָקטער?

— מיין מאַן.

די פרויען ארום האָבן זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט.

— וואָס שמייכלט איר? — האָט זי ברוגזלעך געפרעגט. — איר מיינט איך טרייב איבער!

— חלילה! איר טרייבט נישט איבער, נאָר איר זייט נאַאיוו!

— פאַרוואָס בין איך נאַאיוו?

— ווייל איר גלייבט זיי.

— ווער זאָגט איך גלויב זיי? נישט איין דאָקטער האָט מיר שוין געמאַכט אַ הייראַט־פאָרשלאַג, האָב איך דאָס אָפּגעוואָרפן, נישט גענומען עס ערנסט!

— פאַרוואָס האָט איר נישט גענומען ערנסט?

— ווייל, — האָט די יונגע ווייבל געזאָגט, — מיינע חברטעס, יונגע שיינע ווייבלעך האָבן מיר דערציילט, אז די זעלבע דאָקטוירים האָבן אויך זיי געמאַכט הייראַטס־פאָרשלאַגן, אָבער האָבן גאָר געמיינט עפּעס אַנדערש...

די פרויען ארום האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיקן געלעכטער.

# זיי האָבן זיך פאַרליבט...

שטענדיק איז זי אַ לוסטיקע. אין איר געזעלשאַפט פילט מען זיך גוט און פריילעך. מען קומט צו איר אָפט, מען פאַרברענגט זיך, מען דערציילט זיך פריי־לעכע אַנעקדאָטן און וויצן און מען לאַכט. זי איז אַלעמאָל די הויפט־פיגור אין צענטער פון די שמועסן און לאַכט העכער פון אַנדערע צו באַווייזן אירע שיינע ווייסע ציינער.

מיט איר עלעגאַנטער קליידונג און פריזור זעט זי אויס ווי אַ שיינע פּרינ־צעסין. זי איז פריינדלעך און מענער וואָס זעען איר קאָנען נישט אָפּווענדן זייע־רע אויגן פון איר, בפרט ווען זי שמייכלט און באַווייזט אירע שיינע ווייסע ציינער.

צווישן אירע באַקאַנטע האָט איינער, וואָס האָט איר געזען צום ערשטן מאָל, נישט אראָפּגעלאָזט די אויגן פון איר. איינמאָל האָט ער זי איינגעלאַדן אויף אָוונט־ברויט, שפּעטער צו אַ פאַרווייילונג. ער האָט איר שטיל געזאָגט, אז ער איז אין איר שטערבלעך פאַרליבט. ער האָט איר דערקלערט, אז פונעם ערשטן מאָמענט וואָס ער האָט זי געזען הערט ער נישט אויף טראַכטן וועגן איר. ער איז גליקלעך דאָס איר צו זאָגן. ער וועט זיין נאָך מער גליקלעך פון איר צו הערן אז זי פילט מיט זיינע ליבע־געפילן און איז איינשטימיק מיט זיינע ליבע־פאָרשלאָגן.

הערנדיק דאָס האָט זי אָנגעשטעלט אַן ערנסט פּנים. אירע שוואַרצע פייער־דיקע אויגן האָבן אים דורכגענומען. נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט זי צו אים גע־זאָגט זייער צאַרט:

— איך בין גליקלעך דאָס צו הערן, אָבער...

— אָבער וואָס? — האָט ער פאַרליבט געפרעגט.

— שווער צו דערקלערן! — האָט זי געענטפערט.

— פאַרוואָס איז דאָס שווער צו דערקלערן? — האָט ער געפרעגט.

— איך וועל דאָס אייך אַ צווייטן מאָל דערקלערן.

— פאַרוואָס נישט היינט?

זי האָט נישט געענטפערט.ביידע האָבן זיך שווייגנדיקע אָנגעקוקט. זי האָט מיט אירע הענט צורעכטגעמאַכט איר פריזור און געשמייכלט.

* * *

עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט ווען ער האָט זי אָפּגעפירט אהיים. ביי דער טיר פון איר וווינונג האָט זי צאַרט געזאָגט:

— עס איז מיר געווען אָנגענעם אייער געזעלשאַפט.

ער האָט איר אָנגעקוקט מיט דורשטיקע אויגן און געפרעגט:

— ווען טרעפן מיר זיך ווידער?

— מען וועט זיך נאָך טרעפן!

— ווען?

— קיין באַשטימטע צייט קען איך נישט זאָגן.

זיי האָבן זיך געזעגנט און ער איז אַוועק.

* * *

אַ גאַנצע נאַכט איז ער נישט געשלאָפן, האָט געטראַכט וועגן איר. פאַרטאָג איז ער אַ מידער איינגעשלאָפן.

אויך זי איז די נאַכט נישט געשלאָפן און אָן אויפהער געטראַכט וועגן אים: זיין האַלטונג, זיין איידעלע באַציאונג איז איר שטאַרק געפעלן. אָבער איר האָט געפּייניקט דער געדאַנק: וואָס פאַר אַן ענטפער האָט זי אים געקאָנט געבן אויף זיינע ליבע־דערקלערונגען? אויסזאָגן אז זי איז פאַרהייראַט, אז איר מאַן געפינט זיך אונטערוועגנס? — — —

און ער, אַן אויסגעניכטערטער, האָט אויך צומאָרגנס געטראַכט: געהאַט מזל וואָס זי האָט נישט גענומען ערנסט זיינע ליבע־דערקלערונגען. וואָס וואָלט ער געטאָן ווען זי נעמט אים ערנסט און האַלט אים ביי זיינע צוזאָגן? וואָס וואָלט ער זאָגן זיין פרוי און קינדער ווען זיי וועלן קומען צוריק פון זייער וואַקאַציע?...



## אַ ביטערער טעות...

באָריס קלאַווין איז געזעסן אין ביוראָ פון זיין קליידער־פאַבריק, געדרויכערט אַ סיגאַר מיט גרויס הנאה און נערוועאיש געזוכט אין אַ נאָטיץ־ביכל, וואָס איז געווען פול מיט טעלעפאָן־נומערן. ווען זיין סעקרעטאַרין איז ארויס פון ביוראָ האָט ער האַסטיק צו זיך צוגערוקט דעם טעלעפאָן און אָנגעקלונגען זיין געליבטע:

— העלאָ, דאָראָ!

— העלאָו!

— דאָראַ דאַרלינג, דאָס רעדט באַריס. כ׳האָב פאַר דיר גוטע נייעס! דאָס וואָס מיר האָבן יענע וואָך גערעדט וועט פאַרווירקלעכט ווערן. איך האָב דיר געקויפט דעם רינג וואָס דו האָסט פאַרלאַנגט. אויך אַנדערע זאַכן. ווערסט דאָס אַלץ האָבן ווען מיר וועלן זיך טרעפן. איך בין איצט זייער באַשעפטיקט און קאָן פיל נישט ריידן. מיין סעקרעטאַרין איז נאַרוואָס ארויס פאַר מיטאָג. איך בין שטאַרק פאַרנומען מיט צוגרייטן פאַרשיידענע זאַכן. איך דאַרף נאָך מאַכן אייניקע טעלעפאָן־אָנרופן און צופיל צייט האָב איך נישט. עס וועט בלייבן אזוי ווי מיר האָבן אָפּגערעדט. מיר וועלן אַוועקפאָרן פאַר אַ 4—5 טעג... שוין באשטעלט פאר אונדז אַ פריוואַט־סוויט מיט אַ טעלעפאָן און ראַדיאָ. איך האָב מיט מיין פרוי גערעדט, איר געזאָגט אז איך פאָר אוועק פאַר עטלעכע טעג פאַר ביזנעס. אלץ איז אין אָרדענונג. ענדלעך וועלן מיר האָבן די געלעגנהייט גוט צו פאַרברענגען. ס׳וועט זיין אַנדערש ווי די קורצע וויזיטן אונדזערע... מיר וועלן דאָס מאָל זיין צוזאַמען אַ לענגערע צייט. מיר וועלן באזוכן נאַכט־קלובן, פאָרן פאַר לאַנגע שפּאַצירן. מיר וועלן פאָרן מיט דער נייער קאַר וואָס איך האָב געקויפט אַ קאַר אַ פּראַכט, אַ מאַרסידוס, זי פליט ווי אַ פויגל!.. יאָ, שיער פאַר־געסן צו דערציילן דיר: שיער, שיער וואָלט גאָרנישט געוואָרן פון אונדזער גאַנצן פּלאַן. ווען איך האָב געזאָגט מיין פרוי, אז איך פאָר אַוועק פאַר ביזנעס אויף עטלעכע טעג, האָט זי געענטפערט אז דאָס מאָל פילט זי מיטצופאָרן... נו, עס איז מיר נישט געווען לייכט איר אָפּצוריידן. איך האָב איר דערקלערט, אז דאָס מאָל איז עס נישט מעגלעך. איך וועל זיין שטאַרק פאַרנומען טאָג און נאַכט און זי וועט גאָרנישט געניסן פון דער רייזע. איך וועל דאָס מאָל נישט האָבן קיין פרייע מינוט און זי וועט דאַרפן זיצן אליין אין האָטעל און זיך נודיען. גאָר נישט לייכט איז מיר אָנגעקומען איינצורײדן איר צו בלייבן אהיים. איך האָב געמוזט קויפן אַ פוטער־מאַנטל און צוגעזאָגט איר צוברענגען שיינע מתנות.. אַלזאָ, דאָראַ דאַרלינג, מיר פאָרן אַוועק אין מיין נייעם מארסידוס. מיט אומגע־דולד קוק איך אויס צו זיין מיט דיר... מיר פאָרן מאָרגן פרי צווישן 6 און 7. נעם נישט מיט קיין סך באַגאַזש, נישט פיל אָנצוטאָן, ווערסט דאָס נישט דאַרפן.. יאָ, שיער פאַרגעסן. דאַכט זיך, אז דו קאָנסט זיך מיט מיין סעקרעטאַרין, מיס פליידין. זאָלסט איר גאָרנישט דערציילן וועגן אונדזער פריינדשאַפט און וועגן אונדזער פאָרן! איך מוז זיך היטן פאַר איר. זי איז זייער אייפערזיכטיק, מער אייפערזיכטיק פון מיין פרוי. איר קאָן איך נישט נאַרן... יעס דאַרלינג, איך מוז ענדיקן שוין דעם שמועס ווייל באַלד קומט זי צוריק אין ביוראָ. אויב דו ווערסט וואָס דאַרפן לאָז מיר דאָס וויסן דורך אַ „מעסעדזש" פּריוואַט, דירעקט צו מיר,

פאַרשטייסט !.. דאָראַ דאַרלינג, דו זאָלסט דיין פּודל־הינטל נישט מיטנעמען. איך וויל אז מיר זאָלן זיין אליין...

— יעס, יעס ! — האָט שטיל געענטפערט אַ פרויען־שטימע.

— העלאָו, דאָראַ ? העלאָו ! דאַרלינג, עפּעס קלינגט דיין שטימע היינט אַנדערש. וואָס האָט פּאַסירט, ביסט חלילה פאַרקילט, אָדער דו מאַכסט זיך ? דאַרלינג, זאָג מיר. פאַר מיר מעגסטו זיך פאַרטרויען, דאַרפסט קיין סודות נישט האָבן... דו ווייסט אז איך ליב דיך. זאָג מיר נאָר, און איך וועל פאַר דיר אַלץ טאָן, דאַרלינג מיינע !...

— אזוי, וועסט אַלץ פאַר מיר טאָן ! אויב אזוי זאָלסטו שוין די מינוט קו־מען אַהיים ! — האָט הויך אַ ברום געטאָן אַ שטימע דורכן טעלעפאָן, וואָס האָט באָריסן שיער נישט טויב געמאַכט. — — —

באָריסן האָט גענומען וואַרפן ווי אין קדחת. דער טעלעפאָן שמועס איז אָפּ־געהאַקט געוואָרן...

ווען באָריס איז געקומען אַ ביסל צו זיך האָט ער זיך געכאַפּט, אז ער האָט נעבעך געמאַכט אַ ביטערן טעות. אנשטאָט צו קלינגען צו זיין געליבטע האָט ער אָפּגעמישט די טעלעפאָן־נומערן און אָנגעקלונגען צו זיין ווייב...



# זי איז אריינגעפאַלן...

נישט לאַנג צוריק האָט מרס. פייגל חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל. איר צווייטער מאַן, סעם, איז געווען אַן אלמן, נאָך אַ גאַנץ יונגער מענטש. מרס. פייגל איז געווען אַ שיין ווייבל אין די מיטעלע יאָרן. זי האָט אָבער געהאַט אַ מיאוסע טבע, שטענדיק האָט זי גערעדט וועגן איר ערשטן מאַן, אויסגערעכנט זיינע מעלות. געטאָן האָט זי דאָס צו יעדער צייט און ביי יעדער געלעגנהייט.

— סעם, דו ווייסט, — האָט זי געזאָגט, — מיין ערשטער מאַן, עליו השלום, איז געווען זייער אַ קלוגער מענטש, געווען אַ גוטער און אַ דזשענטלמאַן. ער האָט דאָך גאָרנישט געוווסט וואָס צו טאָן פאַר מיר, געווען גרייט פאַר מיר צו גיין אין פייער און אין וואַסער. ס'איז אים קיין זאַך נישט שווער געווען צו טאָן פאַר מיר. קיין זאַך איז נישט געווען צו טייער פאַר מיר. ער האָט מיר געקויפט די טייערסטע צירונג, די בעסטע פוטער־מאַנטלען, קליידער, שיך, טעפּיכער, קרישטאָל — און וואָס נישט !

ווען סעם האָט דאָס אויסגעהערט איז ער געבליבן זיצן שטיל, אַ טרויעריקער. אים האָט שטאַרק וויי געטאָן צו הערן די רייד. אָבער זיין ווייב האָט דאָס ווייניק וואָס געאַרט און זי האָט אַלץ אָנגעהאַלטן:

— ווייסט סעם, אויך דו ביסט אַ גוטער מאַן, איך האָב צו דיר גאָרנישט. הלוואי, אָן מיין שאָדן, אויף אַנדערע פרויען געזאָגט געוואָרן. דו ביסט מיר גאַנץ געטריי און גוט צו מיר, אָבער מיין ערשטער מאַן, עליו השלום איז געווען בעסער, געטרייער. אַזאַ צאַרטע און איידעלע נשמה ווי ער האָט געהאַט איז נישט צו געפינען. ער האָט נישט געוווסט וואָס פאַר מיר צו טאָן. ער האָט מיך טייער געהאַלטן און באַהאַנדלט ווי אַ קייסערינע, ווי אַ פרינצעסין. עס איז מיר ביי אים געווען בעסער ווי די רייכסטע פרויען!

— נו, גענוג שוין, גענוג! אַלעמאָל רעדסטו פון דיין ערשטן מאַן! שוין אפשר טויזנט מאָל דאָס געהערט!

— וויפל איך האָב דיר געזאָגט, האָב איך דיר נאָך אַלץ גאָרנישט געזאָגט!

— האָסט מיר שוין געזאָגט גענוג. איך ווייס, ער איז געווען גוט, אַ בריליאַנט, אַן אוצר!

— סעם, רעג זיך נישט אויף! איך זאָג דיר, ער איז געווען אַ מלאך! איך האָב נאָר באַדאַרפט ארויסריידן אַ וואָרט איז ער שוין געשטאַנען גרייט פאַר מיר אַלץ צו טאָן. אַז איך פלעג ווערן קראַנק, איז ער ארומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ, באַלד ארויסגערופן די בעסטע דאָקטוירים, די גרעסטע ספּעציאַליסטן. פאַר מיר האָט ביי אים געלט נישט געהאַט קיין ווערט, בפרט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מיין געזונט. ער האָט מיך געצערטלט, געטרייסט, באַרואיקט. ער האָט זיך געלייגט אין בעט אריין צו מאַכן לייכטער מיינע יסורים!

— הער שוין אויף צו ריידן אַזוי פיל וועגן דיין פריערדיקן מאַן! איך בין שוין קראַנק צו הערן דאָס!

— אָט דאָס איז עס. איך זע שוין אַז איך בין מיט דיר גוט אריינגעפאַלן! ווי נאָר איך רייד ארויס אַ וואָרט, ווערסטו גלייך מיד און קראַנק! מיט מיין ערשטן מאַן האָב איך געקאָנט ריידן וויפל איך האָב געוואָלט. איך האָב אַלץ געקאָנט דערציילן און ער האָט מיך אויסגעהערט מיט גרויסער ליבשאַפט. דאָס אליין באַווייזט שוין די איידלקייט וואָס ער האָט באַזיצט! אפילו פאַר מיין מוטער האָט ער נישט געוווסט וואָס צו טאָן. ער האָט איר נישט באַהאַנדלט ווי אַ שוויגער, נאָר ווי אַ ליידי, אַ מאַמע. אפילו געקויפט איר מתנות צו איר געבורטס־טאָג!

— איך האַלט דאָס נישט אויס, מאַכסט מיך נערוועז, — האָט דער מאַן געקרעכצט. איך פיל איך וועל ארונטער פון זינען, כ'וועל קראַנק ווערן! האָסט נישט וועגן עפּעס אַנדערש צו ריידן ווי נאָר וועגן דיין פאַרשטאָרבענעם מאַן?!

— סעם, איך זע אז דו ביסט אַ בייזער, אַ שלעכטער, האַלסט זיך אין איין אויפרעגן. מיין ערשטער מאַן, עליו השלום, האָט זיך קיינמאָל נישט אויפגע־רעגט, האָט אַלעמאָל געהאַט געדולד, געווען שטיל, געלאָסן און האָט מיך אויס־געהערט. ער איז קיינמאָל נישט געווען בייז, האָט אַ הויך וואָרט נישט געזאָגט און נישט געסטראַשעט אז ער וועט ארונטער פון זינען, וועט קראַנק ווערן!

— ער האָט אין זיך פאַרבאַהאַלטן אַלע צרות און וויטיקן און איז מיט זיי דערוואָרגן געוואָרן!

— וואָס פאַראַ צרות?

— איך ווייס נישט! לאָז מיך צורו, כ׳בין שוין פאַרמאַטערט. איך פיל, כ׳וועל אויס מענטש!

— וואָס, דו פילסט ווערסט אויס מענטש?

— יאָ, אזוי פיל איך!

— איז אפשר זאָל איך רופן אַ דאָקטער?

— מען דאַרף נישט קיין דאָקטער.

— וואָס דען ווילסטו?

— אַ ביסעלע רו!

— איך זע שוין, אז עס איז נישט גוט מיט דיר! סעם, דו רעדסט עפּעס מאָדנע רייד. מיין האַרץ ציטערט מיר, איך האָב שלעכטע פאָרגעפילן. מיט מיין ערשטן מאַן, עליו השלום, האָט עס אויך אזוי פאַסירט. אויך ער האָט פאַרן טויט אזוי גערעדט. איך זע שוין אז איך בין מיט דיר ארייגעפאַלן. איך זאָג דיר, סעם, אויב דו וועסט זיך אזוי פירן וועט נישט זיין גוט מיט דיר. איך פיל דאָס. איך האָב שוין אויף דעם געביט דערפאַרונג. לויט ווי דו רעדסט זע איך, אז דער אָנהויב פונעם סוף איז נאָענט. דאָס זיינען די ערשטע סימנים. איך האָב אַ פאָר־געפיל, אז איך וועל ווידער ווערן אַן אלמנה!..



## שטילע שכנים...

אויף מיין שכן, זאָגן מענטשן, אז ער איז אַ גליקלעכער מענטש. ערשטנס, זאָגן זיי, איז ער געבוירן געוואָרן אין אַ מזלדיקער שעה. ס׳איז געווען דעמאָלט ווען זיין טאַטע האָט חתונה געהאַט מיט זיין מאַמען... פאַסירט האָט דאָס אזוי: דער טאַטע זיינער, זייענדיק נאָך אַ יונגער בחורל, וואָס האָט נאָך נישט געוווסט פון אַ סך זאַכן, האָט גענומען ארויסגיין מיט אַ יונגע, נאַאיווע און שיינע מיידל.

זיינען זיי אזוי לאַנג ארומגעגאַנגען ביז זיי האָבן זיך פאַרליבט. זיי האָבן זיך אזוי שטאַרק געליבט ביז די מיידלס עלטערן האָבן אויפגעהויבן אַ טומל, געמאַכט אַ ויצעקו: דער בחורל מוז גלייך חתונה האָבן מיט זייער טאָכטער! און באַלד נאָכדעם ווי זיי האָבן חתונה געהאַט איז, מיט מזל, געבוירן געוואָרן דער שכן, וועגן וועמען מיר ריידן דאָ.

מענטשן האָבן געזאָגט, אז ער איז אַ גרויסער בר־מזל. אנדערע האָבן נישט אזא מזל. מען האָט שוין געזען פיל פאַלן ווי יונגע מענטשן פאַרליבן זיך — און האָבן נישט חתונה.

פון פיל ליבעס ווערן געבוירן קינדער און טאַטע־מאַמע ווייסן נישט פון זיי, און די קינדער ווייסן נישט ווער זייער טאַטע און מאַמע זיינען, און ס׳איז אַלץ אין אָרדענונג.

דערפאַר איז דער שכן מיינער, וועגן וועמען מיר שמועסן דאָ, אַ גליקלעכער מענטש, אַ בר־מזל. ער אליין זאָגט עס טאַקע.

היינט איז ער אַ פאַרהייראַטער מענטש, אַ טאַטע פון קינדער און האָט אַ ווייב א גוט־האַרציקע, אַ שטילע, רעדט קיין הויך וואָרט נישט — זי איז, נעבעך, אַ שטומע.

דער שכן זאָגט, ער וואָלט נישט טוישן זיין ווייב פאַר קיין צען אַנדערע. די מעלות וואָס זיינע האָט, האָבן נישט אַנדערע פרויען. זי באַרעדט נישט קיינעם, מען הערט פון איר נישט קיין רכילות, זי שרייט נישט, שילט נישט, מאַכט נישט קיין טומל, און ווען זי וויינט, וויינט זי שטיל, קיינער זאָל נישט הערן.

ווען זי דאַרף געלט, בעט זי עס אויפן ווונק, טוט אַ פינטל מיטן אויג, מאַכט אַ זיסע מינע און ס׳איז שטיל.

ווען זיי קריגן זיך הערט קיינער נישט. זיי קריגן זיך שטיל. זי עפנט נישט אַ מויל ווי אַנדערע און ער דאַרף נישט ענטפערן הויך, דאַרף נישט שרייען און די שכנים האָבן נישט וואָס אונטערצוהערן.

צו אירע קינדער באַציט זי זיך אויך אזוי, אַלעמאָל שטיל. ווען זי וויל וואָס זאָגן, ווייזט זי מיט אַ פינגער, מאַכט צייכנס, באַוועגונגען, קנאַקט מיט איר ציינגל. עס טרעפט זי ווערט אַמאָל שטאַרק בייז אויפן מאַן אָדער אויף די קינדער, טוט זי שטיל אַ קניפּ אז עס פאַרגייטביים האַרצן. אָבער קיינער הערט דאָס נישט.

ווען זיי גייען שפּאַצירן רעדט זי גאָרנישט, פאַרלאַנגט קיין זאַך נישט. שטיל קוקט זי אין די שוי־פענצטער, ווייזט מיט אַ פינגער וואָס איר געפעלט. אז ער באַוויליקט איר צו קויפן איז זי צופרידן. קויפט ער נישט, זאָגט זי גאָרנישט, נאָר טרעט אים אָן אויף זיינע הינער־אויגן, אז ער חלשט אַוועק.

מיט שכנים לעבט זי גוט. קיינער קומט נישט דערציילן איר פּלאָטקעס וועגן אַנדערע. זי איז נישט פֿאַראינטערעסירט אין דעם. זי האָט אויך נישט קיין שלעכט וואָרט אויף קיינעם צו ריידן. איר טבע איז צו זיין שטיל, נישט צו ריידן.

דער שכן זאָגט, הלוואי אַלע זיינע גוטע פריינד זאָלן האָבן אַזאַ שטילע און פיינע ווייב ווי ער האָט.

ער קאָן קומען אַהיים שפּעט ביינאַכט, זאָגט זי אים נישט קיין וואָרט, קיין פּראָטעסט, קיין טומל — גאָרנישט. אַזאַ פרוי ווי ער האָט, האָבן נישט פיל.

זיי האָבן שוין חתונה געמאַכט די קינדער, לעבן זיך גוט מיט זייערע שניר און איידעמס. די שניר און איידעמס האָבן ליב זייער שוויגער. אַז זי קומט צו זיי צו גאַסט זאָגט זי קיין וואָרט נישט. זי זעט אפילו קרומע זאַכן, אָבער איר גייט דאָס נישט אָן, זי זאָגט נישט קיין קריטיק, קיין דעות, זי רעדט נישט און די איידעמס און שניר זיינען צופרידן. זיי זאָגן, אַז אַזאַ שוויגער ווי זיי האָבן מעגן זיך ווינטשן אַנדערע צו האָבן.

אפילו ווען זי ווערט קראַנק רעדט זי נישט, נאָר זי קרעכצט. נאָר ווען עס טוט איר שטאַרק וויי, דעמאָלט שרייט זי. אָבער זי שרייט נישט ווי אַנדערע. איר שרייען איז אַנדערש — ס'איז אַ שטום-שרייעניש.. דאָס פּאַסירט אָבער זעלטן. בנאַטור איז זי אַ געזונטע, זי קרענקט זעלטן.

די שכנים זיינען אים מקנא. זיי זאָגן אַז ער איז אַ מזלדיקער מענטש, האָט אַ ווייב וואָס קרענקט זעלטן, און דער עיקר — זי איז אַ שטילע. זי איז די שטיל־סטע פרוי אין דער גאַנצער גאַס.

אַנדערע שכנים האָבן זיך ארויסגעצויגן צוליב דעם, ווייל זיי האָבן פיינט שטילע שכנים. זיי האָבן ליב שכנים מיט וועמען אויסצורריידן אַ וואָרט, צו הערן נייעס, אַ פּלאָטקעלע, צו האָבן מיט וועמען אַ ביסל צו פּלאַפּלען.

זייט דער שכן וווינט אין דער גאַס מיט זיין שטילער, נישט ריידעוודיקער ווייב, האָבן זיך שוין געטוישט פיל שכנים. מען זאָגט, אַז ער מיט זיין שטילער ווייב פאַרטרייבן זיי. ס'איז נישט אינטערעסאַנט צו וווינען בשכנות מיט אַזעל־כע שטילע מענטשן...

# ווען מען זוכט מציאות...

איך האָב קיינמאָל נישט געהאַלטן פון קויפן מציאות, קיינמאָל נישט גע־זוכט קיין באַרגעינס, נישט געגאַנגען צו אויספאַרקויפן. איך האַלט נישט דער־פון. איך ווייס אז דאָס וואָס עס קאָסט ביליג, מאַכט אויס טייער. מענטשן יאָגן זיך צו קויפן נאָר אויף אויספאַרקויפן, זוכן מציאות. נאָכדעם זעען זיי, אז זיי זיינען ביטער אריינגעפאַלן מיט די איינגעהאַנדלטע מציאות. אָבער עס איז פאַר־פאַלן און זיי מוזן זיך האַלטן מיט זייערע באַרגעינס.

מיר האָבן לעצטנס אַ סך סופּערמאַרקעטס און דיסקאָונט־הייזער, וואָס באָטן אָן סחורה צו ביליקע פּרייזן. אָבער איך האַלט נישט פון דעם. איך גלויב נישט אז זיי פאַרקויפן ביליקער פון אַנדערע, און אויב זיי פאַרקויפן מיט אַ סענט אָדער צוויי ביליקער, איז מסתמא נישט אין אָרדענונג מיט דער סחורה. איך גע־דענק ווי מיין מוטע שרה־גיטל פלעגט זאָגן: זוך נישט קיין מציאות, ס'וועט דיר קאָסטן טייער...

אָבער מענטשן הערן זיך צו די עצות נישט צו, זיי זוכן נאָר מציאות. מען גייט צו די סופּערמאַרקעטס, מען שטופּט דאָרטן די וועגעלעך, מ'וואַרפט אריין אין די וועגעלעך פלייש מיט שו־וואַקס, זייף מיט וווּרשטלעך, עפּל מיט עסיק, ציין־פּאַסטע מיט קלאָפּקעס פאַר מייז, ברויט מיט טואַלעט־פּאַפּיר און נאָך אַנדע־רע זאַכן. מען קויפט אַלץ, צי מען דאַרף, צי מען דאַרף נישט. מען זאָגט: ס'איז באַרגעינס...

שוין פיל מאָל האָט מען מיך געבעטן איך זאָל גיין צו די סופּערמאַרקעס, אָבער מיך עקלט צו זען ווי מען שטופּט די וועגעלעך מיט מייז־קלאַפּקעס און ברויט, פלייש מיט שו־וואַקס, טואַלעט־פּאַפּיר מיט קעז, ביסקוויטן מיט וואַקס פאַר דילן און אנדערע זאַכן.

איינמאָל אָבער האָט מען זיך צו מיר צוגעזעצט און איך האָב איינגעשטימט צו גיין צו אַ סופּערמאַרקעט מען האָט מיר איינגערעדט אז איך וועל שפּאָרן געלט. האָב איך געוואָלט זען און אַוועק מיט מיין פרוי האַנדלען מציאות. וואָס מיין פרוי האָט געזען האָט זי געוואָרפן אין וואָגן, און איך האָב דעם וואָגן גע־שטופּט. דעם אמת געזאָגט האָב איך זיך געשעמט. ווי קום איך צו שטופּן אַ וואָגן? אָבער ווען איך האָב געזען אז נאָך מענער און ווייבער שטופּן, האָב איך אויך געשטופּט...

מיין פרוי האָט איינגעהאַנדלט זאַכן, פּונקט ווי מיר וואָלטן גיין עפּענען

אַ שפּייז־געשעפט. אין מיין לעבן האָב איך נישט געקויפט אַזוי פיל פלעשלעך, סלאָען, פּידלעס, פּושקעס, פּעקלעך און נאָך זאַכן, וואָס איך האָב דאָס אַפילו קיינמאָל פריער נישט געזען. ווען עס איז געקומען צו באַצאָלן פאַר די אַלע זאַכן איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן און גרינגער געוואָרן אין קעשענע. מיין פרוי האָט מיך געטרייסט, אַז דאָס וועט זיין פאַר אַ גאַנצן חודש און אפשר נאָך לענגער. האָב איך זיך אַ ביסל באַרואיקט.

די סופּערמאַרקעטס זיינען שטאַרק פאַרנומען און זיי שיקן נישט די סחורה, מען מוז דאָס אַליין שלעפּן. נו, האָבן מיר געשלעפּט... געקומען אַהיים האָבן מיר גענומען אויספּאַקן די סחורה. דאָס ערשטע האָבן מיר געפונען דריי אייער צעבראָכן, אויסגערונען אויפן ברויט מיטן טאָרט און פאַרפלעקט די טואַלעט־פּאַפּיר מיט אַנדערע זאַכן. מיר האָבן גלייך דערזען, אַז דאָס וואָס מיר האָבן איינגעשפּאָרט איז אַוועק ווי אַ רויך. מיר האָבן דורכגעקוקט די ליסטע האָבן מיר זיך געכאַפּט אַז דריי אַרטיקלען פעלן. צוויי טיי־גלעזער זיינען צע־בראָכן געוואָרן און דאָס צעמאָלענע פלייש איז געווען ווי מיט דימאַנטן באַזעצט פון די שטיקלעך צעבראָכענע גלאָז...

איך האָב פאַרלאָרן דעם חשק צו העלפן מיין פרוי אויספּאַקן די באַרגעינס. אַן אויפגערעגטער בין איך אַרויס פון שטוב. איך האָב געזאָגט מיין פרוי, אַז איך האַלט נישט פון קיין מציאות. אויב מען דאַרף וואָס קויפן, גייט מען אַריין אין אַ געשעפט און מען קויפט וואָס מען דאַרף. און וואָס מען דאַרף נישט קויפט מען נישט. אָבער אויסגעפירט האָט מיין פרוי.

עס איז איבעריק איבערצוגעבן די צרות וואָס מיינע האָט געהאַט פון די מציאות. יעדע זאַך האָט זי געמוזט וואַשן און רייניקן. קיין לייכטע אַרבעט איז דאָס נישט געווען, און דער מיסט־קעסטל אין הויז איז פון זיי פולער געוואָרן. באַלד האָט זי מיך גערופן און געוויזן אַז די פּוטער האָט אַ שלעכטן גערוך, די קעז איז האַרט ווי שטיין און אַ פּושקע קאָנסערוון איז געווען אויפגעבלאָזן. איך מוז דאָס גלייך צוריקטראָגן. אַוועקוואַרפן וויל זי נישט. זי האָט שוין גענוג אַרויסגעוואָרפן...

בין איך אַוועק אין סופּערמאַרקעט איבערטוישן די פּוטער, קעז און די אויפגעבלאָזענע קאָנסערוון־פּושקע, אָדער בעטן דאָס געלט צוריק. די פרוי אין סופּערמאַרקעט האָט זיך געמאַכט תמעוואַטע. זי ווייסט פון גאָרנישט, זי האָט אַפילו קיין צייט מיט מיר צו ריידן. זי האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ מאַן אין אַ ווייסן כאַלאַט און געזאָגט איך זאָל ריידן מיט אים. איך גיי צו צום מאַן, דער־צייל אים אַלץ. מאַכט ער זיך תמעוואַטע: ער ווייסט נישט וואָס איך וויל. קוקט אויף מיר ווי אויף אַ קלאָון אין אַ צירק און צולאַכט זיך. פאַרדריסט דאָס מיר.

גיי איך צוריק צו דער פרוי און זאָג איר בייזלעך, זי זאָל נישט חוזקן פון מיר און פרעג איר פאַרוואָס האָט זי מיך געשיקט צום מאַן מיטן ווייסן כאַלאַט! זי ענט־פערט מיר אפילו נישט און צולאַכט זיך אויך. פרעג איך איר וואָס איז דער גע־לעכטער? וואָס פאַר אַ שפּאַס פירט זי מיט מיר? זי ענטפערט מיר גאָרנישט און לאַכט. אָבער ווען זי האָט געזען מיין ערנסטן פּנים האָט זי אויפגעהערט לאַכן און געזאָגט, אז איך האָב נישט גערעדט צום ריכטיקן מאַן. דער מאַן מיטן לאַנגן ווייסן כאַלאַט צו וועמען איך האָב גערעדט, איז דער בעקער וואָס ברענגט דאָס ברויט מיט די קוילעטשן, איך דאַרף ריידן צו דעם מאַן אין קורצן בלאָען כאַלאַטל, וואָס שטייט ביים ווינקל וואַנט און שרייבט. ער איז דער מענעדזשער.

בין איך צוגעגאַנגען צו דעם מאַן מיטן קורצן בלאָען כאַלאַטל, צום מע־נעדזשער, און געוויזן אים די סחורה וואָס מען האָט מיר פאַרקויפט. קוקט ער אויף מיר און אויף די סחורה און זאָגט: ער איז נישט זיכער אז די סחורה איז זיינע. איך זאָל אים ווייזן אַ צעטל אז איך האָב דאָ געקויפט די סחורה. נעם איך זוכן דאָס צעטל אין אַלע קעשענעס און קען נישט געפינען. זאָגט צו מיר דער מאַן איך זאָל אים נישט דרייען קיין מוח, אָן אַ צעטל קאָן ער מיר נישט העלפן. ווער איך בייז און זאָג אים: איך וועל זיך נישט רירן פון אָרט ביז איך וועל האָבן אנדערע סחורה אָדער מיין געלט צוריק. שמייכלט ער און טוט אַ דריק אַ קנעפּל און באַלד קומט ארויס אַ מאַן מיט ברייטע פּלייצעס. זיי ריידן עפּעס צווישן זיך. דער מאַן מיט די ברייטע פּלייצעס הייסט מיר זיך אָפּטראָגן, אויב נישט וועל איך באַדויערן.

דערווייל האָבן זיך ארום פאַרזאַמלט מענטשן, געקוקט וואָס עס קומט פאָר. ווען זיי האָבן געזען ווי איך האַלט די סחורה האָבן זיי זיך גענומען שושקען און געזאָגט: געכאַפּט אַ גנב! איך האָב געהערט איינע זאָגן:

— ס׳איז גאָרנישט קיין נאָווינע, אַ גנב, געכאַפּט אַ גנב!

— אַ מצווה אויף אים! — האָט אַ צווייטע געזאָגט.

אַ דריטע האָט באַלד אונטערגעכאַפּט:

— ס׳איז קיין וווּנדער נישט וואָס אַלץ קאָסט אזוי בראַנד־טייער. ס׳איז צוליב זיי, די גנבים!...

איך האָב מער נישט געקאָנט הערן. איך האָב אַ וואָרף געטאָן די סחורה און בין אַ פאַרשעמטער ארויס פון סופּערמאַרקעט...

# ווו פאָרט מען?

ווען עס קומט זומער הויבט זיך אָן אַן עסק: ווו צו פאָרן. נאָך מיט חדשים פריער מאַכט מיינע פלענער. גאַנצע טעג האַלט זי אין איין ריידן וועגן דעם. אַלע אנדערע זאַכן לייגט זי אַוועק אין אַ זייט, אפילו דאָס באַריידן די שכנים לאָזט זי אויך אויס און נעמט מיך מוטשען:

— פנחסל, ווו דענקסטו וועלן מיר היינטיקן יאָר פאָרן?

— ווו דו ווילסט וועלן מיר פאָרן! — ענטפער איך איר.

— ס'איז נישט אזוי לייכט צו באַשטימען. — זאָגט זי.

— נאָך דאָ גענוג צייט צו באַשטימען. — זאָג איך איר.

אָבער מיינע רוט נישט. טעג און נעכט האַלט זי אין איין ריידן וועגן דעם, ווו מיר זאָלן פאָרן.

ווי נאָר איך קום אריין אין שטוב האָט מיינע גאָרנישט וואָס צו ריידן מיט מיר, נאָר וועגן פאָרן רעדט זי.

זאָג איך איר: באַראָט זיך מיט דיינע פריינד, מיט די שכנים, מיט דיין מו־טער, מיטן שוואָגער דיינעם. זיי זיינען קלוגע מענטשן צו וועמען דו לויפסט אַלע מאָל זיך האַלטן אַן עצה ווען מיר ריידן זיך איבער, וועלן זיי דיר עצהנען ווו צו פאָרן.

ווען איך זאָג איר דאָס ווערט מיינע ברוגז. זי וויל זיי נישט פרעגן, ווייל זיי פאָרן קיינמאָל נישט אין ערגעץ.

זאָג איך צו איר:

— ווייסט וואָס, חנהלע, לאָמיר אויך טאָן אזוי. לאָמיר אין ערגעץ נישט פאָרן. אין וועלכן שולחן ערוך שטייט דאָס געשריבן, אז מען מוז פאָרן?!

אז מיינע הערט דאָס ווערט זי נאָך מער ברוגז און צעווייַנט זיך. און ווען מיינע צעווייַנט זיך טויג נישט. קיין גוטס קומט דערפון נישט ארויס, עס גייט אויס צו מיין קעשענע. איך מוז איר דערנאָך קויפן מתנות. אָבער עס העלפט נישט, זי האַלט מיך אין איין פייניקן:

— פנחסל, די צייט שטייט נישט, באַלד וועט ווערן שפעט און מיר וועלן בלייבן זיצן אַהיים. זאָג שוין ווו זאָלן מיר פאָרן?

כאַפּ איך זיך ארויס:

— קיין מיוזנבערג!

— פע, נישט מיוזנבערג!

— דערבן ?
— שוין פיל מאָל געווען אין דערבן.
— נו, וועלן מיר זיין נאָך אַמאָל.
— ניין. מיר וועלן פאָרן אין דער קייפּ !
— זאָל זיין אין דער קייפּ ! — זאָג איך.
— ווו אין דער קייפּ ? — פרעגט זי.
— ווו דו ווילסט.

מיינע נעמט חשבונען : אין מיוזנבערג וויל זי פאַר קיין געלט נישט פאָרן. ס'איז דאָרטן אַ בית־עולם. אין סי־פוינט איז טומלדיק ווי אין הילבראָו. איר געפעלט פלעטענבערג־ביי אָדער הערמאַנוס. מען האָט איר דערציילט אז דאָס זיינען פיינע האָלידיי־פּלעצער.

זאָג איך : דאָרטן איז אַ ביסל צו ווייט.

ענטפערט זי : מען גייט דאָך נישט צופוס. מיטן עראָפּלאַן איז נאָענט.

זאָג איך : זאָל זיין ווי דו זאָגסט.

— איך ווייס נישט ווו ס'איז בעסער, — זאָגט זי, — פלעטענבערג־ביי אָדער הערמאַנוס ?
—ביידע זיינען גוט. — זאָג איך.
— אין הערמאַנוס, זאָגט זי, — וועט זי נישט האָבן מיט וועמען צו שפּילן קאָרטן, און אין פלעטענבערג־ביי וועט איר זיין קאַלט.
— וועלן מיר פאָרן קיין דערבן, — זאָג איך, — דאָרטן איז וואַרעם און וועסט האָבן מיט וועמען צו שפּילן קאָרטן !

קרימט זי זיך :

— אויב שפּילן אין קאָרטן, איז דער בעסטער פּלאַץ מיוזנבערג.
— זאָל זיין מיוזנבערג.
— אָבער וואָס וועלן מיר טאָן גאַנצע טעג אין מיוזנבערג ? אַ חוץ שפּילן קאָרטן איז דאָך נישטאָ ווו צו פאַרברענגען. אפילו קיין לייטישע קאַפע, רעסטאָראַן איז דאָרטן נישטאָ !
— וועלן מיר פאָרן קיין דערבן. דאָרטן זיינען דאָ שיינע קאַפעס, רעסטאָראַנען און ווו צו פאַרברענגען.
— ניין, לאָמיר פאָרן קיין הערמאַנוס.
— זאָל זיין הערמאַנוס.
— אפשר פלעטענבערג־ביי ?
— זאָל זיין פלעטענבערג־ביי !

קאַרגע פיר וואָכן האָט מיינע מיך געמוטשעט ווו צו פאָרן. ענדלעך האָט זי

באַשלאָסן צו פאָרן קיין פלעטענבערג־ביי. מיר האָבן באַשטעלט אַ פלאַץ אין אַ האָטעל, געקויפט בילעטן צו פליען מיטן עראָפּלאַן און געגרייט זיך צו דער רייזע.

אין מיטן דער נאַכט וועקט מיך מיינע:

— פנחסל, דו שלאָפט?

אַ דערשראָקענער האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און געפרעגט:

— וואָס האָט פּאַסירט?

— קיין זאַך האָט נישט פּאַסירט. איך קאָן נישט שלאָפן, — האָט מיינע געזאָגט. — איך קען זיך אַלץ נישט באַשליסן ווו צו פאָרן. איך ווייס נישט אויב ס'וועט זיין גוט פאַר אונדז צו פאָרן קיין פלעטענבערג־ביי. מיר זיינען דאָרטן קיינמאָל נישט געווען, מיר קאָנען דאָרטן קיינעם ניט. איך האָב זיך באַקלערט, אז מיר וועלן פאָרן קיין מיוזנבערג. פאָרט אַ היימישער פלאַץ מיט היימישע מענטשן.

איך האָב איר גאָרנישט געענטפערט. איך האָב געפילט שוואַך, נאָר צו חלשן...



# אַ שטילער פלאַץ...

איך בין אַמאָל געקומען אין אַ שטעטל ביים ים זיך אָפּצורוען אויף עטלעכע טעג. דאָרטן זיינען געווען דריי קליינע האָטעלן מיט עטלעכע געוועלבער און שטיבער. פאַר מיין פאָרן האָט מען מיר רעקאָמענדירט איין האָטעל פון די דריי. אין די אַנדערע האָטעלן ווו מיינע באַקאַנטע זיינען אַמאָל איינגעשטאַנען האָבן זיי געהאַט געברענטע צרות פון די עסנס.

מיר האָט אָפּגענומען דער חשק צו פאָרן. אָבער די לופט דאָרטן, האָט מען מיר געזאָגט, איז אַ גוטע. איך בין געווען נאָך אַ קראַנקייט און האָב זיך גענויטיקט אין גוטער לופט. האָב איך באַשטימט צו פאָרן דאָרטן.

קומענדיק אין שטעטל בין איך צוגעפאָרן צו דעם האָטעל, וואָס מען האָט מיר רעקאָמענדירט. מיינע באַקאַנטע זיינען אין דעם האָטעל קיינמאָל נישט געווען. אָבער זיי האַלטן, אז ערגער פון די אַנדערע קען דאָרטן נישט זיין...

דער האָטעל איז באַשטאַנען פון אַן איין־שטאָקיקע געביידע מיט אַ האַלב־איינגעפאַלענעם באַלקאָן, מיט אָפּגעשיילטע ווענט. פאַר מיר איז אויסגעוואַקסן

די באַלעבאָסטע פון האָטעל, אַ פרוי מיט רויטע האָר, מיט אַ פאַרפעצטן שירץ וואָס מ׳האָט נישט געקאָנט דערקענען וואָס פאַר אַ קאָליר דער שירץ האָט גע־האַט. זי האָט זיך דערנענטערט צו מיר און געפרעגט:

— איר זייט געקומען צו אונדז אין האָטעל?

— יאָ! — האָב איך געענטפערט.

— מ׳האָט אייך רעקאָמענדירט צו אונדז?

— ניין. אליין געקומען אָן רעקאָמענדאַציעס.

— פון וואַנען האָט איר געוווּסט פון אונדז? — האָט זי געפרעגט.

— געזען דעם שילד פון האָטעל, בין איך געקומען.

— איר זייט געקומען אליין?

— נישט אינגאַנצן אליין.

— ווער איז מיט אייך?

— מיין וואַליזע...

— אַ וואַליזע רעכענען מיר נישט. געמיינט אַ ווייב, אַ געליבטע!

— ניין, אליין.

— סעם! — האָט זי גערופן, — קום אַהער, אַ וויזיטאָר איז געקומען!

באַלד איז פאַר מיר אויסגעוואַקסן אַ קורצער מענטשל מיט אַ רויט קיי־לעכדיק פּנים. אויף זיין ברייטער נאָז זיינען געזעסן גראָבע אויגן־גלעזער. ער האָט מיר אריינגעשטופּט אַ פייכטע האַנט און געזאָגט:

— קומט אריין. איר וועט ביי אונדז זיך פילן ווי אין דער היים, אפשר נאָך בעסער. אויב איר זייט געקומען דאָ אָן אייער ווייב, אָן קינדער וועט איר זיין צופרידן. איר וועט נישט האָבן ווער עס זאָל אייך יאַדן, נאָגן, טומלען אַ קאָפּ. נישט ווייט פון דאַנען איז דער ים, די באַן, דער מאַרק, געוועלבער און דאָס שלאַכטהויז — אַלע באַקוועמלעכקייטן. ס׳איז דאָ שטיל, מען הערט נאָר דעם רויש פון ים און דאָס פייפן פון די פאַרבייפאָרנדיקע באַנען, ווייטער גאָרנישט... אין די געוועלבער איז שטיל, נישטאָ קיין קונים. די קרעמער האָבן נישט וואָס צו טאָן, קריגן זיי זיך. אָבער דאָס דאַרף אייך נישט אַרן... דאָ נישט ווייט אין שעכטהויז איז אויך שטיל. דער איינציקער טומל איז ווען מען ברענגט בהמות צו שעכטן, דאַן הערט מען זייערע קולות. אָבער נישט אָפט ברענגט מען זיי, אינגאַנצן איין מאָל אַ טאָג. אויך אויפן מאַרק איז שטיל. דריי מאָל אַ וואָך ווערט דאָ אַ ביסל טומלדיק. דער איינציקער וואָס מאַכט יאָ אַ טומל איז דער משוגע־נער פון שטעטל...

ווער ווייסט ווי לאַנג דער מאַן וואָלט נאָך גענשילדערט די מעלות פון שטעטל, ווען איך האַלט אים נישט אָפּ:

— אַנטשולדיקט, פאַראַן ביי אייך פיל מענטשן?

— אַרום זעכציק משפּחות.

— אין אַזאַ קליינער איין־שטאָקיקער הויז האָט איר זעכציק מענטשן?

— ניין, נישט אין האָטעל. אין שטעטל מיין איך.

— און וויפל זיינען דאָ ביי אייך אין האָטעל?

— אין האָטעל, — נעמט ער ציילן אויף זיינע גראָבע פינגער, — איך, מיין פרוי, מיין שוויגער, אונדזערע קינדער און אַן עלטערע האַלב־בלינדע פרוי, איר טאָכטער, און צוויי באַדינער.

דערהערנדיק דאָס האָב איך געטראַכט: דער האָטעל מיטן שטעטל איז נישט פאַר מיר. מען דאַרף נעמען די וואַליזע און עוקר זיין. אָבער דאָ איז צו־געקומען די באַלעבאָסטע און געזאָגט:

— ס'איז שוין גרייט פאַר אייך דער טיש, וואַשט זיך, וועט איר צובייסן!

איך האָב געזוכט אַ וועג ארויסצודרייען זיך און געזאָגט:

— אַ דאַנק, איך וועל נישט קענען דאָ איינשטיין.

— פאַרוואָס? האָט זי געזאָגט און זיך געשטעלט אין דער ברייט.

— איך האָב פאַרגעסן אייך זאָגן, איך בין אַ וועגעטאַריער.

— אַזוי, איר זייט אַ וועגעטאַריער? אויב אַזוי האָט איר געטראָפן דעם ריכטיקן פּלאַץ! ביי אונדז וועט איר קאָנען אָפּהיטן אַלע געזעצן פון וועגע־טאַריע. קיין פלייש האָבן מיר נישט. ווער קאָן דאָס ביי אַזאַ יקרות עסן פלייש? מיר האָבן אויך נישט קיין הינער, קיין פיש, אייער, מילך, פרוכט!

— גענוג! רעכנט נישט אויס אַלץ וואָס איר האָט נישט. זאָגט וואָס איר האָט יאָ!

— איך זע אַז איר זייט אַן איידעלער מענטש, איך האָב דאָס גלייך דער־פילט, — זאָגט זי, — אַזעלכע מענטשן גלייכן מיר. איר ווילט וויסן וואָס מיר האָבן?! מיר האָבן אין די צימערן לעכער אין די ווענט, לעכער אין דאַך, מיין מאַן האָט אַ צולעכערטע האַרץ און די קינדער ליגן מיט צעלעכערטע קעפּ פון שלאָגן זיך...

מער האָב איך נישט געוואָלט הערן וואָס די פרוי האָט גערעדט, איך בין אריין אין אויטאָ און אַוועק...

## אַן אָרעמע אלמנה...

ערגעץ אין אַ רייכן דאַטשע־אָרט זיינען זיך אָנגעפּאָרן פיל מענטשן. פרויען רייך־געקליידט, אויסגעפּוצט אין זיידענע קליידער, פוטערנע פעלצן, נישט גע־קוקט וואָס ס׳איז געווען אין מיטן זומער, אין דרויסן איז געווען אַ היץ. די פרויען זיינען געווען באַצירט מיט גאָלדענע קייטן, מאַנדעלאָנען אויף זייערע דיקע העלדזער און מיט דימאַנטן־רינגען אויף די פינגער. אַנדערע פרויען האָבן געטראָגן צו צוויי רינגען אויף איין פינגער. מען האָט געוואָלט באַווייזן ווי רייך מען איז. אַנדערע זיינען געווען מער באַשיידן, האָבן נישט געטראָגן מער ווי איין גאָלדענעם זייגער און נישט מער ווי צוויי־דריי גאָלדענע בראַסלעטן מיט נאָכהענגענדיקע מטבעות, בראָשן אויף די קליידער, דימאַנטן־אויערינגלעך און אנדערע ביזשוטעריע.

יעדע פון די פרויען האָבן געוואָלט באַווייזן איר רייכטום, האָבן ארויסגע־שטעלט זייערע העלדזער מיט די גאָלדענע קייטן, געשטופּט די הענט אויף די טישן צו ווייזן זייערע רינגען מיט די דימאַנטן און יעדע פון זיי האָט געהאַלטן, אז נאָר איר צירונג איז שענער, בעסער און טייערער פון די אַנדערע. צו דעם האָבן די פרויען אפשר זעקס מאָל אַ טאָג געביטן זייערע קליידער. איינע פאַר דער אַנדער האָט זיך פאַרגעשטעלט, געשמועסט, ארויסגעזאָגט מבינות וויפל יעדערנס צירונג האָט די ווערט. מען האָט זיך באַרימט פאַר וויפל די צירונג איז פאַרזיכערט און מען האָט זיך געשמאָלצן פון גאווה.

איין טאָג האָט מען באַמערקט א ניי פּנים, נאָך אַ גאַסט איז געקומען אויף דאַטשע. די פרוי האָט געמאַכט אַ רושם מיט איר קאָקעטישן גאַנג, מיט אירע רוישנדיקע קליידער און צירונג. זי האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די ווייבער און מענער צוגלייך. מען האָט גענומען ריידן וועגן דער פרוי, אז זי איז געוויס אַ מיליאָנערטע, אַ פירשטין, פרינצעסין.

מיט אַ פּאָר טעג ארום איז מען געוואָר געוואָרן, אז די פרוי איז נישט קיין מיליאָנערטע, נאָר אַ געוויינלעכע פרוי, אַן אלמנה.

ווייבער האָבן באַוואונדערט איר צירונג, אירע פּרעכטיקע דימאַנטן־רינגען און די גאָלד־שטיק מיט וועלכע זי איז געווען באַצירט. זיי האָבן נייגעריקע איר געפרעגט די ווערט פון איר צירונג. די פרוי האָט דערציילט אַן אומעטיקע גע־שיכטע:

— ווי איר זעט מיך, — האָט זי געזאָגט, — בין איך אַן אלמנה, פאַרלוירן

מיין מאַן. קוים זיך ארויסגעכאַפּט מיטן לעבן פון אַ שוואַרצער מדינה וואָס האָט זיך באַפרייט. מיינע קינדער זיינען אַנטלאָפן קיין ענגלאַנד. מיר האָבן דאָרטן געהאַט אַ פאַבריק, הייזער, געטאָן גרויסע געשעפטן, געהאַט געלט אין באַנק, אָבער מיר האָבן אַלץ פארלוירן. מיר איז בלויז געלונגען אויסצובאַהאַלטן און ארויספירן מיין צירונג. פון דאַנען וועל איך פאָרן קיין ענגלאַנד צו מיינע קינדער. מער ווי די צירונג פאַרמאָג איך נישט. פון דעם וועל איך מיט מיינע קינדער זיך מוזן אויסהאַלטן, צו ביסלעך פאַרקויפן ווען איך וועל קריגן דעם ריכטיקן קונה.

די פרויען ארום האָבן באַקומען מיטלייד מיט איר. אַנדערע זיינען אָפּגעטראָטן אין אַ זייט און גענומען צווישן זיך ריידן, האָבן געזאָגט אז עס איז אַ מצווה עפּעס צו קויפן פון דער פרוי. באַלד האָט אַ פרוי געוואָרפן אַן אויג אויף אַ רינג. אַ צווייטע האָט זיך איינגעקוקט אין אַ בראָש וואָס איז געווען אויסגעזעצט מיט פינקלדיקע שטיינער.

אויפן צווייטן טאָג האָט אַ פרוי אָוועקגערופן די אלמנה אין אַ זייט און איר געזאָגט, אז זי וויל קויפן פון איר אַ רינג.

— פאַרוואָס נישט, — האָט די אלמנה געזאָגט, — כ׳וועל אייך פאַרקויפן מיט פאַרגעניגן. איך מוז פאַרקויפן, איך דאַרף פאָרן צו מיינע קינדער אין ענגלאַנד און נייטיק זיך אין געלט!

— וויפל וועט איר פאַרלאַנגען פאַר אָט דעם רינג? — האָט די פרוי איר געפרעגט און אָנגעוויזן אויפן רינג מיטן גרעסטן שטיין, וואָס די אלמנה האָט געהאַט אויף אַ פינגער.

— פאַר אייך צוועלף הונדערט דאָלער! איך ווייס נישט וויפל דאָס איז אויף אייער געלט. מיך קאָסט דער רינג פיל מער, אָבער צוליב מיין לאַגע מוז איך פאַרקויפן!

— טויזנט דאָלער בין איך גרייט צו געבן!

— מאַכט עס עלף הונדערט מיט פופציק דאָלער!

— ניין, איך קאָן נישט געבן מער ווי טויזנט דאָלער. ס׳איז אַ גוטער פּרייז!

— גיט מיר נאָך פופציק דאָלער, און דער רינג איז אייערער!

— איך קאָן נישט מער געבן.

— איך וועל אייך לאָזן וויסן נאָך מיטאָג, — האָט די אלמנה געזאָגט. — אויך אַן אַנדער פרוי וויל דעם רינג.

ווען די פרוי האָט געהערט אז אַן אַנדער פרוי וויל קויפן דעם רינג, האָט זי שויך נישט גערוט און זיך אָפּגערופן:

— דער רינג איז מיינער! איך גיב אייך טויזנט מיט פופציק דאָלער!

— די אלמנה האָט אראָפּגענומען דעם רינג פון איר פינגער און געוויזן דער פרוי:

— זעט וואָס פאַר אַ רינג דאָס איז! פאַרלאָזט זיך נישט אויף מיר, פרעגט אין אַ יובעליר־געשעפט, פרעגט אַ דימאַנטן־סוחר וועט איר הערן די ווערט.

— איך דאַרף קיינעם נישט פרעגן. דער רינג געפעלט מיר, ער איז מיין!

די אלמנה האָט ארויפגעטאָן דעם רינג אויף דער פרויס פינגער. עס האָט איר גוט געפאַסט, ווי עס וואָלט געווען פאַר איר געמאַכט.

דאָ האָט די אלמנה באַמערקט אויף דער פרויס האַנט אַ שיינעם גאָלדענעם זייגער. זי האָט באַוווּנדערט דעם זייגער, ארויסגעזאָגט מבינות וויפל דער זייגער האָט די ווערט. די פרוי האָט אראָפּגענומען איר זייגער פון האַנט און געוויזן דער רייכער אלמנה. דערווייל איז זי אַוועק אין איר צימער צו איר מאַן ער זאָל זען דעם רינג וואָס זי האָט געקויפט פון דער אלמנה און נעמען געלט צו באַצאָלן פאַר אים.

ווען די פרוי איז צוריקגעקומען איז די רייכע אלמנה מער נישט געווען. זי איז פאַרשווונדן ווי אין ים אַריין.

באַלד האָט זיך ארויסגעוויזן אז איר גאָלדענער זייגער איז נעלם געוואָרן צוזאַמען מיט דער אלמנה, און דער בריליאַנטענער רינג וואָס זי האָט איינגע־האַנדלט איז געווען פון געווינלעכן גלאָז...



## אומזיסטער פאַרגעניגן...

עס האָט מיר אַמאָל איינער צוגערעדט מיטצופאָרן מיט אים אין אַ שטעטל. ער איז דאָרטן געפאָרן פאַר ביזנעס און צו דער זעלבער צייט פאַר האָלידיי. איך האָב אים געזאָגט, אז איך קאָן זיך דאָס נישט דערלויבן. האָט ער געזאָגט, אז איך דאַרף נישט קיין געלט, ער וועט פאַר אַלץ באַצאָלן.

איך האָב צוגעשטימט און מיר זיינען געפאָרן אין זיין קאַר, אַ גוטע קאַר וואָס די פירמע ווו ער אַרבעט האָט אים געגעבן. נאָך עטלעכע שעה פאָרן זיינען מיר אָנגעקומען אין שטעטל. ער איז אוועקגעפאָרן צו טאָן ביזנעס און מיך געלאָזט. אין אָוונט, זאָגט ער מיר, וועט ער קומען, מיר וועלן זיין צוזאַמען און מען וועט פאַרברענגען.

ס׳איז געווען עלף אין דערפרי. איך האָב זיך ארומגעדרייט אין שטעטל, געטראַכט אפשר וועל איך געפינען עטלעכע יידן צו פאַרקויפן מיין בוך, אַ

זשורנאַל. איך האָב קיין יידן דאָ נישט געטראָפן. קיין סך הייזער זיינען נישט געווען, אויך אַ קליינע צאָל געשעפטן און ווייניק מענטשן.

שפּאַצירנדיק אַזוי איז פאַר מיר אויסגעוואַקסן אַ מאַן. ער האָט געשמייכלט צו מיר און מיך געפרעגט:

— איר זייט אַ היגער?

— ניין, אַ פרעמדער.

— איך בין אויך אַ פרעמדער, — האָט ער געזאָגט. — ער האָט מיך איינ־געלאַדן צו גיין מיט אים אין אַ קאַפע האָבן אַ גלעזל טיי.

מיר איז געווען טרוקן אין האַלדז, האָב איך צוגעשטימט.

מיר זיינען אריין אין קאַפע. ער האָט באַשטעלט טיי מיט צובייסן און צו מיר געזאָגט:

— איך זוך צו טאָן ביזנעס!

— וואָס פאַראַ ביזנעס זוכט איר?

— נישט וויכטיק, — האָט ער געענטפערט. — געלט האָב איך גענוג. איך וויל קויפן אַ געשעפט, אַ האָטעל.

— קויפט מען! — האָב איך קורץ געענטפערט.

— אליין איז מיר שווער, איך דאַרף עמעצן וואָס זאָל מיר העלפן אָנפירן. קיין געלט דאַרף ער נישט האָבן. איך בין גרייט אריינצונעמען אַ שותף אָן געלט. אזא ווי איר וואָלט נישט זיין שלעכט. איך זע, איר האָט נישט וואָס צו טאָן. אויב איר ווילט וועלן מיר צוזאַמען עפּעס צוטראַכטן!

— טראַכט אַליין. — זאָג איך אים.

ער האָט זיך באַליידיקט און איז אוועק. דערווייל האָט ער נישט באַצאָלט פאַר דער טיי און צובייסן און איך האָב געמוזט באַצאָלן.

איך בין ארויס פון דער קאַפע און ווידער זיך ארומגעדרייט אין שטעטל. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ שוי־פענצטער, ווו עס זיינען געווען אויסגעשטעלט העמדער מיט קראַוואַטן. אַ פרוי האָט זיך באַוויזן אין טיר און מיך גערופן:

— קומט אריין, קומט אריין.

אין ערשטן מאָמענט האָב איך געמיינט אז די פרוי רופט עמעצן אנדערש. קער איך זיך אום צו זען וועמען זי רופט, ווייזט זי מיטן פינגער אז זי רופט מיך. בין איך אריין אין געשעפט. די פרוי האָט מיך געפרעגט צי איך זוך וועמען אָדער איך וויל עפּעס קויפן. איך האָב איר געזאָגט אז איך זוך קיינעם נישט און וויל גאָרנישט קויפן.

זי האָט געשמייכלט, געבעטן מיך זיצן און געפרעגט צי איך וועל טרינקען טיי, האָב איך איר געזאָגט, אז איך האָב שוין געטרונקען טיי. זי האָט מיר

געפרעגט וואָס איך טו אין שטעטל. איך האָב איר געענטפערט, אז איך טו גאָרנישט.

— וואָס מיינט איר איר טוט גאָרנישט? — האָט זי אַלץ געשמייכלט. — אַ מענטש קומט צופאָרן איז דאָך דאָס נישט פאַר אומזיסט. אוודאי פאַר ביזנעס געקומען?

איך האָב איר דערציילט, אז אַ פריינד האָט מיך געבעטען מיט אים מיט־צופאָרן.

— ווו איז אייער פריינד? — האָט זי געפרעגט.

— ער איז אַוועק פאַר ביזנעס.

— וואָס טוט איר?

— גאָרנישט. איך דריי זיך ארום.

— וואָס מיינט איר, איר דרייט זיך ארום?

— איך וואַרט אויף מיין פריינד.

— איר וואַרט שוין לאַנג?

— פון עלף פרי.

די פרוי האָט געלאַכט און געזאָגט:

— איר וואַרט נישט לאַנג. דער זייגער איז נאָך נישט קיין פולע פיר...

דערווייל איז אריינגעקומען אַ קונה. ער האָט עפּעס געקויפט און איז באַלד אַוועק. מיטאַמאָל האָב איך באַמערקט אין דרויסן מיין פריינד, בין איך אַרויס צו אים.

— ווו ביסטו געווען? — האָט ער מיך געפרעגט.

— אין שטעטל.

— דעם גאַנצן טאָג?

— כמעט.

— וואָס מיינסטו כמעט?

— געווען אַ ביסל אין אַ קאַפע, אַ ביסל דאָ אין געשעפט. די איבעריקע צייט האָב איך זיך ארומגעדרייט אין גאַס און געשלונגען דעם שטויב.

— קום, — זאָגט ער, — מיר וועלן גיין עפּעס צובייסן.

— איך בין נישט הונגעריק.

— וואָס דען ביסטו?

— מיד.

— באַלד וועלן מיר זיך אויסרוען. נישט ווייט דאָ שטייט מיין קאַר, וועלן מיר שלאָפן א ביסל.

— אין קאַר ?
— ווו דען מיינסטו, אין דרויסן ?
— ס'איז דען נישטאָ קיין האָטעל דאָ ?
— ניין. קאַרגע צוואַנציק מייל פון דאַנען געפינט זיך אַ האָטעל.
— לאָמיר דאָרטן צופאָרן.
— גוט. זעץ זיך אריין אין קאַר !

אַ מידער און צובראָכענער בין איך אריין אין קאַר און מיר זיינען געפאָרן צום האָטעל. אָפּפאָרנדיק אַ שטיקל וועג האָט פלוצלינג זיך דערהערט אַ קנאַק. דער אויטאָ האָט א ציטער געטאָן און געבליבן שטיין. מיר זיינען ארויס פון קאַר. מיין פריינד האָט געזוכט, געטאַפּט און האָט אויסגעפונען, אז אַן אקס פון אויטאָ האָט זיך צעבראָכן. מיר זיינען געווען ווייט פון אַ ישוב. ארום איז גע־ווען פינצטער. מיין פריינד זאָגט מיר, אז ער קאָן גאָרנישט טאָן, מיר וועלן מוזן שלאָפן אין קאַר. אין דערפרי וועט ער זען וואָס ער קען טאָן.

מיר זיינען געלעגן אַ גאַנצע נאַכט אין קאַר איינגעדרייטע ווי קנוילן. מיר האָבן געציטערט פון קעלט, און נישט געקאָנט איינשלאָפן. פאַרטאָג האָט אַ פאַרבייפאָרנדער אויטאָ זיך אָפּגעשטעלט. אַ מאַן איז אויסגעשטיגן און געפרעגט צי ער קען אונדז העלפן. מיין פריינד האָט אים געוויזן וואָס ס'האָט פּאַסירט. ער האָט קיין זאַך נישט געקאָנט טאָן. ער האָט אונדז פאָרגעשלאָגן צו שלעפּן מיט זיין אויטאָ צוריק צום שטעטל. ער האָט צוגעבונדן אַ שטריק פון זיין קאַר צו אונדזערער און האָט אונדז געשלעפּט צוריק אין שטעטל אריין, ווו מיר זיינען מיט אַ טאָג פריער געווען. — — —

איך ווייס נישט ווי לאַנג מיין פריינד איז געבליבן אין שטעטל. איך בין געגאַנגען קאַרגע דריי מייל צו דער באַן־סטאַנציע און אַ צעבראָכענער בין איך געקומען אהיים.

דאָס איז געווען אַן אומזיסטער פאַרגעניגן, וואָס מיין פריינד האָט מיר גע־געבן, וואָס איך וועל נישט פאַרגעסן...

# אַ שמועס צווישן ווייבער...

איך האָב זיך אַמאָל צוגעהערט ווי ווייבער ריידן. איין פרוי האָט דערציילט וועגן זיך, אויסגערעדט זיך דאָס האַרץ:

„וועגן דעם וואָס איר רעדט דאָ וועגן מענער, מעגט איר מיך אויסהערן. מיט מיר און מיין מאַן איז אַ לאַנגע געשיכטע. מ׳קען שרייבן ביכער און צו ריידן איז דאָ אַ סך, אָבער עס איז נישט דאָ דאָס אָרט און פּלאַץ דערפאַר. איך וועל דאָס מאַכן קורץ: איך האָב געהאַט אַמאָל אַ חברטע, אין דער אַלטער היים האָט מען זי גערופן שאָשע קריינדל. זי איז געווען אַ גאַנץ שיינע, האָט געהאַט אַ ווילן בחור, ארומגעגאַנגען מיט אים אַ שטיקל צייט, אָבער אירע עלטערן האָבן איר נישט דערלויבט מיט אים חתונה האָבן. עס האָט זיי נישט געפּאַסט דער שידוך, ווייל דער בחור איז געווען אַ בעל־מלאכה. איז פון זייער ליבע גאָרנישט געוואָרן. איך האָב געטראַכט, אַז דער בחור וואָלט נישט שלעכט זיין פאַר מיר. קיין רייכע בין איך נישט געווען, אָבער אויך מיינע עלטערן זיינען געווען קעגן, אַז איך זאָל חתונה האָבן מיט אַ בעל־מלאכה. נאַרישע מענטשן געווען אַמאָל. איך האָב זיי אָבער נישט געהערט, בשתיקה האָב איך זיך גע־טראָפן מיט אים. אזוי שיין ווי שאָשע קריינדל, מיין חברטע, בין איך נאָך גע־ווען, אפשר אַ ביסל שענער. איר האָט געדאַרפט מיך זען אין מיינע מיידלשע יאָרן. יונגעלייט האָבן געהאַט די נכפא פאַר מיר, זיינען מיר נאָכגעלאָפן. אָבער נישט מיט יעדן האָט מיר געפּאַסט צו ריידן, כ׳בין געווען אַ חסידישע טאָכטער, אָבער מיינע עלטערן זיינען נישט געווען אזוי רייך ווי די עלטערן פון מיין חברטע שאָשע קריינדל, האָבן זיי מיר נישט פיל געשטערט. איין טאָג איז דער בחור פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אין ים אריין. אַ ביסל שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן אז ער איז געפאָרן קיין דרום אפריקע. און טאַקע קורץ נאָכדעם האָב איך געגומען קריגן פון אים בריוו, אז איך זאָל קומען צו אים. ער קאָן אָן מיר נישט לעבן! האָב איך געוויזן די בריוו מיין חברטע, איז זי געוואָרן ברוגז אויף מיר און ס׳איז געוואָרן אויס חברשאַפט. נו, איז נישט. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט דער בחור געשיקט מיר געלט און פאַפירן און איך בין געקומען קיין אפריקע. מיר האָבן חתונה געהאַט, געמאַכט אַ שיין לעבן. דריי קינדער זיינען ביי אונדז געבוירן געוואָרן, און אַלץ איז געגאַנגען גוט און פיין. מיין מאַן האָט זיך ארויפ־געאַרבעט אויף אַן אייגענעם ביזנעס, וואָס איז גוט אַוועק!

„צו דער זעלבער צייט איז דאָ אויך געקומען מיין געוועזענע חברטע שאָשע

קריינדל. זי האָט דאָ חתונה געהאַט פאַר אַן אַלטן, זייער א רייכער מאַן מיט צוויי קינדער. איר האָט נישט געפּאַסט מיט מיר צו ריידן. ווען זי האָט מיך געזען פלעגט זי אָפּדרייען דעם קאָפּ. אָבער ניט פאַר אייך גדאַכט האָט מיך געטראָפן אַ גרויס אומגליק, מיין מאַן איז אומגעריכט אַוועק פון דער וועלט. ווען מיין חברטע האָט זיך דערפון דערוווסט, איז זי געקומען צו מיר, גענומען ריידן מיט מיר און געזאָגט מיר זאָלן זיין צוריק פריינד. האָב איך צוגעשטימט. שוין צוויי יאָר אזוי אז מיר קומען איינע צו די אַנדערע. דערווייל האָט זיך געמאַכט אַן על־טערער מאַן און האָט מיר פאָרגעלייגט חתונה צו האָבן מיט אים. ער איז געווען גאַנץ רייך, געהאַט הייזער און געלט און אַ גרויסע פאַבריק ווו עס האָבן גע־ארבעט אפשר אַ הונדערט מענטשן. האָב איך צוגעשטימט. די קינדער מיינע האָבן שוין חתונה געהאַט און ס׳האָט זיך נישט געוואָלט זיין אליין. דער מאַן האָט מיך באַהאַנדלט ווי אַ פּרינצעסין, גענומען מיך אויף לוסט־רייזעס, געקויפט מיט די שענסטע און טייערסטע מתנות, געווען געטריי און גוט צו מיר!

„מיין חברטע שאָשע קריינדל וואָס האָט זיך דאָ געביטן איר נאָמען אויף סוזי, איז מיך מקנא געווען. אין צווישנצייט איז איר מאַן נעבעך אַוועק פון דער וועלט. ס׳איז ניט אַוועק קיין פולער יאָר האָט זי זיך אָפּגעפאָרבן די האָר אויף רויט, אויסגעצופּט די ברעמען, געשמירט אונטער די אויגן מיט בלאָ און גרין און אירע באַקן רויט, דעם קאָליר פון אַ פייער־לעשער מאַשין, און האָט גענומען וואַרפן אויגן אויף מיין מאַן, חנדלען זיך און שמייכלען צו אים, ביז... ביז זי האָט אים צוגענומען און האַלט אים ביי זיך... בין איך אַוועק צו איר און גע־פרעגט: שאָשע קריינדל, פאַרוואָס האָסטו צוגענומען מיין מאַן?. האָט זי מיר געענטפערט, אז זי האָט אים נישט צוגענומען. ער איז אליין צו איר געקומען. ער בעט איר זי זאָל חתונה האָבן מיט אים אָבער זי האָט בעסערע אויסזיכטן, זי איילט זיך נישט. ווען מען איז אַ יונג מיידל, האָט זי געזאָגט, דאַרף מען זיך יאָגן, היינט אָבער איז אַן אַנדער וועלט, מען דאַרף נאָר זיין געזונט און האָבן כוח!

אין מיטן אירע רייד איז צוגעקומען אַ מאַן און האָט אוועקגערופן איינע פון די פרויען, און דער שמועס פון די ווייבער האָט זיך איבערגעריסן...

# רבנישע קעסט...

איך האָב געהאַט אַ פרומען שווער, אַ גרויסער חסיד וואָס איז געווען נאָענט צו רבנישע קרייזן. מאַכט זיך אַ מעשה — פון זיין רבנישער משפּחה דאַרף אַ יונגער יינגל פאָרן צו זיין פאָטער, וואָס איז געווען רב אין לאָנדאָן. און ווי שיקט מען דאָס אַ קינד אליין! פּונקט איז אונטערגעקומען מיין פאָרן קיין אפריקע, האָט די רבנישע משפּחה דאָס אויסגענוצט און איך האָב מיטגענומען זייער אייניקל.

פאָרן נעמען אויף זיך די טרחה און אויפּגאַבע צו היטן זייער אייניקל און איבערגעבן אים אין זיין פאָטערס הענט אין ענגלאַנד, וועל איך דערפאַר האָבן דעם זכות ווען איך וועל זיין אין וואַרשע, איינצושטיין מיט זייער אייניקל ביי איינעם פון די באַרימטסטע רביים, און מען וועט מיך דאָרטן אויפנעמען ווי אַן אייגענעם. איך וועל האָבן עסן און טרינקען פון שענסטן און בעסטן בחינם, אַ דאַנק דער רעקאָמענדאַציע פון דער רבנישער משפּחה פון יינגל און אויך אַ דאַנק דעם יחוס פון מיין שווער דעם גרויסן חסיד, וואָס איז אויך געווען אַ שטיקל קרוב פון דער רבנישער משפּחה.

ווען איך בין געפאָרן קיין וואַרשע, האָב איך נישט געפילט ווי איינער וואָס פאָרט קיין אויסלאַנד, נאָר ווי אַ חסיד וואָס פאָרט צום רבין...

קיין וואַרשע בין איך מיטן רבנישן יינגל אָנגעקומען פאַרנאַכט. איך האָב ארויסגענומען פון קעשענע דאָס שטיקל פּאַפּיר, וווּ עס איז געווען פאַרשריבן דער אַדרעס פון רבין און זיך געלאָזט זוכן די וווינונג. נאָך אַ שטיקל צייט זוכן האָב איך מיט מזל געפונען דעם ריכטיקן אַדרעס פון רבין. ווען מיר זיינען דאָרטן אָנגעקומען איז דער רבי גראָד געווען אוועקגעפאָרן אויף דאַטשע. די רביצין האָט זיך מיט אונדז דערפרייט, זי האָט שוין געוווסט וועגן אונדזער קומען. זי האָט אונדז וואַרעם אויפגענומען, ארויסגעוויזן גרויס פריינדשאַפט, בפרט נאָך ווען דער יינגל איז געווען אַ קרובס אַ קינד.

דאָס ערשטע וואָס די רביצין האָט מיך מכבד געווען איז געווען, איך זאָל אריינגיין אין רבינס שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען אונטערן זעלבן דאַך, צו דאַנווען מנחה־מעריב.

נאָכן דאַווגען האָט זי מיך געפרעגט וואָס איך וויל עסן פאַר וועטשערע. איך בין נישט געווען קיין איבערקלייבער און געזאָגט, אז וואָס מען וועט מיר געבן וועל איך עסן. אָבער ביז מען האָט דערלאַנגט דאָס עסן בין איך דער־

ווייל איינגעשלאָפן אויפן רבינס סאָפע, וואָס די רביצין האָט פאַר מיר פריער צוגעגרייט אלס נאַכט־לעגער. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אויף מאָרגן פרי. ווען די חסידים זיינען זיך צוזאַמענגעקומען און האָבן דערזען מיך שלאָפן אויפן רבינס סאָפע, האָבן זיי אויפגעהויבן אַ טומל:

— ווער איז דער דייטש, דער גאָלע בראָדניק? וואָס טוט ער דאָ אויפן רבינס סאָפע?

ווען די רביצין האָט דערהערט דעם טומל, האָט זי באַרואיקט די חסידים:

— שאַ, איר ווייסט גאָרנישט ווער דאָס איז? ער איז דאָ מיטן רבינס איי־ניקל. ער פירט אים צו זיין טאַטן, דעם רב!

די חסידים האָבן געקוקט אויף מיר מיט חשד, ווי איך וואָלט טמא געמאַכט דעם רבינס סאָפע און האָבן זיך אָפּגערוקט.

די רביצין איז צו מיר צוגעקומען און געזאָגט:

— זאָרגט זיך נישט, ס׳וועט אַלץ גוט זיין. גייט אין קיך, וואַשט זיך און דאַוונט אָפּ. איך וועל דערווייל צוגרייטן אָנבייסן.

נאָכן וואַשן זיך און דאַוונען האָב איך זיך באַוויזן פאַר דער רביצין. זי האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ בענקל צו זעצן זיך און געזאָגט:

— באַלד, באַלד וועט זיין פרישטיק!

דערווייל האָט זי מיר אריינגעשטופּט אין מיינע הענט א הויפן קרישקעס פון צעבראָכענע מאַן־קיכלעך. איך האָב דאָס נישט געגעסן, כ׳האָב געוואַרט אויפן פרישטיק. די רביצין איז געווען פאַרנומען אין קיך און אַלע ווײַלע האָט זי צו מיר געזאָגט:

— באַלד, באַלד וועט זיין פאַרטיק דער פרישטיק!

וואַרטנדיק א שטיקל צייט און נישט זעענדיק קיין פרישטיק, האָב איך זיך שטיל ארויסגעכאַפּט פון שטוב, כ׳בין ארונטער אין גאַס און זיך אריינגעכאַפּט אין אַ דערבייאיקן כשרן רעסטאָראַן און געהאַט פרישטיק. נאָכדעם בין איך אוועק אין שטאָט דערליידיקן פאַרשיידענע זאַכן. ערשט ארום מיטאָג־צייט בין איך געקומען צוריק אין רבינס שטוב. די רביצין האָט מיך געפרעגט:

— ווו זייט איר געווען? שוין געגעסן?

— יאָ, שוין געגעסן.

— כאָטש געגעסן כשר עסן?

— יאָ, כשר! — האָב איך געענטפערט.

— נו, איר וועט דאָ איצט עסן מיטאָג. אין אַ האַלבע שעה וועט זיין פאַר־טיק. איר קענט זיך שוין וואַשן, דער טיש איז גרייט! — האָט די רביצין גע־זאָגט און האָט אויסגעשפּרייט אַ טישטעכל איבער אַ קיילעכדיקן טיש.

עס איז אַוועק מער פון אַ שעה און קיין עסן האָט מען נישט געזען. דערווייל האָב איך געלייענט אַ צייטונג. פאַרטיק געוואָרן מיט דער צייטונג האָב איך געקוקט אויף די ווענט, אויף די ספרים פול מיט שטויב, וואָס זיינען געלעגן אויף אַ לאַנגן טיש און אין ספרים־שאַנק. נאָכדעם האָב איך ווידער זיך שטיל ארויסגעכאַפּט און אַוועק אין זעלבן רעסטאָראַן ווו איך בין געווען אין דערפרי, און געגעסן מיטאָג.

פאַרנאַכט בין איך צוריקגעקומען. די רביצין איז מיר אנטקעגן געקומען און געפרעגט:

— ווו זייט איר געווען?

— אין ערגעץ נישט.

— און געגעסן האָט עטץ?

— יאָ.

— כאָטש כשר עסן?

— יאָ, כשר עסן. — האָט איך געענטפערט.

— נו, איצט וועט איר שוין עסן וועטשערע דאָ, איר וועט שוין אין ערגעץ נישט גיין. וואָס וועט זאָגן אייער שווער און די משפחה דאָרטן, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן אז איר האָט נישט געגעסן ביי מיר? נו, גייט אריין אין שטיבל, דאַווענט מנחה־מעריב, כ׳וועל דערווייל צוגרייטן עסן.

דאָס שטיבל איז געווען טונקל באַלויכטן און פול מיט חסידים. אלע האָבן אויף מיר געקוקט, פונקט ווי איך וואָלט געהאַט הערנער.

נאָכדעם האָט די רביצין מיר פאַרזאָגט כ׳זאָל מער זיך נישט ארויסכאַפּן. זי איז נאָך אַלץ געווען פאַרנומען אין קיך ביי די טעפּלעך... איך האָב איר דערקלערט, אז איך מוז נייטיק אַראָפּגיין אין גאַס עמעצן זען — און איך בין אַוועק אין זעלביקן רעסטאָראַן און צוגעביסן.

אויף צומאָרגנס האָב איך פאַרלאָזט דעם רבינס שטוב. כ׳האָב באַדאַנקט די רביצין פאַר איר פריינדשאַפט און געדאַנקט גאָט, וואָס איך האָב לענגער נישט געדאַרפט זיין אויף רבנישער קעסט...

# ער נוצט נישט מער קיין ליפטס...

אַ באַקאַנטער האָט מיך אַמאָל געפרעגט:

— זאָגט מיר, איר זייט שוין אַמאָל געבליבן שטעקן אין אַ ליפט?

— ניין! — האָב איך קורץ געענטפערט.

— אויב אזוי, האָט ער געזאָגט, — זייט איר אַ גליקלעכער מענטש. — און ער האָט גענומען דערציילן זיינע עקספּיריענס מיט ליפטס אין וועלכע ער איז געבליבן שטעקן אין מיטן גאַנג:

— איינמאָל האָט דאָס פּאַסירט ווען איך בין געגאַנגען זען אַ מאַן וועגן אַ וויכטיקן ענין. ער האָט געוווינט אין אַ 16 שטאָקיקע געביידע, אויפן ניינטן שטאָק. ווען איך האָב זיך געפונען אין ליפט איז פּלוצלינג דער ליפט געבליבן שטעקן צווישן דריטן און פירטן שטאָק. דער ליפט האָט זיך פאַרהאַקט און זיך נישט גערירט פון אָרט. ס'האָט נישט געהאָלפן מיין טופען מיט די פיס, דאָס קלאַפּן מיט די פויסטן, דאָס דריקן די קנעפּלעך. דער ליפט האָט זיך פאַר־עקשנט און נישט גערירט. איך האָב געזען אז איך וועל נישט זיין אין צייט צו זען דעם מאַן, וואָס איז געווען זייער וויכטיק פאַר מיר, האָב איך גע־דריקט דאָס קנעפּל אין ליפט אויף צוריק, אָבער די ליפט האָט זיך נישט גערירט נישט ארויף און נישט אַראָפּ. ווען איך וואָלט דאָס פאַרויסגעזען, וואָלט אי דזיך נישט צוגערירט צו דער ליפט, כ'וואָלט ארויף צופוס.

טאָמער איז ווייניק געווען מיין אויפרעגונג און דאָס וואָס איך האָב נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם אין ליפט, האָט נאָך באַדאַרפט דאָרט זיין אַן אַלטע פרוי מיט אַ קליין קינד, וואָס האָט אַן אויפהער געשריען פאַרטויבט צו ווערן. די אַלטע פרוי האָט נאָך צו מיר געהאַט טענות וואָס דער ליפט האָט זיך פאַר־האַקט. זי האָט מיך באַשולדיקט אז איך האָב נישט געקוועטשט ווו מען דאַרף. זי האָט מיר געסטראַשעט אז זי גייט באַלד חלשן. איך האָב איר געראַטן צו חלשן אַן אַנדערש מאָל, נישט איצט. נאָך אַ קאַרגע שעה זיך מוטשען אין דער ענגשאַפט איז עמעצער געקומען, צורעכט געמאַכט דעם ליפט און אונדז באַ־פרייט.

— נו, איז דאָך דאָס שוין געווען אַ גוטע לערע פאַר מיר איך זאָל מער נישט קריכן אין ליפטס. איז דאָך אָבער דער זכרון אַ קורצער... זייענדיק אייב־מאָל אין דערבן אויף וואַקאַציע האָט דאָס ווידער מיט מיר פאַסירט. געווען איז

דאָס אין מיטן זומער מיט די גרויסע היצן וואָס דערבן איז אזוי באַרימט מיט זיי. איך בין איינגעשטאַנען אין אַ זעקס־שטאָקיקן האָטעל. מיטאָג־צייט, ווען דער גלאָק האָט זיך צעקלונגען און גערופן צו מיטאָג, בין איך ארויס פון מיין צימער וואָס האָט זיך געפונען אויפן פינפטן שטאָק, און זיך געלאָזט צו דער ליפט. איך האָב אַ דריק געטאָן דאָס קנעפּל. באַלד איז געקומען דער ליפט. די טיר האָט זיך ברייט געעפנט און איך בין אריין כדי צו פאָרן צום עס־זאַל אויפן ערשטן שטאָק. אין ליפט האָט זיך געפונען אַ יונג ווייבעלע, וואָס איז מיט עטלעכע טעג צוריק דאָ געקומען מיט איר מאַן פאַר זייער האָניק־חודש. אָבער ווי נאָר איך האָב אַ דריק געטאָן דאָס קנעפּל, האָט דער ליפט גענומען מאַכן ווילדע שטיק, זיך גענומען טרייסלען ווי אַ שיכור. אַנשטאָט גיין אַראָפּ האָט ער אַ שפּרונג געטאָן ארויף און געבליבן שטיין צווישן פינפטן און זעקסטן שטאָק אין דער פינצטערניש צווישן די אַספאַלט ווענט, און זיך נישט גערירט פון אָרט.

דאָס יונגע ווייבעלע האָט זיך געשראָקן און געציטערט: איר מאַן וועט נישט וויסן וואָס איבערצוקלערן. ער וואַרט אויף איר אין עס־זאַל, און דאָ איז זי מיט אַ פרעמדן מאַן... איר מאַן איז געוואָרן אומרואיק ווען זי איז נישט געקומען אין עס־זאַל, איז ער ארויס אין קאָרידאָר זי זוכן. צוקומענדיק צום ליפט זעט ער דער ליפט אַרבעט נישט. אַן אומרואיקער איז ער געלאָפן איבער די שטיגן צום פינפטן שטאָק, איז האַסטיק צו צו דער טיר פון זיין צימער, אָבער די טיר איז גע־ווען פאַרשלאָסן. אַן אויפגערעגטער האָט ער גענומען קלאַפּן אין טיר און רופן זיין ווייבל. אָבער קיין ענטפער איז נישט געקומען. זיין קלאַפּן און רופן האָט אָפּ־געקלונגען אין ליפט, וווּ זיין ווייבל האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט מיר. ווען זי האָט דערהערט איר מאַנס שטימע האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקן. זי האָט גענומען שרייען און רופן. אירע קולות האָבן זיך דערטראָגן צו איר מאַן. אַן אויפגערעגטער האָט ער גענומען קלאַפּן אין טיר פון ליפט, אָבער דער ליפט איז געשטאַנען ווי פאַרגליווערט און זיך נישט גערירט פון אָרט. אַן אויפגעקאָכטער איז ער אַוועק צום באַלעבאָס פון האָטעל און געטומלט: מען זאָל שוין אויפ־מאַכן דעם ליפט און באַפרייען זיין פרוי! ער וועט האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם באַלעבאָס פון האָטעל, אויב עס וועט עפּעס געשען זיין ווייבל. דער באַ־לעבאָס האָט זיך דערשראָקן, האָט ארויסגערופן אַ מעכאַניקער וואָס האָט פאַר־ריכט דעם ליפט און מיר זיינען ארונטער צום עטאַזש פון עס־זאַל, ווו א גרוי־סער עולם נייגעריקע זיינען געשטאַנען אונדז מקבל פּנים זיין. איך האָב זיך גע־פילט זייער מיד, אַ שווייס האָט זיך געגאָסן פון מיר. דאָס העמד מיינס איז געווען צעשפּילעט. דאָס פּנים פון יונגן ווייבל האָט אויסגעזעזן ווי זי וואָלט אָקערשט אויסגערייניקט אַ קוימען. אירע טרערן האָבן אָפּגעוואַשן פון איר פּנים די

שמינקע און פאַרב און געלאָזן מאָדנע פלעקן. אירע האָר זיינען געווען צעשויי־
בערט און זי האָט זיך געטרייסלט, ווי אַ ווינט וואָלט זי געוויגט...

ווען איר מאַן האָט אונדז דערזען האָט ער צוערשט גענומען וואַרפן בייזע
בליקן אויף מיר. ער האָט זיך גענומען דערנענטערן צו מיר מיט זיינע פויסטן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— וואָס עס איז ווייטער געשען געדענק איך נישט. ווען איך בין געקומען
צו זיך האָב איך זיך געפונען אין באַן וואָס האָט מיך געפירט אהיים. און פון
דעמאָלט אָן — האָט מיין באַקאַנטער געזאָגט — נוצט ער מער נישט קיין
ליפּטס...



# קראַוואַטן...

איך ווייס נישט ווער עס האָט אזויפיל קראַוואַטן ווי איך האָב. איך ווער
פּשוט פאַרפלייצט פון זיי. וואָס פאַר אַ קאָלירן איר ווילט, האָב איך זיי: רויטע,
גרינע, בלאָע, ברוינע, שוואַרצע, ווייסע, געלע און אַנדערע. ווער קען עס גאָר
אויסרעכענען! איך האָב קראַוואַטן מיט פּאַסיקעס ווי ברייטע לאָקשן, אנדערע
מיט דינע שנירלעך ווי דראָטן, אנדערע מיט גרויסע בלומען, קליינע בלומען,
מיט בלעטער. איך האָב קראַוואַטן מיט פּינטעלעך וואָס שווינדלען פאַר די אויגן,
און גיבן אַ קאָפּ־ווייטיק. איך האָב קראַוואַטן מיט קליינע פּינטעלעך ווי מאָן,
אנדערע מיטן רינגען, מיט רעדער ווי פון אָקסן־וואָגנס.

איך האָב לאַנגע קראַוואַטן, קורצע, ברייטע, שמאָלע, געמאָלענע, וואָלענע
ווי וואַטאָווע קאָלדרעס און אנדערע.

דערצו האָב איך נאָך פאַרשיידענע שניפּסן און שלייפלעך: שוואַרצע, ווייי־
סע, רויטע, געלע, בלאָע, געבלימטע, געשטרייפּטע, קלענערע און גרעסערע און
גאָר גרויסע וואָס פאַרשטעלן מיר דאָס פּנים מיט די אויגן.

די אַלע קראַוואַטן, שניפּסן און שלייפלעך האָב איך נישט געקויפט. מ׳האָט
זיי מיר געגעבן מתנות. איך האָב גוטע קינדער, איידעמס, שניר און אייניקלעך
וואָס פאַרגעסן קיינמאָל נישט צו יעדן געבורטסטאָג, פאָטער־טאָג און ביי אַנ־
דערע געלעגנהייטן צו געבן מיר קראַוואַטן.

און נישט נאָר די קינדער, אייניקלעך, שניר און איידעמס גיבן מיר קראַ־

וואַטן, אויך גוטע פריינד, באַקאַנטע, די אייגענע ווייב ווי אויך געטרייע לייענער גיבן מיר מתנות קראַוואַטן.

ווען עמעצער פון מיינע פריינד פאָרט פאַר אַ לוסט־רייזע, פאַרגעסט ער נישט צו ברענגען מיר אַ קראַוואַט. און אזוי ווי די לעצטע יאָרן איז געוואָרן אַ מגפה מיטן פאָרן, יונג און אַלט — יעדער פאָרט. איז אַלס רעזולטאַט פון די רייזעס ווער איך רייכער מיט קראַוואַטן. מען ברענגט מיר קראַוואַטן פון פאַר־שיידענע לענדער. איך האָב קראַוואַטן פון שפּאַניע מיט צייכענונגען פון אָקסן־קאַמפן. פון ישראל האָב איך קראַוואַטן מיטן קבר פון מוטער רחל, כותל־מערבי, מיט קעמלען, אייזלען און מיטן באַרג סיני. פון רוים האָב איך קראַ־וואַטן מיטן פּויפּסט. פון ענגלאַנד מיט דער ענגלישער מלכה, פון רוסלאַנד מיטן האַמער און סערב, פון פראַנקרייך מיטן אייפל־טורעם, פון שווייצאַריע מיט אייז־בערג, פון אַמעריקע מיטן בילד פון אַל קאַפּאָנע. און אזוי פון יעדן לאַנד.

אז איך נעם קוקן אויף די קראַוואַטן נעמט מיר שווינדלען פאַר די אויגן. מאַנכעס מאָל דאַכט זיך מיר, איך געפין זיך אין אַ מועזאום, אָדער כ׳מאַך אַ רייזע איבער דער וועלט. איך געפין זיך אין פאַרשיידענע לענדער צווישן פאַרשיי־דענע פעלקער, אָדער גאָר אין אַ דזשונגל...

דערווייל ווערט מיר ענג אין אַלמער. איך האָב שוין קיין אָרט נישט ווו צו האַלטן די קראַוואַטן. האָב איך גענומען אויסהענגען זיי איבער די ווענט פון שטוב. אז מענטשן קומען צו מיר פרעגן זיי צי איך האָב אַן אויסשטעלונג, אָדער איך מאַך אַן אויספאַרקויף פון קראַוואַטן.

איך האָב איינגעטיילט מיינע קראַוואַטן אין קאַטעגאָריעס. די וואָס קומען פון ישראל הענגען נאָענט צו די קראַוואַטן פון אַמעריקע. פון רוסלאַנד הענגען נאָענט צו די קראַוואַטן מיטן אייפל־טורעם פון פּאַריז. די קראַוואַטן מיט די אייז־בערג, פון שווייצאַריע, הענגען נאָענט צו די קראַוואַטן מיטן פּויפּסט פון רוים. אָט אזוי האָב איך יעדן קראַוואַט צוגעפּאַסט זיין פּלאַץ, זיין געהעריקן אָרט.

צוליב די קראַוואַטן האָב איך באַקומען שלעכטע פריינד. ערשטנס, צוליב דעם אופן ווי איך פאָר זיי, צווייטנס, זאָגן מיר אַנדערע מוסר: זיי האָבן מיר נישט געגעבן די קראַוואַטן אויסצופּוצן די ווענט פון שטוב. אָדער איך זאָל טראָגן די קראַוואַטן אויפן האַלדז, אָדער הענגען מיט זיי צוזאַמען אויפן וואַנט...

האָב איך גענומען מאַכן פאַרשיידענע פּלענער ווי אזוי פּטור צו ווערן פון דער קראַוואַטן־קאָלעקציע. געטראַכט צו מאַכן אַן אויספאַרקויף, איז אָבער די צרה וואָס קיינער וויל זיי נישט קויפן, מען קריגט עס אומזיסט...

— האָב איך באַשלאָסן, כ׳וועל אויך געבן מיינע באַקאַנטע, פריינד מתנות —

קראַוואַטן. איך האָב זיי זייער פיל און דאָס איז דער איינציקער וועג ווי פון זיי פּטור צו ווערן.

אַנומלט האָט מיך אַ פריינד פאַרבעטן צו זיין געבורטסטאָג. קלער איך מיר: וואָס גיט מען אים אַ מתנה? האָב איך באַשטימט צו געבן אַ קראַוואַט. איך האָב אַראָפּגענומען פון וואַנט אַ קראַוואַט, אָפּגעשטויבט אים, איינגעפּאַקט אין אַ שיי־נעם קאָלירטן פּאַפּיר און געגעבן מיין פריינד.

נו, האָב איך געהאַט אַ פינצטערן אָפּשניט. פון וואַנען זאָל איך וויסן אַז דער קראַוואַט איז דער זעלבער וואָס ער האָט מיר געגעבן מיט אַ יאָר צוריק. ער האָט דערקענט דעם קראַוואַט, ווייל ער האָט געהאַט אַ קליינעם חסרון. ער האָט אים ערגעץ געקויפט אויף אַן אויספאַרקויף. ער האָט מיר צוריקגעשיקט דעם קראַוואַט מיט אַ זידל־בריוו...

איצט טראַכט איך צו פאַרקויפן די קראַוואַטן צו אַ שטריק־מאַכער, אפשר וועט ער זיי קענען נוצן. איך דאַרף זיי נישט...



# איינמאָל געטאָן אַ טובה...

צו פּייוול שפּילקע איז געקומען זיין לאַנדסמאַן ער זאָל אים אַרויסהעלפן, לייען עטלעכע הונדערט פונט.

פּייוול איז געווען אַ ייד אַ נגיד, אָבער טאָן יענעם אַ טובה, באָרגן געלט, דאָס האָט ער קיין מאָל נישט געטאָן. ס'איז נישט געווען זיין טבע. בכלל איז פּייוול געווען אַ שלעכטער, האָט נאָר געטראַכט פון אייגענע פאַרגעניגנס. אַ צווייטן, האָט עס געמעגט זיינער א קרוב אפילו, האָט ער נישט געוואָלט העלפן מיט דאָס מינדעסטע. מען האָט אפילו געקאָנט אויסגיין פון הונגער, האָט עס פּייוולען נישט געאַרט. און דאָ פלוצלינג קומט אַ לאַנדסמאַן און בעט אים באָרגן געלט!

— אויף וואָס זעענדיק, — רופט זיך אָפּ פּייוול, — ווילסטו איך זאָל דיר לייען געלט? אויף דיינע הייזער וואָס דו האָסט נישט?

— איך האָב מיט זיך געבראַכט אַ משכון!

— וואָס פאַרא משכון, דיין וויב?

— איך האָב אַ גוטן משכון!

— פון וואַנען האָסטו אַ גוטן משכון?

— דאָס טייערסטע וואָס איך פאַרמאָגט האָב איך געבראַכט. אַ ירושה, אַן אוצר! — האָט דער לאַנדסמאַן געזאָגט און ארויסגענומען פון קעשענע פאַר ווויקלט אין פאַפּירלעך אַ גאָלד־שטיק מיט אַ גאָלדענער קייט באַזעצט מיט דימאַנטן.

ביי פייוולען האָבן געמומען ארויסשטאַרצן די אויגן פון קאָפּ. ער האָט פאַר־לוירן דאָס לשון, נישט געוווסט וואָס צו זאָגן. ער האָט זיך אָבער באַרואיקט און קאַלט א פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, פון וואַנען קומט צו דיר אזא זאַך? ווו האָסטו דאָס גענומען?

— ס'איז מיין שוויגערס, — האָט ער געענטפערט. — מיין פרוי היט דאָס ווי אַן אוצר. דאָס איינציקע פאַרמעגן וואָס מיר האָבן!

— דיין ווייבל ווייס, אז דו גייסט דאָס פאַרזעצן?

— אוודאי ווייסט זי! אָן איר צושטימונג וואָלט איך דאָס נישט געבראַכט. ס'איז אַ ירושה פון איר זעליקער מאַמען. עס איז איר שווער זיך שיידן דערפון, אָבער אונדזער לאַגע איז ביטער, ווילן מיר באָרגן דערויף עטלעכע הונדערט פונט. נישט אויף לאַנג, ווייל מיין פרוי וויל דעם אוצר פון איר מאַמען האָבן צוריק. איך האָב דאָס געבראַכט צו אייך, ווייל איך ווייס אז ביי אייך איז דאָס זיכער!

— אזוי, אזוי, — האָט פייוול באַטראַכט דאָס שטיק גאָלד, וואָס איז געווען שיין אויסגעאַרבעט און באַזעצט מיט בלישטשנדיקע שטיינדלעך. — איז ווילסטו דאָס פאַרזעצן. נו, גוט. וויפל דאַרפסטו?

— פינף הונדערט פונט.

פייוול האָט אַ קוועטש געטאָן מיט זיין געריגצלטן שטערן, ארויסגענומען פינף הונדערט פונט, געגעבן זיין לאַנדסמאַן און דאָס שטיק גאָלד פאַרבאַהאַלטן אויף א זיכערן אָרט.

עס איז אַוועק אַ שטיקל צייט און דער לאַנדסמאַן איז נישט געקומען. ווען ער האָט געבאָרגט דאָס געלט האָט ער געזאָגט, אז נישט שפּעטער ווי אין זעקס וואָכן וועט ער קומען ארויסנעמען דעם משכון און באַצאָלן דעם חוב מיטן פּראָ־צענט, און דאָ איז שוין מער פון דריי חדשים און מען הערט נישט פון אים.

פייוול האָט ארויסגענומען דעם משכון, באַטראַכט אים פון אַלע זייטן, גענו־מען אין די הענט צו פילן די וואָג. אים איז וואַרעם געוואָרן אין די גלידער קוקנ־דיק דערויף און געטראַכט האָט ער, אז דער משכון וועט שוין בלייבן ביי אים. דערווייל איז אריינגעקומען זיין פרוי. זי האָט דערזען דאָס שטיק גאָלד מיט די בלישטשנדיקע שטיינער, פרעגט זי פייוולען:

— האָסט דאָס געקויפט פאַר מיר אַ מתנה?

— יאָ, אַ מתנה פאַר דיר! — האָט זיך ביי פּיוולען ארויסגעכאַפּט.

זיין פרוי האָט דאָס שטיק גאָלד ארויסגענומען פון זיינע הענט און געזאָגט:

— האָסט טאַקע גוט געטאָן, פּיוול, מיר האָבן עטלעכע שמחות, וועל איך דאָס קענען טראָגן. — זי האָט דאָס אָנגעמאָסטן אויף איר פעטן האַלדז און געזאָגט: — ווי געפעלט איך דיר מיט דיין מתנה?

— גרויסאַרטיק! — האָט פּיוול געענטפערט און זיין מוח האָט אים גע־דרייט: וואָס וועט ער טאָן ווען זיין לאַנדסמאַן וועט קומען נאָך דעם?

דערווייל איז אונטערגעקומען אַ שמחה און פּיוולס פרוי האָט זיך אויסגעפּוצט מיט דער מתנה. אויף דער שמחה האָט זי זיך אַלעמען געוואָרפן אין די אויגן מיט איר פעטן האַלדז, אויף וועלכן זי האָט געטראָגן די גאָלדענע קייט מיטן שטיק גאָלד, באַזעצט מיט בלישטשנדיקע שטיינער.

פּלוצלינג זיינען אָנגעלאָפן אַ פרוי מיט אַ מאַן און איר אָנגעכאַפּט ביים האַלדז:

— דאָס איז מיין! — האָט די פרוי געשריען.

— פּאָליציי! — האָט איר מאַן הויך גערופן.

פּיוול האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. ער האָט נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר. באַלד האָבן זיך ארום זיי פאַרזאַמלט חתונה־געסט, אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס ס'האָט פּאַסירט. ביידע פרויען זיינען געשטאַנען איינע קעגן דער אַנדערער מיט זייערע שאַרפע נעגל און די מענער מיט פאַרקאַשערטע אַרבל...

מענטשן האָבן זיך אריינגעמישט:

— נישט שיין! פאַרשטערט נישט די שמחה!

די פרוי האָט געצויגן די קייט פון פּיוולס ווייב:

— דאָס איז מיין! — האָט זי געשריען. — איר וועט נאָך גיין אין טורמע!

פּיוול האָט זיך פאַרלוירן און זיך אָפּגערופן:

— לאָזט אָפּ! דאָס האָט פאַרזעצט ביי מיר אַ לאַנדסמאַן. ס'איז אַ משכון, זיין שוויגערס אוצר!

— ווער איז דער לאַנדסמאַן? — האָט געשריען דער מאַן.

— קומט מיט אונדז, וועט איר אים זען! — האָט פּיוול אַ צושראָקענער געזאָגט.

ביידע מענער זיינען אַוועק צום לאַנדסמאַן, אָבער זיי האָבן אים נישט גע־פונען. ער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, ווי אין ים אריין. אויך די פּאָליציי האָט אים געזוכט...

* * *

דער פינאַל פון דער פּאַסירונג איז נישט געווען קיין היימלעכער. פּייוול האָט געמוזט דער פרוי אָפּגעבן דאָס גאָלד־שטיק, די קייט מיט די ברילּיאַנטענע שטיינער. ער האָט נאָך גוט אָפּגעשניטן, אַז מען האָט קעגן אים נישט פאַרפירט קיין משפּט. זיינע פינף הונדערט פונט האָט ער פאַרלוירן און זיין פרוי האָט אים אָנגעטאָן געברענטע צרות פאַרן פאַרשעמען איר...

דאָס איז געווען די איינציקע טובה וואָס פּייוול האָט ווען עס איז געטאָן אין זיין לעבן, וואָס ער וועט האָבן גוט צו געדענקען...



# אַ „האָבּי"...

איינער אַ מאַן האָט געהאַט אַ „האָבּי" צו זאַמלען שליסלען. ער האָט גע־זאַמלט אַלע סאָרטן שליסלען: קליינע, גרויסע, גראָבע, דינע, קורצע, לאַנגע, אייזערנע, ניקלנע, מעשענע און אפילו זילבערנע שליסלען האָט ער געזאַמלט.

ער פלעגט זאָגן, אַז דאָס זאַמלען שליסלען איז זייער וויכטיק, מער וויכטי־קער ווי זאַמלען פּאָסט־מאַרקעס, מטבעות, ערדענע טעפּ און אַנדערע זאַכן וואָס מענטשן האָבן אַ „האָבּי" צו זאַמלען.

ער האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון זיין „האָבּי" און געזאָגט, אַז זאמלען שליסלען איז זייער סימבאָליש און אינטערעסאַנט.

שטענדיק איז ער געווען פאַרנומען מיטן זאַמלען די שליסלען. וויפל ער האָט זיי געהאַט איז אַלץ נישט גענוג געווען. ווו נאָר ער האָט געזען אַ שליסל האָט אים גענומען ציען צו אים.

זיין הויז איז געווען פול מיט שליסלען. ער האָט זיי געהאַלטן אין פּושקעס, אין קעסטלעך, סלאָיען, אפילו אין די אַלמערס.

און געהאַלטן האָט ער די שליסלען אין אַ סדר. שליסלען צו טירן האָט ער געהאַלטן באַזונדער. שליסלען צו שאַפעס — באַזונדער. צו שופלאָדן ווידער באַזונדער. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערע קאָלעקציע פון שליסלען צו קלאַפּ־שלעסער. ער האָט אפילו געהאַט שליסלען צו קאַסעס, צו באָקסעס אין די בענק.

אַ גוואַלדיקע „האָבּי" איז געווען ביי אים דאָס זאַמלען די שליסלען און ער האָט פיל צייט אָפּגעגעבן דערפאַר. יעדן שליסל האָט ער פאַרזיכטיק שטו־דירט, געפאָרשט און געווישטערט וועגן דער ראָל פון שליסל און זיין יחוס.

ער האָט געהאַט טויזנטער שליסלען פון אַלע סאָרטן און ער האָט געזוכט צו קויפן וואָס מער, פונקט ווי מען קויפט זיך איין טייערע אַנטיקן.

ווען ער האָט נישט געקאָנט קויפן שליסלען באַזונדער, האָט ער זיי געקויפט צוזאַמען מיט שלעסער. די שלעסער האָט ער אוועקגעוואָרפן, נאָר די שליסלען האָט ער געהאַלטן פאַר זיין זאַמלונג און געהיטן זיי ווי מען היט אַ טייערן פאַרמעגן.

מענטשן האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף אַ משוגענעם. אַ מענטש זאָל האָבן אַזאַ „האָבי" צו זאַמלען שליסלען! אנדערע האָבן אפילו געלאַכט פון אים. אָבער ער האָט זיך דערפון גאָרנישט געמאַכט און האָט אָנגעהאַלטן דאָס זאַמלען די שליסלען.

ווען עמעצער איז געקומען צו אים צו גאַסט האָט ער זיי אַלץ געוויזן, חוץ די שליסלען. ער האָט קיינעם נישט אָנגעטרויט. מען האָט געזאָגט, אז ער איז נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען.

ווען קיינער איז נישט געווען אין הויז האָט ער זיך מיט יעדן שליסל גע־צאַצקעט, באַטראַכט פון אַלע זייטן און צוריק פאַרבאַהאַלטן זיי, ווי דאָס וואָלט געווען גאָלד, בריליאַנטן, די טייערסטע אוצרות.

איינמאָל איז דער מאַן פאַרשוואונדן געוואָרן. קיינער האָט נישט געוווסט ווו ער איז אַהינגעקומען. מען האָט געזאָגט אז ער האָט אוודאי געהאַט אַן עקסי־דענט. אנדערע האָבן געזאָגט: אזא נישט־נאָרמאַלער מענטש האָט געקענט באַגיין זעלבסטמאָרד. אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט, ער איז געוויס ערגעץ אוועקגעפאָרן. מען האָט אים אָבער מער נישט געזען.

שכנים האָבן ארויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אז ער געפינט זיך אין אַ משוגעים־שפיטאָל.

אָבער מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער איז מען געוואָר געוואָרן וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אים. ער איז נישט באַגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד, ער האָט אויך נישט געהאַט קיין עקסידענט און ער איז נישט געווען אין אַ משוגעים־שפיטאָל. ער איז פשוט אַרעסטירט געוואָרן און זיצט... די פּאָליציי האָט זיך דערוווסט וועגן אים גאָרנישט קיין פיינע זאַכן. זיי האָבן אויפגעדעקט די „האָבי" זיינע מיטן זאַמלען שליסלען. נישט נאָר זאַמלען שליסלען איז געווען זיין „האָבי", נאָר אויך איז געווען זיין „האָבי" צוצופּאַסן די שליסלען צו פרעמדע טירן...

## אַ שכן...

אַנומלט קומט צו מיר אריין אַ שכן:

— וואָס זיצט איר עפּעס אין מיטן העלן טאָג אין דער היים? — פרעגט ער מיך.

— איך האָב „ריטייערט“, איך אַרבעט נישט מער. — האָב איך אים געענטפערט

— אזוי, איר האָט „ריטייערט“, איר אַרבעט נישט מער. וואָס איז, איר זייט קראַנק?

— ניין, איך בין נישט קראַנק.

— נאָר וואָס דען?

— גאָרנישט?

— וואָס? — שטעלט ער אָן אַ פּאָר גרויסע אויגן אויף מיר. — איר זייט נישט קראַנק און עס איז אייך גאָרנישט, און איר אַרבעט נישט?

— יאָ, אזוי איז עס. איר האָט קיינמאָל נישט געהערט אז מענטשן „ריטייערן“, גיבן אויף אַרבעט?

— מענטשן יאָ, אָבער ווי קומט איר? מיר הויבט נישט אָן געפעלן אייער „ריטייערן“. א מענטש איז נישט קראַנק און הערט אויף אַרבעטן! איר האָט אפשר געוווּנען דאָס גרויסע געווינס?

— ניין, נישט געוווּנען קיין גרויסן געווינס, ווייל איך קויף נישט קיין לאָטעריי־צעטל.

— אירליידט אויף עפּעס?

— ניין.

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן? עס געפעלט מיר נישט די גאַנצע מעשה. ווי נעמט דאָס אַ נאָרמאַלער מענטש מיט גאַנצע חושים און זעצט זיך אַוועק און טוט גאָרנישט. איר ווייסט כאָטש די קאָנסעקווענצן פון נישט אַרבעטן, פון גאָרנישט טאָן? גאָר נישט טאָן איז אָן אומגליק פאַרן מענטשן. איר גראָבט מיט אייערע אייגענע הענט אַ קבר פאַר זיך. איר פאַרבעט אַליין צו זיך דעם מלאך־המוות. איר זאָגט אים: אָט בין איך דאָ. איך בין אַ „ריטייערט“ מענטש, אַרבעט נישט מער, טו גאָרנישט, דריי זיך ארום אויף דער וועלט ווי אַן איבעריקער און וואַרט אויף דיר. קום און נעם מיך!

עס האָט מיך אויפגערעגט דעם שכנס רייד און איך האָב אים געזאָגט:

— הערט זיך איין, שכן, איר ווילט צו מיר ארייננקומען, איז גוט! אָבער זייט אַ מענטש, רעדט ווי אַ נאָרמאַלער מענטש! וואָס דרייט איר מיר איבער די קישקעס אין בויך?! זאָגט מיר, וואָס ארט אייך אז איך האָב „ריטייערט״, אז איר אַרבעט נישט מער? איך טו עמעצן שלעכטס דערמיט, איר האָט בושה פון דעם וואָס איך אַרבעט נישט? וואָס איז, איך קום דען צו אייך בעטן הילף? גייט אייך געזונטערהייט און הערט מיר אויף דרייען אַ מוח!

— איך זע, — זאָגט ער, — אז איר רעגט זיך אויף. ווען איר האָט געאַר־בעט האָט איר זיך קיינמאָל נישט אויפגערעגט. דאָס אליין באווייזט אז איר זייט נישט מער דאָס וואָס איר זייט געווען. איר זייט אַלעמאָל געווען אַ שטילער, אַ געלאַסענער און מען האָט געקאָנט צו אייך רײדן. איצט, אז איר האָט „ריטיי־ערט״, זייט איר גאָרנישט דער זעלבער. ווען איר פאָלגט מיך גייט איר זען אַ דאָקטער, אַ פסיכיאַטאָר. דאָס „ריטייערן״, דאָס נישט אַרבעטן ווירקט שלעכט אויף אייערע נערוון. ס׳איז אַ גרויסע ריזיקע! פאָלגט מיך און גייט זען אַ דאָק־טער, אַ פסיכיאַטאָר!

— מיר דאַכט זיך, — האָב איך בייז געזאָגט, — אז קראַנק זייט איר. איר דאַרפט גיין זען אַ דאָקטער, טאַקע אַ גוטן פסיכיאַטער!

— אָט דאָס איז עס! — האָט ער הויך אויסגערופן. — איך האָב באַלד גע־זען מיט וועמען איך האָב צו טאָן! ס׳איז ווי מען זאָגט: מיט אַ געהאָנגענעם טאָר מען נישט ריידן וועגן הענגען... אוודאי, ווען איר וואָלט זיין נאָרמאַל וואָלט איר אַנדערש גערעדט און זיך נישט געהיצט. איר וואָלט גערעדט ווי אַ מענטש. איך האָב גרויס מיטלייד מיט אייך. איר זייט אַ קרבן, ווי אַלע אַנדערע, וואָס האָבן „ריטייערט״. נעבעך אַן אומגליקלעכער מענטש. איך ווייס אַ סך אזעלכע וואָס האָבן „ריטייערט״, און היינט זיינען זיי פאַציענטן אין היימען פאַר גייסטיק־קראַנקע. אז מען טוט גאָרנישט גייט מען ארונטער פון זינען. אָט האָט מיינער אַ באַקאַנטער „ריטייערט״ מיט אַ קאָרגן יאָר צוריק, נו, ס׳איז שוין נאָך אים... — — —

לענגער האָב איך שוין נישט געקאָנט זיך צוהערן צו מיין שכן. איך בין צו אים צוגעגאַנגען און מיט אַלע מיינע קרעפטן ארויסגעשליידערט אים אין דרויסן...

# אַ מעשה מיט בלינצעס

געווען איז דאָס ערב שבועות ווען מר. קלינגל איז קראַנק געוואָרן. אַ צושראָקענע האָט זיין ווייב ארויסגערופן אַ דאָקטער, וואָס האָט אים באַטראַכט און געפרעגט זיין פרוי:

— שוין לאַנג אז אייער מאַן איז קראַנק?

— שוין עטלעכע טעג. — האָט זי געענטפערט.

דער דאָקטער האָט זיך אַוועקגעזעצט און פאַרשריבן אַ רפואה.

— וואָס איז אים? — האָט מרס. קלינגל געפרעגט.

— גאָרנישט.

— וואָס־זשע שרייבט איר דאָרט?

— אַ שטרענגע דיעטע. — האָט דער דאָקטער געזאָגט.

— פונקט איצט, יום־טוב? — האָט מרס. קלינגל מיט פאַרוווּנדערונג ויסגערופן.

— אָן אונטערשייד, יום־טוב צי נישט יום־טוב! — האָט דער דאָקטער געענטפערט.

— אַ דיעטע! איז וואָס מעג ער עסן, דאָקטער? — האָט זי געפרעגט.

— ער מעג עסן אַ ביסל הינערשע יויך, אַ שטיקל הון, גרינוואַרג, פרוכט און טרינקען אַ סך וואַסער.

— און וואָס טאָר ער נישט עסן, דאָקטער? — האָט זי געפרעגט.

— ער טאָר נישט עסן קיין פוטער, ביסקוויטן, קוכן און קיין שום פעטע און זיסע שפייזן. — האָט דער דאָקטער געענטפערט.

— און קרעפּלעך מעג ער עסן? — האָט זי געפרעגט.

— קרעפּלעך! דאָס אוודאי נישט.

— וועלכע קרעפּלעך טאָר ער נישט עסן? געקאָכטע צי געבאַקענע?

— קיין שום קרעפּלעך נישט! — האָט דער דאָקטער געזאָגט.

— פליישיקע אָדער מילכיקע?

— אָן אונטערשייד, נישט קיין פליישיקע און נישט קיין מילכיקע! — איז דער דאָקטער געוואָרן אומגעדולדיק.

— און פאַרעווע?

— אויך נישט! קיין שום קרעפּלעך! — האָט דער דאָקטער שוין אויפ־געזאָגט.

— און פוטער־קוכן ?

— פוטער־קוכן ! — האָט דער דאָקטער בייז געזאָגט, — איז פיל מער געפערלעכער פון קרעפלעך.

נאָך אַ קליינע פויזע פרעגט זי ווידער :

— אַ ביסל קעז מיט סמעטענע ?

— דאָס איז פאַר אים סם ! — האָט דער דאָקטער געזאָגט און געגרייט זיך גיין.

— דאָקטער, — האָט מרס. קלינגל זיך אָפּגערופן, — איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן ?

— וואָס ?

— איר זייט אַ שטרענגער מענטש.

— ניין, איך בין נישט שטרענג. איך מוז האַנדלען לויטן מעדיצינישן שולחן־ערוך.

— אַנדערע דאָקטוירים זיינען נישט אַזוי שטרענג ווי איר.

— גאַנץ מעגלעך.

— וואָס־זשע איז אייער עצה, דאָקטער ?

— מיין עצה, — האָט דער דאָקטער בייז געענטפערט, — האָט איר שוין געהערט.

— אייער עצה געפעלט מיר נישט.

— וואָס פאַר אַן עצה געפעלט אייך יאָ ? — האָט דער דאָקטער איר געפרעגט.

— אַז איר זאָלט מיר נישט געבן קיין דיקטאַטאָרישע עצות.

— וואָס האָט איר געזאָגט : דאָקטאָרישע צי דיקטאַטאָרישע עצות ?

— דיקטאַטאָרישע !

— אויב אַזוי, — האָט דער דאָקטער געזאָגט בייז, — וועט איר מוזן זוכן אַן אַנדער דאָקטער. ליידער קאָן איך אַנדערש נישט טאָן.

— סטראַשעט נישט די געבדז, דאָקטער ! גייט אייך געזונטערהייט ! כ׳וועל רופן אַ דאָקטער, נישט קיין דיקטאַטאָר, וואָס וועט רחמנות האָבן אויף מיין מאַן, וואָס וועט אים דערלויבן עסן אַ בלינצע, אַ קרעפּל, אַ שטיקל קוכן. איך זע, איר זייט אַן אַפּיקורס, איר האַלט נישט פון יום־טוב שבועות, ווען ס׳איז אַ מצווה צו עסן מילכיקס. כ׳וועל רופן אַן אַנדער דאָקטער, אַ ייד, וואָס האַלט פון יידישע יום־טובים און טראַדיציעס, וואָס וועט דערלויבן מיין מאַן טועם זיין פון די שבועותדיקע מאכלים, צו געניסן פון יום־טוב.

דער דאָקטער איז אַוועק און געוואָרפן אַ רחמנות־בליק אויפן קראַנקן. מרס קלינגל איז צו צום טעלעפאָן און ארויסגערופן אַ צווייטן דאָקטער, אזא וואָס זאָל דערלויבן איר מאַן עסן בלינצעס...



# דער גלאָק האָט געראַטעוועט די לאַגע...

אין אַ היים פאַר אַלטע מענטשן זיינען געזעסן אַ גרופּע אַלטע און געשמועסט. מען האָט אַנגעוויזן אויף אַלטע וואָס האַלטן זיך גרויס, ווילן מיט קיינעם נישט אויסריידן אַ וואָרט. זיי זיינען אָפּגעזונדערט, גייען אליין שפּאַצירן אָדער דרימלען ערגעץ אָפּגעזונדערט אויף אַ באַנק אין גאָרטן.

מיטאַמאָל האָט מען דערהערט ווי איינע אַ פרוי האָט אויסגעבראָכן אין אַ ביטערן געוויין. מען איז צו איר צוגעקומען און געפרעגט:

— מרס. ראָוז, וואָס האָט פּאַסירט?

— עס האָט גאָרנישט פּאַסירט.

— פאַרוואָס־זשע ווייַנט איר?

— וואָס האָט איר געוואָלט, איך זאָל לאַכן?

— יאָ, לאַכט!

— לאַכט אליין! אז מען איז משוגע, לאַכט מען!

קיינער האָט מער גאָרנישט געזאָגט. מען האָט איר בלויז באַדויערט.

באַלד האָט איינע זיך אָפּגערופן:

— זי איז נעבעך עלנט ווי אַ שטיין. טוט גאָרנישט, רעדט גאָרנישט, זעט נישט קיינעם. אַ גרויס רחמנות אויף איר!

— ווי מען בעט זיך אויס אזוי שלאָפט מען! — האָט אַ צווייטע געזאָגט.

— איר מיט אייערע שפּריכווערטלעך! — האָט דער אַלטער מאַקס זיך אָפּגערופן. — זי ווייַנט פון איינזאַמקייט!

— אַלע זיינען מיר דאָ איינזאַם! — האָט אַ אנדערער געזאָגט.

— איך בין נישט איינזאַם! — האָט אַן אַלטיטשקע געזאָגט. — אַ מענטש טאָר נישט זיין איינזאַם.

— נו, איר האָט מזל. איר האָט אַ לובאָווניק!

— ווער, איך? אין מיינע יאָרן אַ לובאָווניק? — האָט זי ווי פאַרשעמט גערעדט.

— אייער לובאָווניק איז דאָס עסן.

אַ טייל פון דער גרופּע האָבן געשמייכלט, א טייל האָבן געלאַכט. אַנדערע האָבן געשוויגן.

— און וואָס איז מיט אייך ? — האָט די אלטיטשקע זיך אָפּגערופן. — אייך פעלט אויך נישט קיין אַפּעטיט צום עסן. איר דאַרפט נישט גיין צום דאָקטער, ער זאָל אייך עפּעס געבן פאַרן אַפּעטיט !

— נישט שיין אזוי צו ריידן.

— רעדט איר שענער !

— דאָס גרעסטע אומגליק איז, ווען מען טוט גאָרנישט רעדט מען נאַרישקייטן ! — האָט זיך אָפּגערופן אַן אַלטער בחור.

— וואָס טוט איר ? — האָט מען אים געפרעגט.

— איך בין אַ בעל־קורא.

— אַ בעל־קורא ? — האָבן אַלע אויף אים געקוקט פאַרוואונדערט און געפרעגט : — אין וועלכער שוהל זייט איר אַ בעל־קורא ?

— נישט אין קיין שוהל.

— וואָס פאַראַ בעל־קורא זייט איר ?

— איך לייען פאַר זיך.

— וואָס לייענט איר פאַר זיך ? אַ ספר תורה ?

— ניין, נישט קיין ספר תורה. איך לייען צייטונגען, ביכער.

— אויב אזוי, — האָט דער אַלטער מאַקס זיך אָפּגערופן, — בין איך אַ רעדנער !

— אַ נייער רעדנער זיך איינגעפונען ! פאַר וועמען רעדט איר ?

— איך רייד נישט פאַר קיינעם. ווען מיר איז אומעטיק, רייד איך.

— וואָס רעדט איר, פאַר וועמען ?

— איך רייד צו זיך. איך שטעל זיך די פראַגע פאַרוואָס בין איך געבוירן געוואָרן.

— אַ מענטש טאָר אזוי נישט ריידן. איר זינדיקט מיט די רייד ! — האָט אַ זקנה זיך אָפּגערופן.

— איר זעט ווי ביטער מיר איז, אז די איינציקע זינד מיינע היינט איז דאָס זינדיקן מיט די רייד !...

— קיין אנדערע זינד קאָנט איר שוין סיי ווי נישט טאָן ! — האָט עמעצער אים אריינגעזאָגט.

— אזוי איז דאָס שוין. ווען מענטשן האָבן נישט וואָס צו טאָן ריידן זיי דברים בטלים, נאַרישקייטן.

— קוקט אים נאָר אָן, דעם חכם! — האָט זיך מאַקס אָפּגערופן.
— אז איר זייט אזא חכם, פאַרוואָס זיצט איר דאָ?
— ער איז שוין געגוג געזעסן ערגעץ אַנדערשוווּ! — האָט אַן אַנדערער זיך אָפּגערופן.
— וואָס האָט איר געזאָגט? — איז מאַקס אויפגעשפּרונגען, — שוין זאָלט איר צוריקציען די ווערטער! פאַר באַליידיקן מיך וועל איך אייך געבן אַ לעקציע, וועט איר האָבן מיך צו געדענקען!
— אזא גראָבער יונג וויל מיר געבן לעקציעס!
— איך וואָרן אייך!
— איך האָב אייך! איר ווייסט שוין ווו.
— הערט אויף! איר וועט דאָס באַדויערן!
— קוקט נאָר אָן דעם העלד וואָס שרעקט מיך. ער איז דאָך שוין מיט אַ פוס אויף יענער וועלט!
— מען וועט באַלד זען ווער עס איז אויף יענער וועלט! — — —
ביידע אַלטע האָבן געביילט די פויסטן איינער קעגן אַנדערן. זיי האָבן אזש געציטערט פון אויפרעגונג. מען האָט זיך אריינגעמישט זיי אָפּצוהאַלטן. אַ גליק האָט פאַסירט וואָס פּלוצלינג האָט זיך צעקלונגען דער גלאָק, וואָס האָט אָנגעזאָגט אז עס איז מיטאָג־צייט. מען האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט און לאַנג־זאַם האָבן די אַלטע זיך געלאָזט גיין אין זאַל עסן...



## גוט איז דאָס...

פּיניע שניפּס רופט זיך אָפּ צו זיין שכן:
— איר זייט נאָר איין מענטש און איר האָט אַ טעלעפאָן!
— פאַרוואָס נישט? גראָד ווען מען איז אליין איז וויכטיק צו האָבן אַ טעלעפאָן!
— אוודאי דאַרפט איר דעם טעלעפאָן פאַר ביזנעס?
— וואָס פאַר אַ ביזנעס קאָן איך האָבן אין מיינע יאָרן? איך האָב שוין אָפּגעביזנעוועט. אָבער אַ טעלעפאָן דאַרף מען האָבן אויסצורײדן אַמאָל אַ וואָרט. מ׳קאָן דאָך נישט זיצן גאַנצע טעג און האַלטן געשלאָסן דאָס מויל!
— איר האָט אוודאי אַ סך פריינד!

— ווער האָט פריינד? ווען מען איז געווען יונג האָט מען געהאַט פריינד וואָס זיינען געקומען דולן אַ קאָפּ. אָבער היינט קומט קיינער נישט!

— איך פאַרשטיי אייך נישט. איז צו וואָס דאַרפט איר אַ טעלעפאָן?

— איך דאַרף! ווייל אָן אַ טעלעפאָן איז מען ווי אָן אַ קאָפּ, אָן הענט.

— קלינגט צו אייך עמעצער?

— מען קלינגט צו מיר זייער זעלטן. ווער האָט מיר צו קלינגען? סיידן מען מאַכט אַ פאַלשע פאַרבינדונג, אַ טעות.

— איז צו וואָס דאַרפט איר דעם טעלעפאָן?

— וואָס הייסט צוליב וואָס? צוליב דעם וואָס עס קלינגט איז שוין ווערט צו האָבן אַ טעלעפאָן. די שטוב לעבט אויף ווען דער טעלעפאָן צעקלינגט זיך. און ווען איך גיי נישט צו אַזוי גיך צום טעלעפאָן, זאָלט איר הערן וואָס פאַראַ קולות ער מאַכט!

— נו, דאַרפט איר דאָס?

— יאָ, איך דאַרף דאָס. איך האָב שוין אייך געזאָגט ,אַז ווען דער טעלע־פאָן קלינגט לעבט אויף די שטוב, כ'ווער אַן אַנדער מענטש.

— בלויז צוליב דעם ווילט איר דעם טעלעפאָן?

— ווער זאָגט אַז נאָר צוליב דעם וואָס דער טעלעפאָן צעקלינגט זיך מיט שלעכטע פאַרבינדונגען. אָפּט קומען אויך ריכטיקע טעלעפאָן־רופן. אַמאָל קלינגט דער בעל־הבית און פרעגט ווען איך וועל באַצאָלן דירה־געלט. אַמאָל קלינגט דער גראָסערי־מאַן און בעט מיר צושיקן וואָס איך קום אים. אויך אַנ־דערע קלינגען אַמאָל. איז ווי קאָן מען זיין אָן אַ טעלעפאָן?

— צוליב דעם דאַרפט איר אַ טעלעפאָן און צאָלן געלט דערפאַר?

— נישט נאָר צוליב דעם. פאַראַן נאָך וויכטיקע מענטשן וואָס קלינגען צו מיר. אָט האָט מיר יענע וואָך געקלונגען דער גבאי פון שוהל: אַזוי ווי עס קו־מען פאָר נייע וואַלן אויסצוווילן אַ נייעם גבאי פאַר דער שוהל, בעט ער מיך נישט פאַרגעסן צו שטימען פאַר אים.

— צוליבן גבאי וואָס בעט אייך צו שטימען פאר אים, האַלט איר אַ טעלע־פאָן און צאָלט געלט?

— און וואָס איז מיטן קאַסירער, מיטן רב, חזן, שמש, וואָס קלינגען?

— דאָס אַלץ?

— וואָס ווילט איר, דער פרעזידענט פון אַמעריקע זאָל מיר קלינגען?

— ווען איר פאָלגט מיך, גיט איר אָפּ דעם טעלעפאָן. א שאָד אייער געלט וואָס איר פּטרט!

— און וואָס וועלן טאָן מיינע קינדער?

— וואָס איז מיט אייערע קינדער?

— מיט מיינע קינדער איז גאָרנישט. ווען זיי דערמאָנען זיך אַמאָל אָן מיר קלינגען זיי, צו הערן צי איך לעב.

— אזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט זיינען אייערע קינדער אין אייך?

— יאָ, זיי זיינען פאַראינטערעסירט. דער עיקר ווילן זיי וויסן צי איך האָב אַ צוואה און פאַר וועמען איך האָב אָפּגעשריבן דאָס פאַרמעגן!

— זיי קומען אַמאָל אייך זען?

— מיך ווילן זיי נישט זען, נאָר די צוואה!

— איר האָט נאָך גוטע קינדער!

— נישט צו פאַרזינדיקן. טאַקע זיי, די קינדער, לאָזן מיך נישט זיין אָן דעם טעלעפאָן. זיי האָבן נישט קיין צייט צו קומען, טעלעפאָנירן זיי צו הערן צי איך לעב.

— דאָס איז גוט.

— יאָ, נישטאָ וואָס צו זינדיקן.

— וואָס טוען אייערע קינדער?

— זיי וואַרטן אויף דער ירושה.

— ניין, איך מיין מיט וואָס באַשעפטיקן זיי זיך?

— איינער איז אַן אינזשינער און אַרבעט נישט, דער צווייטער איז אַ שפּילער.

— וואָס פאַר אַ שפּילער איז ער? ער שפּילט טעאַטער, פידל צי אַ טרומפּייט?

— ער שפּילט קאָרטן.

— גוט איז דאָס.

— וואָס איז די גוטסקייט, אז ער שפּילט קאָרטן?

— עס וואָלט זיין ערגער ווען ער שפּילט פערדלעך.

— יאָ, איר זייט גערעכט.

— דאַכט זיך, חוץ אייערע צוויי זין האָט איר אויך אַ טאָכטער?

— יאָ, איך האָב אַ טאָכטער.

— ווי גייט אייער טאָכטער?

— פון איר האָב איך גראָד נחת. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ שייגעץ, ווייסט זי אז קיין ירושה וועט זי נישט קריגן. איז ניט זי קלינגט מיר און נישט זי קומט צו מיר. איר אַרט אפילו ניט איך זאָל לעבן הונדערט יאָר.

— גוט איז דאָס.

— הערט שוין אויף מיט אייער „גוט איז דאָס". ביי אייך איז אַלץ גוט!
— עס האָט געקאָנט זיין, חלילה, ערגער!
— וואָס קאָן זיין ערגער?
— ווען דאָס אַלץ וואָלט, חלילה, מיך געטראָפן!..



# מ׳וועט פאָרן קיין ישראל

אַ באַקאַנטער ייד דערציילט מיר:

לעצטנס איז מיין פרוי צוגעשטאַנען צו מיר מיר זאָלן פאָרן קיין ישראל זיך באַזעצן דאָרטן. אויב פויערים — זאָגט זי — פאָרן דאָרטן, פאַרוואָס זאָלן מיר נישט פאָרן? ישראל איז אַ יידישע היים פאַר יידן, איז לאָמיר נישט פיל טראַכטן און פאָרן!

פרעג איך איר, מיין ווייב: ביילטשע, וואָס וועלן מיר טאָן אין ישראל? מיר זיינען דאָך שוין עלטערע מענטשן. זאָגט זי, די יידישע מדינה האָט פאַר עלטערע מענטשן אויך וואָס צו טאָן. און דו ביסט נאָך נישט אזוי אַלט. אויב דו ביסט נישט יונג גענוג צו זיין אַ זעלנער, וועסטו זיין אַן אָפיצער. קיין שווע־רע אַרבעט איז דאָס נישט. איך וועל אויך קענען העלפן די יידישע מדינה. וועסט זען, מען וועט האָבן נחת פון אונדז. איך וועל זיך נישט אונטערגעבן די עגיפּטער מיט די סיריער. אונדזער טאָכטער רייטשל האָט אַלעמאָל ליב געהאַט ארויסצוגיין מיט זעלנער, וועט זי האָבן אין ישראל אַ געלעגנהייט צו גיין אין דער אַרמיי. זי וועט נישט דאַרפן וואַרטן, ווי דאָ אין גלות, די זעלנער זאָלן קומען צו איר. און זאָרג נישט, אַ לעבן וועלן מיר מאַכן. אזוי פיל יידן, אָן עין־הרע, לעבן אין ישראל, וועלן מיר אויך לעבן. ווען מיר וועלן קומען אין ישראל וועלן מיר זען ווו עס איז בעסער צו עפענען אַ געשעפט, אין תל־אביב אָדער אין חיפה. און אויב עס וועט נישט טויגן, וועלן מיר טאָן עפּעס אַנדערש. עס פעלט נישט וואָס צו טאָן אין ישראל. אפילו די מענטשן וואָס גייען ארום ליידיק און טוען גאָרנישט מאַכן זיי אויך אַ שיין לעבן. מיר וועלן פאָרן דאָרטן אויף וואַקאַציעס. מיר וועלן אַפילו פאָרן קיין דייטשלאַנד. וואָס איז? עס פּאַסט אונדז נישט? מיר זיינען דען נישט קיין יידן?

דער גלות שפּאַרט מיר שוין פון גאָרגל ארויס. עס ווילט זיך מיר אויך פאַרזוכן פון דעם וואָס יידן האָבן אין אייגענעם לאַנד. און דאָס וואָס זיי האָבן

דאָרטן טעראָריסטן מיט שאַנטאַזשיסטן, איז וואָס? מיר האָבן זיי אויך דאָ! ווו איז היינט דאָ אַ לאַנד וואָס האָבן נישט קיין טעראָריסטן? אין אנדערע לענ־דער איז פיל ערגער ווי אין ישראל. מען רויבט, מען שיסט, מען קידנעפּט און מען טוט וואָס מען וויל. דערווייל האָט מען אין ישראל קיינעם נישט געקיד־נעפּט. אונדזער שכנה זאָגט, זי וואָלט געוואָלט מען זאָל איר קידנעפּן. עס איז איר שוין דערעסן דאָס לעבן און נאָך מער איר מאַן. זי וויל פאַרזוכן דעם טעם, אז אַ שאַנטאַזשיסט זאָל קומען און איר קידנעפּן...

מען זאָגט אז אין ישראל איז דאָ מערער לוקסוס ווי ביי אונדז. דאָ גייען דאָך די פרויען ארום נאַקעט. אין ישראל, זאָגט מען, שלאָפט יעדער אַ פּאָר שעה אין טאָג און ביינאַכט לעבט מען אַ טאָג. איז פאַרוואָס זאָלן מיר נישט וויסן דעם טעם, נאָר שטענדיק זיין פאַריאָגט און פאַרפלאָגט. אין ישראל, זאָגט מען, קען מען ארומגיין גאַנצע נעכט, מען איז אַ פרייער פויגל, קיינער טשע־פּעט נישט, קיינער זאָגט קיין שלעכט וואָרט נישט. און אויב עס טשעפּעט זיך עפּעס אַ פאַרשוין מיינט ער, חלילה, נישט צו רויבן, צו הרגענען. ער מיינט גאָר עפּעס אַנדערש...

אָט איז אונדזער לאַנדסמאַן מיט זיין פרוי אַוועקגעפאָרן. זיי זיינען שוין אין ישראל באַלד דריי יאָר. מען זאָגט אז זיי האָבן זיך דאָרטן שיין ארויפגע־אַרבעט. ער איז געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער אין אַ באַנק. ער שטייט ביים טיר. און זי פאָרט ארום גאַנצע טעג אין אַן אויטאָ אויפרוימען אַפּאַרטאַמענטן. מען צאָלט איר הויכע פרייזן. זי אַרבעט פון שעה. דאָ איז זי געווען אַ פּוילעניצע, האָט נישט ארייגעטאָן אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער, און דאָרטן איז זי גע־וואָרן אַ גרויסע אויפטועריןֹ!

אז מיר וועלן פאָרן קיין ישראל וועלן מיר שוין וויסן וואָס מיר האָבן צו טאָן. פריער פון אַלץ, איידער מיר וועלן אָנהייבן וואָס טאָן, וועלן מיר דערווייל גאָר־נישט טאָן. מיר וועלן זיך אָפּרוען, ארומקוקן. וואָס, מיר האָבן נישט קיין צייט? מדינת ישראל וועט נישט אַנטלויפן. מיר וועלן נישט טאָן ווי אונדזער שכן זיינוול האָט געטאָן. ער איז געקומען קיין ישראל און כאַפּ־לאַפּ האָט ער געוואָלט ווערן אַ גביר. נו, האָט ער געהאַט אַ ביטערן סוף. ער האָט קוים געהאַט אויף הוצאות צו קומען צוריק!

דערפאַר זאָג איך דיר, יאָסל, מיר וועלן גאָרנישט טאָן ביז מיר וועלן זיך ארומקוקן. ישראל איז טאַקע אונדזער היים, אָבער מיט יידן דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק און נישט לאָזן זיך צוריידן צו נישט־געשטויגענע געשעפטן. מיר וועלן קויפן אַ פּאָרם אָדער גאָר אַ טאַקסי. מען זאָגט אז אין ישראל איז אַ טאַקסי אַ גוט געשעפט. וועסטו ווערן אַ טאַקסי־דרייווער. אין אַן אייגן לאַנד פּאַסט

צו טאָן אַלץ, נאָר נישט קיין לינקע געשעפטן. איך האַס מענער וואָס פירן לינקע געשעפטן מיט לינקע ליבעס.

איך האָף אין ישראל צו פאַרלירן געוויכט, צו ווערן שלאַנקער. דאָ קען מען דאָך אַ פונט נישט אַראָפּוואַרפן. אין ישראל איז לייכט צו פאַרלירן פונטן, האָף איך צו ווערן דינער, עלעגאַנטער. איך וועל דאָרטן אַלץ פון זיך אַראָפּוואַרפן, אפילו דעם גלות...



## אין עראָפּלאַן אויפן וועג צו ישראל

אין עראָפּלאַן לעבן מיר איז געזעסן אַ מאַן אין די פופציקער יאָרן און געקוקט נערוועאיש אויף אַלע זייטן, אויף די מענטשן און באַדינער. פּלוצלינג רופט ער זיך אָפּ צו מיר:

— איר פליט אָפט מיט עראָפּלאַנען?

— נישט צו אָפט.

— אוודאי אויך דאָס ערשטע מאָל, ווי איך?!

— ניין, איך פלי נישט דאָס ערשטע מאָל.

— איר שרעקט זיך נישט?

— וואָס איז דאָ זיך צו שרעקן.

— ווי איר זעט מיך, פלי איך דאָס ערשטע מאָל. מיר קלאַפּט דאָס האַרץ ווי אַ וועק־זייגער. איך ווייס נישט וואָס פאַראַ שוואַרץ יאָר האָט מיר געטריבן צו פליען מיט אַן עראָפּלאַן. וואָס איז, איך האָב נישט קיין צייט צו פאָרן מיט אַ באַן אָדער מיט אַ שיף?! נישט זיצן דאָ אַן איינגעפּרעסטער ווי אַ הערינג און נאָך דערצו אין דער לופטן צווישן הימל און ערד, און ציטערן. זאָגט מיר, ווי הויך פליען מיר?

— וואָס איז דער חילוק ווי הויך מען פליט.

— ס׳איז יאָ אַ חילוק. אויב מען פליט צו הויך, די שעה זאָל נישט זיין דערביי, איז מען אין גרויסער געפאַר, אָבער אז מען פליט נידעריקער איז די געפאַר אפשר קלענער. דעם אמת געזאָגט בין איך נישט קיין שפרינגער, דאָך איז בעסער אז מען פליט נידעריקער. ווען מען פאַלט נישט פון אזוי הויך איז דאָ אַ האָפענונג צו בלייבן לעבן. זאָל זיין מיט צובראָכענע ביינער, אָבער מען לעבט דאָך!

— איך בעט אייך, — האָב איך געזאָגט צום ייד, — רעדט נישט אזוי צו מיר. איר מאַכט מיך אויך אומרואיק. איך זע אז איך וועל שוין קיין הנאה נישט האָבן פון דער רייזע.

דער מאַן האָט זיך צעלאַכט. די פּאַסאַזשירן האָב זיך ארומגעקוקט. באַלד האָט ער ווייטער גערעדט:

— איך זע אז איר זייט אַ נאַאיווער מענטש. איר געפינט זיך אין אַן עראָ־פּלאַן און איר ווילט הנאה האָבן. אז מען וויל הנאה האָבן פליט מען נישט. עס פעלט נישט אויס פון וואָס הנאה צו האָבן. נאָרמאַלע מענטשן פליען נישט. מיר דאַכט זיך אז אַלע פּאַסאַזשירן דאָ זיינען נישט ביים קלאָרן זינען, אָן שכל, זיינען גערירט אויף זייערע מוחות. אוודאי אנטלאָפענע פון היימען פאַר גייסטיק־קראַנקע...

איך האָב דעם מאַן גאָרנישט געענטפערט און געזוכט אַן אַנדער פּלאַץ צו זיצן. אָבער דער עראָפּלאַן איז געווען פול, אַלע פּלעצער זיינען געווען פאַרנו־מען. האָב איך קיין ברירה נישט געהאַט און געבליבן אויף מיין פּלאַץ.

נאָך אַ קורצער צייט שווייגן, האָט ער מיך פּלוצלינג געפרעגט:

— זאָגט מיר, איר זייט שוין אַמאָל געשפרונגען פון אַן עראָפּלאַן?

— איר זייט משוגע! איר מיינט איך בין אַ פּאַראַשוטיסט?

— איז וואָס־זשע טוט איר, למשל, אז עס מאַכט זיך טראָבל מיטן עראָפּלאַן?

— גאָרנישט! איך לאָז דאָס צו די פּילאָטן און אינזשינערן.

— איר לאָזט דאָס צו זיי? וואָס זיינען זיי, מלאכים, גאָט?

— הערט אויף דרייען אַ ספּאָדיק. לאָזט מיך רואיק זיצן!

— איך פאַרשטיי נישט ווי אזוי איר קאָנט רואיק זיצן אין אַן עראָפּלאַן? איר מיינט איר זיצט אין אַ טעאַטער?

— איך בעט אייך, לאָזט מיך צורו. רעדט נישט אזוי צו מיר.

— ווי דען זאָל איך ריידן צו אייך? זאָגן אייך אז היידזשעקער געפינען זיך אין עראָפּלאַן, און אז זיי וועלן באַלד אויפרייסן דעם עראָפּלאַן?

— הערט אויף! איר האָט נישט וועגן עפּעס אַנדערש צו ריידן?!

— וועגן וואָס צו ריידן האָב איך אַ סך, נאָר איך וויל אייך נישט אָנשרעקן.

ס'איז געווען אז איך ציטער. איר אויף מיין אָרט וואָלט געקראָגן אַ פּאָפּלעקציע: מיר האָט אויף אַן אמת גענומען קלאַפּן דאָס האַרץ... איך האָב זיך אָפּגע־קערט אַן אַ זייט און ארויסגעקוקט דורכן פענצטערל פון עראָפּלאַן.

באַלד איז מיר בעסער געוואָרן ווען איך האָב דערזען שטיקער גרינע פעל־דער, הייזער. קורץ נאָכדעם האָט זיך דער עראָפּלאַן לאַנגזאַם אראָפּגעלאָזט און געבליבן שטיין.

ווען דער עראָפּלאַן איז שטיין געבליבן האָב איך גענומען זיך גרייטן צום ארויסגיין. אָבער דער מאַן האָט מיך פאַרהאַלטן און געזאָגט:

— וואָס איילט איר זיך? דער עראָפּלאַן פליט נישט מער, ער שטייט אויף אַן אָרט. איר וועט שוין נישט דאַרפן שפּרינגען, נישט נוצן קיין פּאַראַשוט, איז זיצט נאָך אַ ביסל, מיר וועלן אַ ביסל שמועסן. מיר האָבן דאָך רעכט זיך נישט דורכגערעדט! מיר דאַכט זיך, אז איר זייט נאָך אַ סינגלמען, אַ בחור. אויב יאָ, האָב איך פאַר אייך אַ פיינעם שידוך, א יונגע מיידל פון עטלעכע און דרייסיק יאָר, וואָס פאַרמאָגט אַ פאַרמעגן!

איך האָב אים גאָרנישט געענטפערט. איך האָב זיך דערווייטערט פון אים און געטראַכט: ער איז נישט קיין נאָרמאַלער...



# זי וויל מיך ראַטעווען...

ווען מיר זיינען געקומען צופליען קיין תל־אביב איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט. ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין האָטעל איז שוין געווען באַלד צוויי אזייגער פאַרטאָג. מיר זיינען געפאַלן ווי קלעצער אין בעט און באַלד איינגע־שלאָפן. אין מיטן בעסטן שלאָף האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן, וואָס איז געשטאַנען ביים זייט פון מיין בעט. איך האָב גענומען דאָס טעלעפאָן־טרייבל און אַ צושראָקענער געפרעגט:

— ווער רעדט?

קיין ענטפער האָב איך נישט געהערט. איך האָב אוועקגעלייגט דאָס טרייבל פון טעלעפאָן און פּרובירט ווידער איינצושלאָפן. אָבער באַלד האָט זיך ווידער צעקלונגען דער טעלעפאָן.

— ווער רעדט?

— דאָס רעדט דיין קוזינע, דיין איינציק לעבן־געבליבענע קוזינע! — האָט אַ פרויען־שטימע געענטפערט.

— וועלכע לעבן־געבליבענע קוזינע?

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט זי זיך גאָר צעוויינט...

איך האָב איר געבעטן נישט וויינען און צוואַרטן אויף אונדז אין דער לאָבע. מיר האָבן זיך האַסטיק אָנגעטאָן און אַראָפּ מיט דעם ליפט פון צוועלפטן שטאָק צו דער לאָבע, צו טרעפן זיך מיט מיין איינציק לעבן־געבליבענער קוזינע.

ווי נאָר מיר זיינען ארויס פון ליפט איז צו אונדז צוגעלאָפן אַ פרוי אין די זעכציקער יאָרן, ארויפגעפאַלן מיר אויפן האַלדז און גענומען קושן. איך בין געוואָרן צעטומלט פון דער פּלוצלינגער באַגעגעניש.

— הערש, דו דערקענסט מיך נישט? — האָט זי מיט אַ וויינענדיקן קול מיך געפרעגט.

איך האָב נישט געוווסט ווער די פרוי איז. אָבער לויט די סימנים וואָס זי האָט מיר געגעבן האָט זי געדאַרפט זיין אַ קוזינע מיינע.

— הערש, וואָס קוקסטו אזוי מאָדנע און פרעמד אויף מיר? — האָט זי אַלץ מיט אַ וויינענדיקע שטימע גערעדט. — דו ביסט דאָך מיין איינציקער קוזין, מיין איינציקער קרוב וואָס איז מיר געבליבן נאָך דער גרויסער היטלער־שחיטה!

— האָט זי געזאָגט און זי איז ווידער מיר געפאַלן אויפן האַלדז קושן.

איך האָב נישט געוווסט וואָס צו זאָגן, אָבער איך בין געוואָרן שטאַרק גערירט און צעטומלט פון דער אומגעריכטער באַגעגעניש.

— הערש, — האָט זי ווייטער גערעדט, — איך בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. איך האָב געהערט אז דו ביסט געקומען אין לאַנד און אז דו שטייסט דאָ אין האָטעל, בין איך געקומען דיך מיט דיין פרוי ראַטעווען!

אירע רייד זיינען מיר נישט געווען קלאָר. איך האָב איר געפרעגט:

— וואָס האָט פּאַסירט? וואָס רעדט איר עפּעס פון ראַטעווען?

— דו דאַרפסט מיך נישט איר׳ן, איך בין דיין לייבלעכע קוזינע און רעדט צו מיר אויף דו!

— גוט, זאָל זיין אויף דו. זאָג מיר, וואָס מאַכסטו?

— עס איז איצט נישט די צייט וועגן דעם צו ריידן, מיר וועלן שוין שמועסן שפּעטער. איך בין געקומען צו דיר, אז דו מיט דיין פרוי זאָלט שוין ארויס פון האָטעל. עס איז אַ געפאַר פאַר אייך דאָ צו זיין!

— וואָס, דער האָטעל ברענט דען, חלילה?

— נישט דאָס?

— וואָס דען, ס׳איז נישט היגיעניש דאָ?

— ניין, ניין, נישט דאָס. פאָלגט מיך און קומט מיט מיר. פאַרלאָזט דעם האָטעל!

— וואָס רעדסטו? ס׳איז דאָך אַ פּרעכטיקער האָטעל מיט גוטע באַדינונג, מיט פיינע מענטשן און מיט די באַטעמטסטע מאכלים. אויף אַלע אונדזערע גוטע פריינד געזאָגט געוואָרן צו שטיין אין אזא האָטעל!

— איר פאַרשטייט נישט, — האָט זי געזאָגט. — איר זייט טוריסטן, ווייסט איר נישט!

— וואָס ווייסן מיר נישט?

— איר לייענט גאָרנישט קיין צייטונגען? איר הערט נישט דעם ראַדיאָ?

— האָט זי אונדז געפרעגט. איר ווייסט נישט וואָס עס טוט זיך דאָ?

— וואָס טוט זיך דאָ?

— דאָ איז נישט דער פּלאַץ צו ריידן. איר מוזט פאַרלאָזן דעם האָטעל, און טאַקע שוין!

— וואָס האָט פּאַסירט?

— דערווייל האָט גאָרנישט פּאַסירט, אָפּגעהיטן זאָלט איר זיין, אז עס זאָל חלילה וואָס פּאַסירן!

— מיר פאַרשטייען נישט וואָס דאָ קומט פאָר?

— וואָס איז דאָ נישט צו פאַרשטיין! איך רייד דאָך נישט קיין טערקיש, נאָר יידיש! הער זיך איין, הערש, נעם און פּאַק איין דיינע זאַכן און קומט מיט מיר!

— פאַרוואָס זאָלן מיר פּאַקן די זאַכן און גיין?

— איך זע אז דו פאַרשטייסט נישט, רעדסט ווי אַ נאַאיווער קינד. ווייסט גאָרנישט וואָס עס קומט דאָ פאָר? זאָלסט וויסן זיין, אז דו ביסט נישט אין פּאַריז, דו ביסט נישט אין לאָנדאָן אָדער אין אייער יאָהאַנעסבורג. דאָ איז יש־ראל. דאָ דאַרף מען זיין געהיט. דו ווייסט גאָרנישט וויפל געפאַרן עס לויערן אויף דיר. בפרט אַ פרעמדער, וואָס קומט דאָ אַלס טוריסט איז אין גרויסער געפאַר! און די געפאַר איז נאָך מער גרויס ווען מען שטייט איין אין אַ האָטעל, בפרט אזא לוקסוס־האָטעל ווו עס קומען טוריסטן פון דער גאַנצער וועלט. די טעראָריסטן זוכן נאָר אזעלכע פלעצער מיט מענטשן וואָס קומען פון אַנדערע לענדער! זאָג מיר, האָסטו נישט געלייענט ווי מען האָט... איך וויל נישט אָנ־רופן דעם האָטעל ווו מען האָט געוואָרפן באָמבעס מיט האַנט־גראַנאַטן און דער־הרגעט פיל טוריסטן, נישט פאַר אייך געדאַכט. הערש, פאָלג מיך און פאַרלאָז דעם האָטעל, ראַטעווע זיך! איך ווייס וואָס איך רייד, איך בין דאָך דיין לייבלע־כע קוזינע און דו ביסט מיין איינציקער קוזין. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט געקאָנט שלאָפן צוליב אייער זיין דאָ אין האָטעל. איר שפּילט זיך מיט פייער, מיט דינאַמיט! אויב דו ווילסט, הערש, קאָנסטו קומען זיין ביי מיר. איך האָב אַ ליידיקע וווינונג. מיר זיינען צוויי מענטשן, איך מיט מיין מאַן. אַ גאַנצן טאָג איז די וווינונג ווי ליידיק. איר קאָנט זי נוצן געזונטערהייט אָן אַ גראָשן געלט, בחינם. איך וויל גאָרנישט. איך וויל נאָר אייך ראַטעווען! איך וועל נישט אוועקגיין פון דאַנען ביז איר וועט קומען מיט מיר. דאָ נישט ווייט איז מיין הויז, בלויז מיט צוויי אויטאָבוסן צוצופאָרן. איך ווין אין אַ שטילער געגענט מיט

נייע עולים. אַ גאַנצן טאָג איז דאָרט אַ מחיה, שטיל ווי אויף אַ בית־עולם, נאָר די קינדער פון די שכנים טומלען אַ ביסל, אָבער ווער הערט זיי. אין מיין וווינונג איז לייכט צו קומען, נישט ווי אין האָטעל מיט די ווינדעס, וואָס נישט איין טוריסט איז אין זיי געבליבן שטעקן פאַר שעהן לאַנג און שיער נישט אויסגעגאַנגען פון שרעק... צו מיין וווינונג צו קומען דאַרף מען נישט ריזיקירן מיטן לעבן, מיר האָבן נישט קיין ווינדע. סך־הכל וווינען מיר אויפן דריטן שטאָק און די טרעפּ זיינען לייכטע, מען פילט גאָרנישט אז מען גייט אויף זיי. אין שטוב ביי מיר איז קיל, איך האָב אַן עלעקטרישן אָפּקילער, ווינטעלאַטאָר. נאָר מען דאַרף זיין פּאָרזיכטיק נישט זיצן נאָענט צו אים, מען קאָן חלילה זיך צוקילן. מיין שוואָגער איז געזעסן נאָענט צום קילער, האָט ער, נישט פאַר אייך גערעדט, זיך פאַרקילט און געכאַפּט א לונגען־אָנצינדונג. נאָך אַכט טעג ליגן אין גרויסער היץ און קרעכצן און ריידן פון וועג, איז ער נעבעך אויסגעגאַנגען און אַוועק פון דער וועלט! — — —

מער האָבן מיר שוין נישט געקאָנט הערן די קוזינע. איר ריידן האָט אונדז געגעבן אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק. מיר האָבן איר איבערגעלאָזט אין דער לאָבע און אַוועק אין צימער נעמען אַספּערין...



## אייגן בלוט און פלייש...

אין ישראל האָב איך אַנטדעקט משפּחה, א קרוב וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געזען און קיינמאָל פון אים נישט געהערט. ער איז געקומען צו מיר אין האָטעל און געזאָגט:

— קומסט צופאָרן אין לאַנד און זאָגסט נישט אויס, האַלטסט עס בסוד. עס איז שוין מער פון 40 יאָר ווי איך האָב דיך נישט געזען. איצט, אז דו ביסט געקומען, האָסטו געמעגט מיר דאָס אָנזאָגן. איך בין דאָך דיינער אַ לייבלעכער קוזין!

אזוי האָט צו מיר גערעדט אַ ייד מיט אַ ליסע קאָפּ, מיט רויטע אויגן וואָס זיינען געווען פאַרשטעלט מיט גראָבע גלעזער. נאָך יעדע פאָר ווערטער וואָס ער האָט אויסגערעדט האָט ער געקרעכצט:

— אַ לייבלעכער קוזין, אייגן בלוט און פלייש!

ער האָט מיך פאַרבעטן צו זיך. איך האָב אים נישט אָפּגעזאָגט. מיט צוויי אויטאָבוסן זיינען מיר צו אים געפאָרן ארויס פון תל־אביב. ערגעץ אויף אַ ווינקל

גאַס זיינען מיר אויסגעשטיגן. ער האָט מיך מיט מיין פרוי צוגעפירט צו אַ גע־בײדע און געזאָגט, אַז דאָ איז זיין וווינונג, אויפן דריטן שטאָק, צו וועלכער עס האָבן געפירט קרומע טרעפּ. ביי יעדן שטאָק האָב איך זיך אָפּגעשטעלט צו כאַפּן דעם אָטעם און מיין קרוב האָט געקרעכצט:

— אייגן בלוט און פלייש!

אַריינקומענדיק אין דער וווינונג האָט ער מיך מיט מיין פרוי פאָרגעשטעלט פאַר זיין ווייב, אַ נידעריקע מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר. איר פּנים האָט גע גלאַנצט ווי אַ פּאָר אָפּיצערסקע שטיוול. זי האָט זיך מיט אונדז צעקושט און געזאָגט:

— איך האָב פיל געהערט וועגן אייך. זעצט זיך צו, מאַכט זיך באַקוועם. ווײ איז מיר, מיין מאַנס קוזין, אייגן בלוט און פלייש!

באַלד האָט זי אַרויפגעשטעלט אויפן טיש ווײנטרויבן מיט עפּל. דער מאַן האָט אַרויפגעשטעלט אַ פלעשל וויין, אָנגעגאָסן גלעזלעך און אויסגערופן:

— לחיים! מיר זאָלן זיין געזונט, האָבן פּרנסה און שלום!

— לחיים. — האָב איך געענטפערט.

— דערציייל עפּעס נייעס, — האָט ער געזאָגט. — שוין אַזוי פיל יאָרן זיך נישט געזען!

— נישטאָ קיין ספּעציעלעס. איך זע איר האָט אַ ראַדיאָ, אַ טעלעוויזיע, — האָב איך געענטפערט, — ווייסט איר מסתמא אַלץ!

— וואָס האָט איר מורא צו דערציילן, — האָט די ווייב זיך אָפּגערופן. — דערציילט, מיר וועלן קיינעם ניט אויסזאָגן!

אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען אַ מאַן מיט אַ מיטל־יאָריקער פרוי און צוויי קינדער. מען האָט זיי פאַר מיר פאָרגע־שטעלט:

— דאָס איז אונדזער זון מיט זיין ווייב און קינדער. זייט באַקאַנט!

די גלעזלעך זיינען ווידער פול געוואָרן. מיר האָבן געטרונקען און גע־ווונטשן זיך ווידער. נאָך אַ ביסל זיצן און לאַגווייליקן זיך האָב איך געזאָגט, אַז מיר דאַרפן גיין אין האָטעל צו זען עמעצן.

— סטייטש, נאָך אַזוי פיל יאָרן נישט זען זיך, — האָבן זיי מיט פּראָטעסט אויסגערופן, — ווילסטו שוין פון אונדז אוועק. וועסט זיין צו מיטאָג, נאָכדעם וועלן מיר דיך פירן צו אונדזער אַנדער זון. ער וווינט אויפן הר הכרמל אין חיפה. וועסט דאָרטן קענען זען די גאַנצע שטאָט, דעם ים, די שיפן מיט די אַרו־מיקע בערג און טאָלן!

מיר האָבן נישט געקאָנט אָפּזאָגן און זיינען געפאָרן מיט צווי אויטאָבוסן קיין חיפה. אָנגעקומען זיינען מיר פאַרמאַטערטע. אַ קלעפּיקער שווייס האָט אונדז באַדעקט. די נאַכט איז באַלד צוגעפאַלן. איך האָב זיך געפילט מיד און געוואָלט שלאָפן. אָבער מיין קרוב האָט מיר דאָס געשטערט. איך מוז קוקן אויפן הימל מיט די שטערן. אזא הימל, אזא לבנה און שטערן, האָט ער געזאָגט, וועל איך ערגעץ אַנדערשוווּ נישט זען.

אויף צומאָרגנס פרעגט מיך מיין קרובס זון:

— פעטער, ווי געפעלט אייך דאָ?

— גרויסאַרטיק, שיין, אַ פּראַכט.

— נישט מער?

— וואָס נאָך?

— איך זע, אז אייך געפעלט נישט דער כרמל. איר מאַכט עס אזוי לייכט אַוועק. איר ווייסט גאָרנישט וויפל שטיקער געשיכטע עס ליגט הינטער דעם כרמל! יידישע געשיכטע וואָס איז געבונדן מיט אונדזער חומש און תנ״ך, מיט דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, און איר זאָגט עס אזוי פּשוט און איינפאַך: גרויסאַרטיק, שיין, אַ פּראַכט!

— וואָס נאָך דאַרף איך זאָגן? — האָב איך געפרעגט.

— שוין, איר דאַרפט מער גאָרנישט זאָגן. איך זע שוין מיט וועמען איך האָב צו טאָן. אויב אזוי וועל איך אייך צופירן צו מיין ברודער, ער וווינט נישט ווייט פון דאַנען, אין עכו!

— איך וויל פאָרן צוריק קיין תל־אביב.

— תל־אביב וועט נישט אַנטלויפן. אז איר זייט שוין דאָ, וועט איר זען מיין ברודער אין עכו. עכו איז אַ היסטאָרישע שטאָט מיט דער באַרימטער תפיסה.

איך האָב צוגעשטימט. מיר זיינען ווידער געפאָרן מיט צווי אויטאָבוסן. איין אויטאָבוס פון כרמל צו דער שטאָט חיפה, און אַ צווייטן קיין עכו.

מיר זיינען אָנגעקומען אין עכו. נאָכדעם זיינען מיר געגאַנגען אַ שטיקל וועג צופוס און צוגעקומען צו אַ דריי שטאָקיקע געביידע. קיין ווינדע ארויפצופאָרן אויפן דריטן שטאָק איז נישט געווען, זיינען מיר געגאַנגען צופוס אויף די טרעפּ.

ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין דער וווינונג איז קיינער דאָרטן נישט געווען, אויסער קינדער וואָס האָבן געטומלט. מיין קרוב איז געווען העפלעך צו מיר. ער האָט געזען ווי דער שווייס רינט פון מיר, האָט ער מיר געראַטן אויסטאָן מיין רעקל און זיך זעצן. ער האָט מיר געזאָגט ער וועט באַלד קומען און איז פאַרשוווּנדן.

איך בין געזעסן אַ מידער. מיר האָט געטרינקט אין האַלדז, פּונקט ווי איך וואָלט אויפגעגעסן דעם גאַנצן זאַמד פון מדבר. דורך די פענצטער האָט אַריינ־געשיינט די זון און געשטאָכן אין די אויגן. דער זייגער איז שוין געווען נאָענט צו צוויי. איך האָב געפילט עפּעס עסן, אַ טרונק. קיינער איז דאָ נישט געווען, די קינדער האָבן זיך ארויסגערוקט אין קאָרידאָר און האָבן געטומלט און געלאַכט. אַ מידער האָב איך איינגעדרימלט.

ארום פינף פאַרנאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט. איך האָב פאַר מיר געזען שטיין אַ פרוי. זי האָט מיט חשד געקוקט אויף אונדז. איך האָב איר דערציילט ווער מיר זיינען און ווי אזוי מיר זיינען דאָ געקומען. זי האָט זיך באַצויגן מיט פאַרדאַכט צו אונדז, אָבער אַ קאַלטן טרונק וואַסער האָט זי אונדז געגעבן.

שפּעטער איז געקומען איר מאַן. ער האָט שוין געוווסט אז מיר זיינען דאָ, דער ברודער זיינער האָט דאָס אים אָנגעזאָגט. ער האָט מיט מיר זיך צעשמועסט און מיך געפרעגט צי איך בין געקומען אַלס טוריסט אָדער אַלס נייער עולה.

באַלד האָט ער זיך אָפּגערופן צו זיין פרוי:

— אביבה, גרייט צום טיש. מיר האָבן געסט, קרובים אונדזערע!

נאָכן אָפּעסן האָבן מיר נאָך אַ ביסל געשמועסט און נאָכדעם האָב איך גע־פרעגט ווי אזוי מיר קענען פאָרן צוריק קיין תל־אביב. מיין קרוב האָט געזאָגט, אז אויף צומאָרגנס פאָרט ער קיין תל־אביב, וועט ער אונדז מיטנעמען. מיר זאָלן איבערשלאָפן ביי אים די נאַכט און אַלץ וועט זיין בסדר.

מען האָט אונדז אויסגעבעט געלעגערס אויף אַ טאַפּטשאַן, וואָס האָט געהאַט שאַרפע דראָטן. אַ גאַנצע נאַכט זיינען זיי געקראָכן אין לייב אריין און נישט געלאָזט שלאָפן. אויף צומאָרגנס פרעגט מיין קרוב ווי עס האָט זיך אונדז גע־שלאָפן. איך האָב אים געזאָגט: זייער גוט. עס האָט אים הנאה געטאָן און ער האָט מיר געזאָגט, אז מיר קאָנען ווידער צו אים קומען און מערערע נעכט ביי אים זיין... און דערביי צוגעגעבן אז באַלד וועלן מיר פאָרן קיין תל־אביב.

איך האָב געמיינט ער האָט אַן אויטאָ. אָבער ווי פיל אַנדערע דאָ האָט ער קיין אויטאָ נישט געהאַט און מיר זיינען געפאָרן מיט אויטאָבוסן און טעקסיס און דערצו האָט ער אונדז צוגעטיילט דעם כבוד צו צאָלן. מיר זיינען אָבער בשלום אָנגעקומען קיין תל־אביב.

פאָרט אייגן בלוט און פלייש...

# איינגעהאַנדלט מזוזות...

אין ישראל האָבן מיר איינגעהאַנדלט אייניקע קליינינקייטן, צווישן זיי שיי־נע סאַמעטענע קאָלירטע יאַרמולקעס, טליתים־זעקלעך, תפילין־זעקלעך, חלה־טישטעכלעך און טישטעכלעך צוצודעקן מצות. אויך געקויפט אַ שיינע הגדה מיט קאָלירטע טאָוועלעך, אַ סידור מיט אַ שלאָס צו פאַרמאַכן און חנוכה־לעמפּ־לעך. אלץ וואָס מיר האָבן געקויפט איז געווען פון עטלעכע שטיק, צו געבן מתנות די קינדער, אייניקלעך, קרובים, גוטע פריינד, שכנים און באַקאַנטע.

ווו מיר האָבן געזען אין אַ שוי־פענצטער אַ חנוכה־לאָמפּ, אַ טעלער מיט ישראל־צייכענונגען האָבן מיר געקויפט. די קרעמער האָבן באלד דערשמעקט אז מיר זיינען טוריסטן און אָנגענומען אונדז פאַר מיליאָנערן, וואָס פאַרמאָגן מיליאָנען דאָלאַרן... ווי נאָר מיר האָבן זיך נאָכגעפרעגט אַ פרייז אויף עפּעס האָט מען אונדז גלייך געזאָגט אין דאָלאַרן, און דערביי דערקלערט, אז אויב מיר וועלן צאָלן אין דאָלאַרן וועלן מיר קויפן בחצי חינם, מיר וועלן איינהאַנדלען גרויסע מציאות.

נאָענט צום האָטעל ווו מיר זיינען איינגעשטאַנען האָט זיך געפונען אַ גע־שעפט פון אנטיקן. אין האָטעל אין פאָיע האָט זיך אויך געפונען אַן ענלעך גע־שעפט אזא. אָבער מען האָט אונדז געזאָגט אז אין דעם געשעפט זיינען די פרייזן הויכע. איך האָב זיך איבערצייגט, אז ווו נאָר מען האָט אריבערגעטראָטן די שוועל פון אַ געשעפט און מען האָט דערקענט דעם אויסלענדישן פּרצוף, האָט מען גלייך געשטיגן די פרייזן...

אין א יובעליר־געשעפט האָב איך געוואָלט קויפן מתנות. באַקוקט דאָרטן אַ קייטעלע מיט אַ מגן־דודל. איך האָב געטראַכט צו קויפן עטלעכע שטיק פון זיי. דער סוחר האָט מיר דערקלערט, אז דאָס וואָס איך האַלט אין האַנט איז גראָד די בעסטע סחורה זיינע, פון בעסטן גאָלד אויסגעאַרבעט. אָבער דאָס האָט אויסגעזען צו זיין ווייט פון די בעסטע סחורה. איך האָב באַמערקט דעם פרייז — 195 פונט. כ׳האָב גענומען אַן אַנדער קייטעלע, כמעט דאָס זעלבע ווי די ערשטע, און דער פרייז איז געווען נאָר 153 פונט. האָב איך געוואָלט קויפן די ביליגערע. האָט מיר דער סוחר געזאָגט, אז דאָס איז נישט דער פרייז, נאָר אַ נומער... פרעג איך אים, דעם סוחר, צו דאָס קייטל מיטן פרייז 195 איז אויך אַ נומער. ענטפערט ער — ניין. דאָס איז דער ריכטיקער פרייז. ער זאָגט מיר, אז ער רעכנט מיר דעם אַלטן פרייז. גאָלד איז געשטיגן אפשר מיט אַכציק

פּראַצענט... נאָר אז איך וועל אים צאָלן מיט דאָלאַרן וועט ער מיר רעכענען דעם אַלטן פּרייז.

ווען איך איך בין אַרויס פון געשעפט האָב איך זיך געטראַכט: וואָס טוען יידן אין ישראל וואָס האָבן נישט קיין דאָלאַרן. אַלע ווילן דאָלאַרן. אפילו אַ טאַקסי־שאָפער האָט אויך געהייסן זיך באַצאָלן מיט „לאָקשן"...

אין די געשעפטן האָט מען געבעטן הויכע פּרייזן און מען האָט דערקלערט, אַז עס קאָסט זיי אליין טייערער... איז דאָך נישט אזוי שלעכט, אַז מען קען זיך דערלויבן צוצולייגן.

אַנדערע סוחרים האָבן נישט געוואָלט צולייגן, נאָר מאַכן אַ פּאַרדינסט. דאָס איז דער ריכטיקער וועג פון אַ סוחר. מען האַלט אַן אַ געשעפט, מ׳צאָלט דירה־געלט, שטייערן, מ׳האָט אַ ווייב מיט קינדער וואָס מען דאַרף מפרנס זיין, איז ריכטיק אַז ווען מען פאַרקויפט אַן אַרטיקל זאָל דער סוחר מאַכן אַ פּאַר־דינסט, נישט צולייגן.

אָבער אַז מען האַנדלט איין זשאַנק, שמאַטעס איז אַ שאָד דאָס געלט און כוחות צו שלעפּן די סחורה אַהיים.

ביים האָטעל וווּ מיר זיינען איינגעשטאַנען איז אויפן ווינקל גאַס געווען אַ געשעפט מיט כלערליי צאַצקעס פאַר טוריסטן. פון דרויסן איז געווען אַ גרויסער אויפשריפט איבער די פענצטער פון געשעפט, וואָס האָט זיך געלייענט: „אויס־פאַרקויף. דאָס געשעפט שליסט זיך!". זיינען מיר דאָרט אריין האַנדלען מציאות.

אין געשעפט האָט אונדז באַדינט א פעטע יידענע, אַ בייזע, וואָס טוט אייך אַ טובה אַז זי פאַרקויפט עפּעס. און האַלט אין איין קלאָגן אז זי וועט דעם אר־טיקל קיין מאָל נישט צוריקקויפן פאַר דעם פּרייז...

פרעג איך איר:

— איר שליסט דאָך דאָס געשעפט, וואָס רעדט איר וועגן צוריקקויפן?

ענטפערט די גראָבע און בייזע יידענע גאָר נישט סימפּאַטיש:

— און אז איך שליס דאָס געשעפט דאַרף איך אייך מיין סחורה אוועק־שענקען?! איר טוריסטן קומט אין ישראל נאָר זוכן מציאות. איר ווילט מען זאָל אייך אַלץ אוועקגעבן בחינם. פאַר דעם האָבן מיר געדאַרפט פירן מלחמות מיט די אַראַבער, מיט די סיריאַנער, מיט די יאַדאַנער און אנדערע הינט. איר קומט דאָ אויסגעפּוצטע און זאַטע, האָט נישט געוווסט פון קיין מלחמות, איר זייט רייך, אָנגעשטאָפּט מיט געלט. ווילט איר פון אונדז אוועקנעמען אונדזער האָ־רעוואַניע אומזיסט. פונקט ווי זיי, די אַראַבער?!

איך האָב געוואָלט ארויסגיין און גאָרנישט קויפן, אָבער מיין ווייב איז גע־פעלן געוואָרן אַ טעלער מיט אַ בילדל, וואָס איז דאָרט געהאַנגען אויף דער וואַנט.

די סוחרטע האָט געזאָגט אז דער פּרייז איז 30 דאָלער מיט 50 סענט. אויב פונטן, האָט זי דערקלערט, וועט דער פּרייז זיין אינגאַנצן אַן אַנדערער...

מיר האָבן באַצאָלט מיט דאָלאַרן, קיין סענט נישט ביליגער ווי זי האָט געבעטן. איר מאַן, אַ שוואַכער מענטש, האָט נישט געקאָנט פאַרליידן וואָס זיין ווייב באַרייסט אונדז, האָט ער שטיל צו איר געזאָגט, זי זאָל נאָכלאָזן די 50 סענט. 30 דאָלער איז גענוג. האָט זי, זיין ווייב, אים דערלאַנגט אַ פולע מויל. ער האָט זיך קוים ארונטערגעכאַפּט הינטערן ווענטל און געשוויגן.

דערווייל האָב איך באַמערקט שיינע מזוזות, אַ טייל געזילבערטע, געגילדטע מיט שיינע גראַווירונגען וועלכע זיינען מיר זייער געפעלן. איך האָב געפרעגט דעם פּרייז.

— אזוי ווי איר זייט שוין מיינע קונדן, — האָט זי, די קרעמערקע, געזאָגט, — און אזוי ווי איך וויל פּטור ווערן פון די סחורה צוליבן שליסן דאָס געשעפט, וועל איך פאַר אייך מאַכן אַ ספּעציעלן פּרייז. פאַר די 6 מזוזות וואָס איר האָט אויסגעקליבן, בלויז דרייסיק דאָלער!

— כ'וועל אייך געבן צוואַנציק דאָלער.

— קיין איין סענט נישט ביליגער!

— צפּורה! — שרייט איר מאַן פון הינטערן ווענטל, — נעם פון די מענטשן צוואַנציק דאָלער!

— משה, — שרייט זי אויף אים, — מיש זיך נישט אין מיינע געשעפטן. גיי אַהיים און עס מאַמעליגע!

מיר האָבן באַצאָלט 30 דאָלער פאר די זעקס מזוזות. שפּעטער זיינען מיר געוואָר געוואָרן, אז די אויפשריפט אויפן פענצטער פון יענעם געשעפט מיט די ווערטער: „אויספאַרקויף, דאָס געשעפט שליסט זיך!" הענגט שוין דאָרטן קאַרגע דריי יאָר...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זיינען מיר געווען אין חיפה. דאָרטן האָבן מיר געקויפט מזוזות שענערע און ביליגער. אָבער צום ביליגסטן האָבן מיר גע־קויפט מזוזות אין אַלט־ירושלים. פאַר 8 מזוזות האָבן מיר באַצאָלט נאָר 10 דאָלער. — — —

ווען מיר זיינען געקומען אַהיים האָבן מיר זיך ארומגעזען, אז אַלע מזוזות וואָס מיר האָבן איינגעהאַנדלט זיינען געווען פּוסט, ליידיקע שטיקלעך בלעך, אָן אַ יידישן אות, וואָס קיין ייד טאָר זיי נישט נוצן...

# געפונען אַ קוזין...

ווי נאָר פריינד און קרובים זיינען געוואָר געוואָרן אַז איך בין געקומען קיין ישראל, האָט דער טעלעפאָן אין צימער פון האָטעל ווו איך בין איינגע־שטאַנען נישט אויפגעהערט צו קלינגען. באַלד נאָך די טעלעפאָן־רופן איז מען געקומען מיך זען. פאַרשטייט זיך, אַז די פרייד איז געווען אַ גרויסע. גאָר אַ קלייניקייט, אריבער פערציק יאָר זיך נישט געזען.

קומט צו מיר צוגיין אַ קוזין, צעקושט זיך מיט מיר ווי מיט אַן אַכצן יאָריק מיידל און פאַרבעט מיך צו זיך:

— אזוי פיל יאָרן זיך נישט געזען! — זאָגט ער, — דו וועסט זיין אַן אָנגע־לייגטער און ליבער גאַסט ביי מיר, ביי מיין ווייב, ביי מיינע קינדער און אייניק־לעך. עלף אייניקלעך האָב איך! דו וועסט זען וואָס פאַראַ טייערע קינדער און בריליאַנטענע אייניקלעך איך האָב!

איך האָב פּרובירט בעטן מיין קוזין ער זאָל אָפּלייגן די זעאונג מיט זיין פרוי און מיט די טייערע קינדער און בריליאַנטענע אייניקלעך זיינע אויף אַן אַנדערש מאָל. איך בין דאָך נאָרוואָס געקומען אין לאַנד, וויל איך אָפּכאַפּן דעם אָטעם אַ ביסל און אַ קוק טאָן דאָס לאַנד.

זאָגט מיין קוזין:

— וועסט נאָך האָבן צייט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און זען דאָס לאַנד. דער אָטעם דיינער און דאָס לאַנד וועלן נישט אַנטלויפן. דערווייל קום צו מיר, וועסטו זען מיין משפּחה, זיך באַקענען מיט זיי. געדענקסט ווי מיין מאַמע, אַ ליכטיקן גן־עדן איר, פלעגט זיך שטאַרק זאָרגן, אַז איך וועל פאַרבלייבן אַן אַלטער בחור. קום, וועסטו זען מיין משפּחה. וועסט האָבן נחת! איך וועל דיך אויך פירן צו די אַנדערע קרובים. מיר האָבן דאָ, אָן עין־הרע, אַ גרויסע משפּחה. אַז דו ביסט שוין אין ישראל וויל איך דו זאָלסט זיי אַלע זען. אוי, אַזוי פיל יאָרן זיך נישט געזען! אַז דו וועסט זיין ביי מיר וועלן איך דיך אויך באַקענען מיט מיינע שכנים, ווילע מענטשן. איך האָב שכנים, יידן, וואָס זיינען געקומען פון מאַראָ־קאָ, טוניס, אלזשיר און פון נאָך לענדער. דו וועסט אויך טרעפן אונדזערע לאַנדסלייט. זיי ווייסן שוין אַז דו ביסט דאָ. זיי גרייטן צו מאַכן אַ קבלת־פּנים פאַר דיר, אַזוי פירט זיך דאָ. אָבער דאָס ערשטע וויל איך דיך האָבן ביי מיר אין שטוב, וועסט פאַרזוכן אַ היימישן מאָלצייט. דו וועסט זען ווי מיינע קאָכט אויס

אַ מאכל, עס צעגייט אין מויל. אז דו וועסט זיין ביי מיר וועסטו שבת עסן אַ היימישן טשאָלנט, פונקט אזא וואָס מען האָט געגעסן אין דער אַלטער היים!

איך האָב געוואָלט וואָס זאָגן, אָבער מיין קוזין האָט מיר נישט געגעבן קיין געלעגנהייט. ער האָט אָנגעהאַלטן מיט זיין ריידן:

— דו ווייסט גאָרנישט, קוזין מיינער, וואָס פאַר אַ חשובער גאַסט דו וועסט זיין ביי מיר אין שטוב. דו וועסט אונדז טייער זיין און אַ גרויסן כבוד וועסטו אונדז פאַרשאַפן — אזא טייערער גאַסט וואָס קומט פון רייכן אפריקע, פון אַ לאַנד מיט גאָלד און בריליאַנטן און מיט אַנדערע טייערע זאַכן, וואָס איר פאַרמאָגט דאָרטן! איך פאַרשטיי אז דו האָסט מיט זיך אַהער מיטגעבראַכט אַ ביסל גאָלד מיט בריליאַנטן. ביי אייך אין אפריקע, פאַרשטיי איך, איז מיט גאָלד און בריליאַנטן פונקט ווי ביי אונדז, למשל, מיט קאַרטאָפל אָדער מאַראַנצן. מען זאָגט אז ביי אייך ליגט גאָלד אין די גאַסן!...

— ווען איך וואָלט זיין אין דיין אפריקע, — רעדט ער ווייטער, — וואָלט איך אָנגעפילט עטלעכע זעק מיט גאָלד און בריליאַנטן און דאָס אריבערגעבראַכט דאָ אין ישראל. איך וואָלט שוין געוווסט וואָס צו טאָן דערמיט. דאָס ערשטע וואָלט איך מיר איינגעהאַנדלט א שיינעם שיכון אויפן הר הכרמל אין חיפה און איך וואָלט זיך אַוועקגעזעצט אויפן באַלקאָן און געקוקט אויף די שיינע פּאַנאָראַמעס ארום דעם ים מיט די טאָלן, מיט די בערג. געקוקט ווי עס קומען אריין און ווי עס פאָרן ארויס שיפן פון חיפהער האַפן. געקוקט אויף די טוריסטן וואָס קומען אויפן הר הכרמל נעמען פיקטשעס פון די רייכע און שיינע לאַנדשאַפטן דאָ. פאַר מיין ווייב וואָלט איך אריינגענומען אַ שיינע מאַראָקאַנער מיידל, זי זאָל איר צוהעלפן אין דער ווירטשאַפט און אויך אויף מיר אַ ביסל אכטונג געבן... איך וואָלט געצאָלט שטייערן נאָך מער ווי מען וואָלט פאַרלאַנגט. זאָל די יידישע מדינה אויך וויסן אז איך בין נישט מער קיין פשוטער אַרבעטער!

מיין קוזין האָט ביים ריידן זיך שטאַרק צעוואַרעמט, זיינע באַקן האָבן אויפגעבליט ווי פרישע יפוער מאַראַנצן, זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט ווי די שטערן וואָס מען זעט ביינאַכט איבערן הר־הכרמל הימל.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגערופן:

— טייערער קוזין, ווען דו וועסט פאָרן צוריק אין דיין אפריקע, האָב איך צו דיר אַ בקשה: איך וויל דו זאָלסט מיך מיטנעמען מיט זיך. נישט חלילה צו באַזעצן זיך דאָרטן. ניין, דאָס נישט. מיר געפעלט נישט אייער לאַנד מיט די שוואַרצע און מיט די אַנדערע מענטשן. מיר געפעלט נאָר דאָס גאָלד מיט די בריליאַנטן אייערע. נאָר אַ קורצע צייט וויל איך דאָרטן זיין, אָנצוקלייבן אַ

ביסל גאָלד מיט בריליאַנטן און דערמיט צוריקפאָרן קיין ישראל. מיין היים איז ישראל. אַ פיין לענדעלע, וואָס זאָגסטו, ליבער קוזין?

איך האָב גאָרנישט געענטפערט. איך בין געבליבן זיצן אַ מידער און גע־פילט, אויב מיין קוזין וועט נאָך אַ ביסל אָנהאַלטן מיט זיין ריידן, וועט ער דאַרפן ארויסרופן פאַר מיר אַ דאָקטער...



# אַ קלוגער שאָפער...

איך האָב געדאַרפט זיין אין נתניה צו טרעפן זיך מיט אַ קאָלעגע, אַ שריי־בער. גיי איך ארויס אין גאַס און לעבן האָטעל טרעף איך אַ ייד. פרעג איך אים:

— אדוני, זאָגט מיר אפשר ווייסט איר ווו מען קען קריגן אַן אויטאָבוס צו פאָרן קיין נתניה?

דער ייד האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און מיט אַ שמייכל געענטפערט:

— מיטן אויטאָבוס וועט אייך קאָסטן פיל טייערער, ווי פאָרן מיט אַ טאַקסי!

— ווי איז דאָס מעגלעך? — פרעג איך אים.

— אזוי איז דאָס! — האָט ער געזאָגט. — אויב איר ווילט פאָרן מיטן אוי־טאָבוס קיין נתניה, איז דאָ נישטאָ גראָד קיין אויטאָבוס וואָס זאָל אייך פירן קיין נתניה. איר דאַרפט פריער נעמען אַ טאַקסי צו פאָרן צום אויטאָבוס, נאָכדעם וועט איר דאַרפן נעמען אַ טאַקסי צו פאָרן פון אויטאָבוס. אזוי ארום וועט איר דאַרפן צאָלן פאַרן אויטאָבוס און פאַר צוויי טאַקסיס, וועט דאָס קאָסטן אייך טיי־ערער! אָבער ווען איר פאָרט דירעקט מיט אַ טאַקסי, וועט אייך קאָסטן פיל ביליגער. עס וועט אייך זיין פיל באַקוועמער און אויך גיכער!

— איך האָב צייט. — האָב איך געענטפערט.

— אויב איר האָט צייט, — האָט ער געזאָגט, — איז צו וואָס דאַרפט איר אַן אויטאָבוס? איר קאָנט גיין צופוס!..

— איר לאַכט פון מיר?!

— ניין, איך לאַך נישט. עס איז מיר גאָר נישט אזוי גוט ווי אייך, טוריסטן, איך זאָל לאַכן! איר דאַרפט וויסן אז איך לעב אין ישראל. עס רעדט זיך אזוי: איך לעב. איך מוטשע זיך! איך בין דאָ אין לאַנד גאַנצע 4 יאָר. איך האָב אַ ווייב מיט דריי קינדער וואָס מ׳דאַרף מפרנס זיין — איז ווי קען איך לאַכן?!

— וואָס איז אייער באַשעפטיקונג? — האָב איך אים געפרעגט.

— איך בין אַ שאָפער!

— איר אַרבעט פאַר זיך?

— ווער ארבעט פאַר זיך? — האָט ער הויך גערעדט. — איך אַרבעט פאַר אַ בעל־הבית, איך אַרבעט פאַר דער רעגירונג, פאַר צאָלן שטייערן, פאַר צאָלן דירה־געלט, פאַר ווייב און קינדער — פאַרן טייוול אַרבעט איך!

איך האָב באַקומען מיטלייד אויף אים און געפרעגט:

— זאָגט מיר אייער מיינונג, ווי איז בעסער צו פאָרן קיין נתניה? מיטן אויטאָבוס צי מיט אַ טאַקסי?

— איך רייד און רייד, רייס זיך דעם האַלדז, דערקלער איך אַלץ, פרעגט איר איצט ווי ס׳איז בעסער צו פאָרן קיין נתניה! פאַרשטייט זיך אַז מיט אַ טאַק־סי. איך פיר אייך צו ווו איר דאַרפט, צו דער טיר. עס וועט אייך נישט קאָסטן קיין עקסטרע. עס וועט אייך נאָך אויסמאַכן ביליגער ווי פאָרן מיטן אויטאָבוס!

— וויפל ביליגער?

— גענוי קאָן איך אייך נישט זאָגן. אָבער טייערער וועט אייך געוויס נישט קאָסטן!

— גוט. וויפל וועט מיך קאָסטן פאַר מיר מיט מיין פרוי?

— פאַר אייך, — זאָגט ער, — איך זע איר זייט נישט רייך און אוודאי אויך קאַרג, וועל איך דאָס מאַכן בלויז זעכציק פונט. איך וועל אייך צופירן צו דער טיר פון דעם מענטש וואָס איר דאַרפט זען. אָט שטייט דאָ מיין טאַקסי, טראַכט נישט לאַנג און זעצט זיך אריין!

— גוט! — האָב איך געענטפערט. — און איך מיט מיין פרוי זיינען איינ־געשטיגן אין דער טאַקסי.

אָפּפאָרנדיק אַ שטיקל וועג פרעגט מיך דער שאָפער:

— ווער איז דער מאַן, וואָס איר פאָרט זען אין נתניה?

— אַ יידישער שרייבער. — האָב איך געענטפערט.

— צו זען אַ יידישן שרייבער דאַרפט איר פאָרן אזש קיין נתניה? — האָט ער הויך גערעדט. — איר קאָנט זען יידישע שרייבערס גענוג אין תל־אביב, אין יפו, רמת־גן, בת־ים, און עס וואָלט אייך קאָסטן ביליגער!

— איך זוך נישט קיין מציאות! — זאָג איך אים.

אַ ביסל שפּעטער פרעגט ער מיך ווידער:

— איר וועט זיך לאַנג זאַמען ביים שרייבער?

— נישט צו לאַנג.

אַ קורצע ווײַלע שווייגט ער, און באַלד פרעגט ער ווידער:

— דער שרייבער ווייסט אַז איר קומט צו אים?

— ניין, ער ווייסט נישט. איך וויל אים מאַכן אַ סורפּריז.

— און וואָס וועט זיין אז איר וועט קומען און אייער שרייבער וועט נישט זיין אין דערהיים?

— וועט נישט זיין גוט.

— זאָרגט נישט, — האָט דער שאָפער מיך באַרואיקט, — איך וועל אייך צוריקפירן קיין תל־אביב. איך דאַרף סיי ווי פאָרן צוריק!

מיר זיינען אָנגעקומען קיין נתניה. ס'איז געווען אַ הערלעכער זומער־טאָג. די זון האָט מאַיעסטעטיש געשיינט און אַ פרישע לופט האָט אונדז, ווי אַ גוטע מאַמע, וואַרעם ארומגענומען. דער שאָפער האָט פון מיר גענומען דעם אדרעס פון מיין פריינד דעם שרייבער און געפאָרן איבער די גאַסן פון נתניה. ער האָט זיך אָפּט אָפּגעשטעלט און געפרעגט פאַרבייגייערס אויף דעם נאָמען פון דער גאַס וו מיין פריינד האָט געוווינט. איך האָב אים געפרעגט:

— וואָס, איר ווייסט נישט דעם אַדרעס וו מיין פריינד וווינט?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן, — האָט ער אַ ביסל ברוגזלעך גערעדט. — ער איז נישט מיין פריינד נאָר אייערער. איר דאַרפט וויסן זיין אַדרעס!

איך האָב שוין גאָרנישט גערעדט, געלאָזט דעם שאָפער ער זאָל אויפזוכן די גאַס און וווינונג פון מיין פריינד דעם שרייבער.

נאָך אַ שטיקל צייט זיך ארומדרייען איבער גאַסן מיט נייע בלאָקס פלעטס האָט ער ענדלעך געפונען די גאַס און מויער, וו מיין פריינד האָט געוווינט.

מיר גייען ארויף אויפן ערשטן שטאָק, מיר קלאַפּן אָן אין טיר, אָבער קיי־נער ענטפערט נישט. אַ שכנה פון אַ דערבייאיקער וווינונג האָט זיך באַוויזן אין טיר און אונדז געפרעגט:

— איר זוכט וועמען?

זאָג איך איר וועמען איך זוך. ענטפערט זי מיר, אז מיין פריינד דער שריי־בער איז היינט אינדערפרי געפאָרן מיט זיין פרוי קיין חיפה צו זייער זון. זיי וועלן קומען צוריק אויף דער צווייטער וואָך, מאָנטיק...

איך בין געבליבן אַנטוישט און געפּלעפט: אַנשטאָט צו מאַכן מיין פריינד דעם שרייבער אַ סורפּריז, האָב איך גאָר אליין געהאַט אַן אנטוישטן סורפּריז.

דער שאָפער האָט דאָס באַמערקט, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— זייט נישט פאַרצווייפלט. זאָרגט נישט. איך פאָר צוריק קיין תל־אביב, וועל איך אייך צוריקפירן!

ווי אָפּגעשמיסענע זיינען מיר איינגעשטיגן אין דער טאַקסי און געפאָרן צוריק קיין תל־אביב. דעם גאַנצן וועג האָבן מיר נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.

קומענדיק קיין תל־אביב האָב איך דערלאַנגט דעם שאָפער הונדערט פונט און געווען זיכער, אז ער וועט זיין צופרידן.
וואַרפט מיר דער שאָפער דאָס געלט צוריק און אויפגערעגט זאָגט ער:
— ווייניקער פון צוויי הונדערט פונט וועל איך נישט נעמען!
— איר האָט דאָך פאַרלאַנגט נאָר 60 פונט און איך גיב אייך 100!
— יאָ. 60 פונט צו פירן אייך נאָר קיין נתניה. איצט קומט מיר נאָך 60 פונט פאַרן ברענגען אייך צוריק קיין תל־אביב! און ווו איז די צייט וואָס איך האָב געפּטרט אויפצווזוכן אייער פריינד דעם שרייבער?! דאָס קאָסט 200 פונט, קיין פּרוטה נישט ווייניקער! — האָט ער בייז גערעדט.
עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. איך האָב באַצאָלט די פאַרלאַנגטע סומע און געטראַכט: דער שאָפער איז טאַקע גערעכט געווען. איך האָב געקאָנט זען שרייבער אין תל־אביב, אין יפו און אין בת־ים פאַר פיל ביליגער...



# ס'איז גוט און וויל

אין ישראל זאָגט צו מיר אַ קרוב:
— הערשל, פאָלג מיך און בלייב דאָ אין לאַנד. וועסט זיין צופרידן צו לעבן צווישן יידן. אזעלכע גליקן וואָס דו האָסט אין אפריקע וועסטו אויך דאָ האָבן. ישראל איז אַ דעמאָקראַטיש לאַנד און ווי מען האָט געלערנט אין דער אַלטער היים — אַ לאַנד פון חלב ודבש, פון כל טוב. דאָ איז נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם, קיין גראַבבסקיס עגלה. מען האָט דאָ נישט קיין מורא פאַר גויים. מ'איז דאָ אַ פרייער מענטש! אמת, מען צאָלט דאָ הויכע שטייערן, אָבער מען צאָלט נישט צו פרעמדע, צו גויים, נאָר צו אייגענע מענטשן, צו יידן.
— אז דו וועסט דאָ וווינען אין לאַנד מיט דיין משפחה, ביסטו רואיק און זיכער. האָסט נישט קיין זאָרג אז דיינע קינדער זאָלן זיך אויסמישן מיט גויים. קיין שיקסעס מיט שקצים זיינען דאָ נישטאָ. אויב דו זעסט ערגעץ איינעם וואָס זעט אויס ווי אַ שגץ, זאָלסטו וויסן אז דאָס איז אַ יידישער בחור. די מיט די לאַנגע בערד און פּיאות זיינען נישט קיין היפּיס, נאָר פרומע יידן, מאה־שערים־ניקעס וואָס דאַוונען און זינגען, און מען האָט פון זיי צו זינגען און זאָגן!...
— דאָ אין ישראל, אפילו אַן איינפאַכער אַרבעטער מאַכט אויך אַ לעבן. מען האָט קינדער, שיינע היימען מיט ראַדיאָס, טעלעוויזיעס, וויינטרויבן און

ווייך. מען גייט אין טעאַטער, צו קאָנצערטן, אין קאַפעען אָדער מען מאַכט אַ קערטל. אז דו ווערסט דאָ זיין וועסטו זען ווי גוט און וואויל דאָ איז. למשל, דו ביסט אַן אַרבעטער, קריגסט אַ שטעלע, דאַרפסטו שוין גאָרנישט זאָרגן. דו האָסט אַ שטעלע מיט פרנסה אויפן גאַנצן לעבן. מיר האָבן דאָ טייערע געזעצן וואָס דערלויבן נישט אָפּצוזאָגן אַן אַרבעטער פון דער שטעלע, אפילו ווען ער אַרבעט נישט. ווו נאָך האָסטו אַ לאַנד מיט אזעלכע געזעצן? דאַרפסט זיך נישט חידושן, אזוי איז דאָס. ס'איז דאָך אַ יידישע מדינה, מיט יידישע מיניס־טאָרן, מיט אַ יידישן פרעמיער־מיניסטער, פינאַנץ־מיניסטער, קריגס־מיניס־טער — קריגט מען זיך. וואָס איינער זאָגט, זאָגט דער צווייטער קאַפויער. קו־מען פּאָר מחלוקתן, שפּאַלטונגען, אָבער מען שפּאַלט זיך נישט די קעפּ, חלילה! אזא לאַנד איז ישראל, מען קאָן אפילו אריינזאָגן דעם מיניסטער און ער שווייגט. ווען ער שווייגט נישט און ענטפערט, שרעקט מען זיך נישט אָפּ, מען ענטפערט צוריק, מען דערלאַנגט צוריק. נאָר חלילה נישט מיט די הענט, נאָר מיטן מויל!

— דאָ אז אַן אַרבעטער וויל זיין קראַנק, איז ער קראַנק. נישט ווי ביי אייך, ווען אַן אַרבעטער איז קראַנק דאַרף ער זיך לייגן אין בעט, האָבן היץ מיט קדחת און דאַרף רופן אַ דאָקטער. למשל, ווען איך באַשטים צו זיין קראַנק גיי איך אַוועק אין קופּת־חולים און זאָג דאָרטן דעם דאָקטער, אז איך וויל האָבן אַ וואָך אָדער לענגער חופש, אָפּרו. איך זאָג אים, אז עס שטעכן און ברעכן מיר די זייטן, דער רוקן. דער רופא איז דאָך אַן אונדזעריקער, אַ יהודי, גיט ער מיר אַ צעטל, אַ כתב אז איך בין פריי פון דער אַרבעט אויף אַ וואָך אָדער לענגער. גיי איך נישט אין פאַבריק און קען אין דער צייט טאָן וואָס מיין האַרץ גלוסט. איך בין אַ פרייער מענטש. וויל איך האָבן מערער געלט, העכערע שכירות, מאַך איך אַ שטרייק — און מען צאָלט. נישט ווי ביי דיר אין לאַנד, ווו מען טאָר נישט שטרייקן. און אז ביי אייך מען ווערט קראַנק, קרענקט מען טאַקע אויף אַן אמת. בייע עולים דאָ, וואָס האָבן נאָך נישט אָנגעוואָרעמט זייערע פיס דאָ, שטרייקן אויך. זיי אַרבעטן נאָך נישט און זיי שטרייקן שוין, ווילן שענערע די־רות. האָסט געזען נעכטן אָוונט אַ משפחה, מאַן און ווייב מיט זייערע קינדער, וואָס האָבן זיך אויסגעלייגט אַ געלעגער אין מיטן גאַס, אין פראָנט פון שטאָט־ראַט? דו מיינסט אוודאי די מענטשן האָבן נישט קיין דירה, האָבן נישט ווו צו שלאָפן? זיי האָבן יאָ אַ דירה, נאָר זיי ווילן אַן אַנדער דירה, אין צענטער שטאָט. זיי זיינען רוסישע עולים, מיוחסים!

— ביי אייך, ווען אַ ייד וויל האָבן ארץ ישראל־ערד, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, צו זיין קבורה, דאַרף ער דערפאַר גוט באַצאָלן און איז נישט זיכער, אז ער קריגט אמתע ארץ ישראל־ערד. אָבער דאָ, אָן עקסטרע געלט

קריגט ער דאָס... ביי אונדז, אז אַ קראַנקן אין שפּיטאָל געפעלט נישט דער דאָק־טער, ווען ער באַגריסט אים נישט געגוג העפלעך, נעמט דער חולה א רעוואָל־ווער און דערשיסט דעם דאָקטער. זאָג מיר, הערשל, האָסט שוין אַמאָל ביי דיר אין לאַנד דערטן דערשאָסן אַ דאָקטער?

איך בין געוואָרן מיד פון הערן מיין קרובס רייד, געזוכט אַ וועג ווי זיך ארויסצודרייען פון אים. צום גליק איז אָנגעקומען זייו ווייב און אים גערופן:

— יאָסל, ווי לאַנג נאָך וועסטו ריידן מיט דיין קרוב, וועסט נישט מאַכן קיין לעבן פון אים! זאָג אים ער זאָל קומען אַן אַנדערש מאָל. מיר דאַרפן גיין, עס ווערט שפּעט!

מיין קרוב האָט זיך פאַר מיר אַנטשולדיקט, געזאָגט מיר שלום און להתראות און איז אַוועק.



# גוט צו זיין אַ טוריסט...

ווען איך בין געווען אין ישראל האָב איך געוווינט אין אַ האָטעל, וואָס האָט זיך געפונען אויף רחוב ירקון. אײן פרימאָרגן גיי איך ארויס אין דרויסן. עס איז געווען אַ שיינער און הערלעכער ישראל־פרימאָרגן מיט אַ תכלת־הימל און וואַרעמער זון. איך האָב שפּאַצירט ביים האָטעל. קומט צו מיר צו אַ ייד מיט אַ פאַלאַפל אין מויל, וואָס ער האָט געריבן מיט אַ גוטן אַפּעטיט אויף ביידע באַקן. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן פאַלאַפל האָט ער מיט די הענט אָפּגעווישט זיין פּנים און שיטערן ציגן־בערדל, האָט אָנגעשטעלט זיינע אויגן און געקוקט אויף מיר פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן ארויף און געזאָגט:

— אייך איז גוט, איר זייט אַ פרעמדער, אַ טוריסט. אַ גליקלעכער מענטש זייט איר! איר קומט דאָ צופאָרן צום אַלעם גרייטן. איר האָט נישט קיין דאגות און קיין שרעק מיט גרענעצן און מלחמות. איר ווייסט נישט פון קיין שטרייקן און אנדערע צרות. איר האָט נישט געפּאָקט און נישט געמאָזלט דאָ. געקומען צום גרייטן און שפּאַצירט זיך ארום רואיק איבער די גלאַטע אַספאַלטירטע גאַסן, וואָס מיר האָבן מיט אונדזערע מאָזאָלירטע הענט פאַר אייך צוגעגרייט, איר זאָלט קענען רואיק שפּאַצירן. איר פאָרט קיין חיפה, ירושלים, נתניה. איר פאָרט צום טויטן ים, צום געזאַלצענעם ים און די ימים מיט די פּלאַזשעס מיט די יונגע שיינע ווייבלעך און לעבט זיך גוט אריין. איר גייט אין די טעאַטערן ווו אונדזער־

רע יאַטן, די אַקטיאָרן, דאַרפן אייך מאַכן לאַכן, ווען זיי איז גאָרנישט אזוי גוט און פריילעך. איר שמעלצט זיך און קייכט פון געלעכטער. איר זיצט אין קאַ־פעען, טרינקט קאַווע און פאַרבייסט מיט ארץ־ישראלדיקן קעז־קוכן, וואָס אונד־זערע הענט האָבן פאַר אייך צוגעגרייט. אָבער איר שאַצט דאָס נישט אָפּ, איר קרימט זיך, און פאַרדרייט אייערע טוריסטישע נעזער ווען איר דאַרפט באַצאָלן עטלעכע דאָלער דערפאַר, וואָס אייך קומען אָן גרינג די דאָלאַרן. אייך צאָלט מען נישט מיט אונדזערע ישראל־פונטן, וואָס פונעם פונט איז געוואָרן אַ לויט... איז וואָס זאָלן מיר, ישראל־יידן, זאָגן? ווען מיר קומען אריין אין אַ קאַפע אָדער אין אַ טעאַטער, צאָלן מיר ווי אַ טאַטע — און מיר קרימען זיך נישט!

— איר זייט גליקלעכע מענטשן! איר קומט דאָ צופאָרן אלס טוריסטן, טוט קיין זאַך נישט, גאַנצע טעג פאָרט איר ארום און קוקט אויס דאָס לאַנד, פונקט ווי איר וואָלט עס וועלן קויפן. איך וויל אייך זאָגן, אז ווי רייך איר זייט און וויפל טויזנטער מיליאָנען דאָלאַרן איר זאָלט נישט פאַרמאָגן, וועלן מיר אייך פאַר קיין שום געלט נישט פאַרקויפן אונדזער לענדעלע. קיין איין שטאָט אפילו נישט, נישט די כותל־מערבי! איר וויסט וויפל ריווח די וואַנט ברעגט אריין דער יידישער מדינה? איך בין זיכער אז איר פאַרמאָגט דאָס נישט! זאָגט דעם אמת, ווען נישט די כותל־מערבי וואָלט איר אַהער געקומען? און וואָס איז וועגן דער מערת־המכפלה און מוטער רחלס קבר? ווען איך האָב כאָטש דאָס קבר אליין, וואָלט איך דערפון געמאַכט אַ שיינעם לעבן און נאָך געשפּאָרט אַ דאָלער!

דער ייד האָט זיך אַ ביסל אָפּגערוט און באַלד ווייטער גערעדט:

— איר זעט דעם האָטעל וווּ איר שטייט איין? איאָ, אַ פּראַכט! איר האָט דאָ אַלע לוקסוס מיט אויטאָמאַטישע ליפטס וואָס פירן אייך ארויף און אַראָפּ. איר האָט באַדינערס מיט באַדינערקעס. נו, אַ סך האָט איר אין דעם אריינגע־לייגט? מיר האָבן דאָס מיט אונדזער שוויס געבויט. — אַלץ פאַר אייך, טוריסטן!

— איך זע, — זאָגט ער, — איר רויכערט האַוואַנער סיגאַרן. איר זאָגט, איר האָט פיינט פידעל קאַסטראָ, אָבער נישט זיינע סיגאַרן. דאָס איז דער אומגליק מיט אונדזערע יידן! דאָרט וווּ מען האָט זיי פיינט, דאָרטן שטופּן זיי זיך! אַ מגפה געוואָרן צו פאָרן אין בלוטיקן דייטשלאַנד! און ווער, מיינט איר, פאָרט? די געליטענע יידעלעך! טוריסטן!

— ווען איך וואָלט זיין אַ טוריסט און האָבן דאָלאַרן, פרעמדע וואַלוטע, וואָלט איך נישט זיין אַזאַ יאָלד ווי איר. איך וואָלט די דאָלאַרן נישט אזוי האַס־טיק צעטרענצלט. איך וואָלט זיי אַ קוש געגעבן און אריינגערוקט אין מאַטראַץ — זאָלן זיי ליגן! וואָס איז, זיי בעטן עסן? קיין שטייערן פאַר זיי צאָלט מען נישט און מ'האָט נישט קיין מורא, אז זיי זאָלן ווערן ביליגער. די ישראל־רעגירונג וועט

קיינמאָל נישט דערוואַלגאירן דאָלאַרן. אויב זי וויל דעוואַלואירן, האָט זי איר איי־
גענע וואַלוטע, פונטן. אָבער אָנקל סעמס וואַלוטע וועט זי נישט ביליגער מאַכן!

— און באַלד, באַלד, נאָכדעם ווי איר וועט זיך שוין האָבן גוט אָנגעגעסן מיט די פּוטער און קעז־קוכנס, מיט די ווייַנטרויבן און מאַראַנצן און שוין האָבן אַלץ דאָ געזען, וועט איר איינפּאַקן אייערע וואַליזעס און פאָרן אַהיים און אונדז וועט איר איבערלאָזן מיט די אַראַבער, מיט די שונאים און אַלע דאגות און צרות וועט איר לאָזן אויף אונדזערע קעפּ!

— יאָ, אייך טוריסטן איז גוט, — האָט דער ייד געזאָגט. — אז איר ווילט זייט איר דאָ, און אז איר ווילט נישט, פאָרט איר אַוועק. אָבער איך זאָג אייך, איר וועט צוריקקומען! ווייל ווו נאָך האָט איר אַזאַ לענדערע ווי דאָס איז אונד־
זערס?.. שלום, להתראות! — האָט ער הויך געזאָגט און איז אַוועק.



## עס וועט מיר גוט און ווויל זיין

— גוט וואָס דו ביסט געקומען קיין ישראל! — האָט צו מיר געזאָגט אַ קרוב.
— דו ביסט אפילו שפּעט געקומען, אָבער בעסער שפּעטער ווי קיינמאָל. אז דו ביסט שוין דאָ וועסטו זען אַ לענדערע, וואָס מיר יידן האָבן אויפגעבויט, אויף צו־
פּיקעניש די שונאים. ס'איז נישט געווען אזוי לייכט ווי דו מיינסט. מ'האָט שווער און ביטער געהאָרעוועט, ערגער נאָך ווי אַמאָל די יידן אין מצרים. צו דער זעל־
בער צייט האָט מען אויך דורכגעמאַכט מלחמות. אָבען מען האָט זיי, די שונאים, טיף אין דער אדמה. אונדזערע טייערע יידישע קינדער שטייען אויף דער וואַך, היטן דאָס יידישע לאַנד. און איך אליין, ווי דו קוקסט מיך אָן, בין אויך נישט קיין קיי און שפּיי. אז מען דאַרף קאָן איך אויך דערלאַנגען אַ מתנת־יד. דו דאַרפסט וויסן, אז איך בין דאָ פון די ערשטע חלוצים. איך האָב געזען דעם געבורט פון לאַנד, די חבלי־לידה. אָבער נישט דאָס איז איצט וויכטיק דיר צו דערציילן. וואָס איך וויל דיר זאָגן איז, אז דו זאָלסט זיין ביי מיר עטלעכע טעג, זען מיינע קינדער, מיינע אייניקלעך. אזעלכע גוטע קינדער און אייניקלעך ווי איך האָב, זיינען ביי דיר אין לאַנד נישטאָ. איך ווייס אז דו קומסט פון אַ רייך לאַנד, מיט גאָלד און בריליאַנטן. אָבער ביי מיר זיינען מער טייערער די ישראל־שטיינער, די זאַמד און ישראל־ערד, פון דיינע גאָלד און בריליאַנטן. זאָג מיר, האָט איר אַ כותל־מערבי ווי מיר האָבן? אדרבה, וויַז מיר ווו אין דער וועלט איז דאָ נאָך

**אזא כותל־מערבי, ווו יידן זאָלן קענען קומען זיך גוט אויסוויינען?**

נאָך האָסטו אַ מוטער רחלס קבר? איך ווייס אז ביי אייך זיינען דאָ פיל קברים, אָבער נישט אזא קבר ווי מוטער רחלס. מען קומט דאָך אַהער פון דער גאַנצער וועלט צו זען איר קבר! צו זען ווי יידן לעבן אזוי פריי אין ישראל, דאַרף מען דאָך אפילו נישט זיין קיין פריידענקער! ישראל איז אַ דעמאָקראַטיש לאַנד. מען האָט דאָ פאַר קיינעם קיין מורא נישט. נישט ווי ביי אייך, וואָס מען האָט מורא ארויסצושטעקן די נאָז, מען ליגט אין די הייזער הינטער פאַרהאַקטע שלעסער. אז עמעצער קלאַפּט אין טיר פאַלט אייך ארויס דאָס האַרץ. איר ציטערט ארויסצוגיין אין גאַס. און אז איר גייט שוין יאָ ארויס, באַפאַלט מען אייך, מען הרגעט, מען רויבט. אויב מען באַרויבט דאָ יאָ אַמאָל איינעם, איז דאָס אַ טוריסט. איז ווער הייסט אים זיין אַ טוריסט? זאָל ער קומען דאָ וווינען, ווערן אויס טוריסט, וועט ער וויסן פון אַ לעבן. וואָס זיצט איר דאָרט און וואַרט? איר וואַרט ביז עס וועט זיין שפּעט און מ׳וועט אייך ארויסטרייבן? אז דו ביסט שוין דאָ געקומען איז בלייב שוין דאָ! וואָס, דו קומסט דאָ קוקן אויף דער כותל־מערבי? וואָס, דו ווילסט איר קויפן? דיינע לייט קומען דאָ איינהאַנדלען פּאָסט־קאַרטלעך פון די שטעט און גאַסן, און פאָרן אַוועק! עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי איר וואָלט זיין שפּיאָנען און קומט אויסקוקן דאָס לאַנד! ווען דו פאָלגסט מיך, נעמסטו און פּאַקסט אויס דיינע וואַליזעס און בלייבסט דאָ. דיינע גליקן וואָס דו האָסט דאָרט, וועסטו אויך דאָ האָבן. איך זע נישט די גבירשאַפט דיינע. ביסט געקומען דאָ צו גאַסט און האָסט אפילו קיין לייטישע מתנה נישט געבראַכט, האַלטסט זיך אין גרויסן מיט די גאָלד־גרובן און דימאַנטן־פעלדער. איך זע נישט קיין גאָלד און דימאַנטן ביי דיר! דאָס איינציקע גאָלד וואָס איך זע ביי דיר, איז אַ גאָלדענע קאַראָנע אויף דיינע ציינער. און די שטיינער דיינע מעגן אונדזערע שונאים האָבן. אויף סאַדאַטן, אויף אַסאַדן און אונדזערע אַנדערע שונאים געזאָגט געוואָרן, זיי זאָלן האָבן דיינע שטיינער, די גאַל־שטיינער!

— איך זע, אז דו קוקסט אויף מיר אַ ביסל קרום. שוין, מיר וועלן וועגן דעם נישט ריידן. אין ישראל מעג מען אַלץ ריידן, עס איז אַ דעמאָקראַטיש לאַנד. דאָ קאָנסטו אַלץ זאָגן. דו קאָנסט אפילו זאָגן אז דער פּרעמיער־מיניסטער געפעלט דיר נישט, וועט מען דיר גאָרנישט טאָן. פּרווו זאָגן ביי דיר אין לאַנד, אז עס געפעלט דיר נישט דער פּרעמיער? ביי אייך שרעקט מען זיך אפילו צו ווערן אַלט. ביי אייך אז מען ווערט אַלט, ווערט מען איבעריק נישט נאָר ביי די אייגענע קינדער, נאָר אפילו ביי דער געזעלשאַפט. קיין שטעלע קריגט מען נישט, קיין סאָציאַלע פאַרזיכערונג אויך נישט און קיין יונגע ווייבלעך ווילן מער אויף אייך נישט קוקן. אין ישראל אז מען ווערט אַלט, איז מען נישט קיין

קען אויך אַ ביסל צואַרבעטן. און אז מען וויל נישט, אַרבעט מען נישט. אפילו יונגע מענטשן דאָ אַרבעטן אויך נישט, און די וואָס אַרבעטן טוען אויך גאָרנישט. ס׳איז אַ דעמאָקראַטיש לאַנד. אויף פּרעמדע ווייבלעך קען מען אויך קוקן וויפל מען וויל, מען דאַרף האָבן גוטע אויגן. נישט פאַר דיר געדאַכט, לייד איך אַ ביסל מיט מיינע אויגן. אָבער עס איז נישט געפערלעך, מיר האָבן אַ קופּת־חולים, זעען זיי, אז איך זאָל זען. מען גיט מיר גלעזער, איינשפּריצונגען. אז עס העלפט נישט איז נישט זייער שולד. אָבער זיי טוען דאָך עפּעס פאַר מיר! איך באַקלאָג זיך נישט, חלילה. נישט געקוקט וואָס איך בין שוין אַ זקן, פיל איך זיך ווי אַ יונגערמאַנטשיק. מיר האָבן יונגע מיידלעך, קיין עין־הרע, אַ סך. הלוואי וואָלטן מיר האָבן דאָ אזויפיל יונגע לייט, וואָלטן די אַראַבער זיך ווייניקער גע־טשעפּעט צו אונדז. הערשל, פאָלג מיך, בלייב דאָ אַ תושב. וועסט זען, עס וועט דיר גוט זיין, וועסט נישט באַדויערן. אַלס נייער עולה וועט דיר דאָ גאָרנישט פעלן. מען וועט דיר געבן אַ בחינמדיקע וווינונג, אַ טעלעוויזיע, אַ טעלעפאָן און אפשר נאָך אַן אויטאָ און דו וועסט פייפן אויף אַלעמען!...



## אויף דער פּלאַזשע אין תל־אביב

דער האָטעל ווו מיר זיינען איינגעשטאַנען, האָט זיך געפונען נאָענט צום ים. ארויסקומענדיק פון האָטעל האָט מען געזען פיל מענטשן, יונגע און עלטערע, וואָס זיינען געגאַנגען צום ים. די פרויען און מענער זיינען געווען אָנגעטאָן אין זומערדיקער הלבשה, וואָס האָט זיך געפּאַסט פאַרן ים און פאַר דער פּלאַזשע. עס זיינען געגאַנגען גרעסערע גרופּעס קינדער, אויך איז מען געפאָרן מיט אוי־טאָס. קיין סימן פון שבת. בעת מעשה פאַרגעסט מען זיך, אז מען געפינט זיך אין ישראל... עס דאַכט זיך אז מען געפינט זיך אויף דער דערבענער אָדער מיאַמי־ביטש פּלאַזשע, צי גאָר אין היימישן מיוזנבערג...

דאָ און דאָרט האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן שיינע יידישע מיידלעך, יונגע ווייבלעך, חוה׳ס טעכטער, אין פאַרביקע ביקיניס, יונגע לייט אין קורצע הויזן, שווים־קאָסטיומען. אַלע זיינען לוסטיק און פריילעך, שפּרינגען אין ים, ברענען זיך פון דער זון, און אַנדערע קושן זיך יידישלעך.

די פּלאַזשע איז נישט אזא ברייט־פאַרנעמיקע ווי זי איז אין דערבן אָדער מיוזנבערג. דאָ וועט מען ווייניקער ליגן אויף דעק־שטולן, מען גייט הין און

[illegible] —
דער שיינער בלאָער ישראל־הימל.

עס איז שוין געווען נאָכן זומער־סעזאָן, אין חודש אָקטאָבער, אָבער עס איז נאָך געווען גוט הייס. מען האָט זיך געבאָדן אין ים, ווי אין מיטן זומער. אַנדערע זיינען ארומגעשוווּמען מיט שיפלעך, מען האָט זיך פריי און פריילעך אמוזירט און דער ברעג פון ים האָט געשוימט ווי גלעזער שאַמפּיין אויף אַ יידישער שמחה.

איך האָב ארומגעשפּאַצירט און געהאַט גרויס הנאה. איך האָב געטראַכט אפשר וועל איך טרעפן אַ באַקאַנטן, אָבער איך האָב קיין באַקאַנטע נישט גע־טראָפן.

מיין פרוי איז געווען מיד, האָט זי זיך צוגעזעצט און איך האָב ווייטער שפּאַצירט. איך בין אריבערגעגאַנגען אַ בריקל, זע איך צוויי מיטליאָריקע פרויען, היפּש אויסגעפּילטע. די באָד־קאָסטיומען האָבן שיער נישט געפּלאַצט אויף זיי. דאָס אינטערעסאַנטסטע פאַר מיר איז געווען, וואָס זיי האָבן גערעדט יידיש צווישן זיך.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און צו זיי געזאָגט:

— איך הער, איר רעדט יידיש. מיין שפּראַך.

— פון ווען אָן, זאָגט איינע, — איז יידיש אייער שפּראַך?

— ס'איז אונדזער שפּראַך! — האָט די צווייטע אונטערגעכאַפּט.

איך האָב זיך געפילט אַ ביסל געטראָפן. די פרויען זיינען גערעכט. איך האָב זיך פאַר זיי פאַרענטפערט:

— געזונט זאָלט איר זיין, איר זייט גערעכט. איך האָב זיך נישט ריכטיק אויסגעדריקט. אוודאי איז יידיש אונדזער שפּראַך!

— ניין, נישט אייער, נאָר אונדזער! — האָט איינע פון די פרויען הויך אויסגעשריען.

איך בין געווען צופרידן פון דער באַגעגעניש, צו טרעפן אזעלכע יידיש־ריידנדיקע פרויען, און איך האָב זיי געפרעגט:

— פון וואַנען קומט איר?

— פון אַ גוט יאָר!

— אָן שפּאַס, פון וואַנען?

— מיר קומען פון בוקאַרעשט! — האָבן בײדע מיטאַמאָל גערעדט. — איר האָט געהערט פון אזא אָרט?

— יאָ, געוויס האָב איך געהערט.

— אפשר זייט איר אויך אַ בוקאַרעשטער? — האָט איינע פון זיי מיך גע־פרעגט.

— אזוי, איר קומט פון דרום אפריקע? — האָט אויסגערופן די צווייטע פרוי. — נו, זייט איר דאָך אַ מיליאָנער!

— ווייט דערפון.

— וואָס האָט איר מורא, מיר וועלן נישט צונעמען אייער פאַרמעגן!

— איך האָב נישט קיין מורא.

— זאָגט מיר, ווי גייט עס די יידן ביי אייך?

— נישט שלעכט.

— און אַנטיסעמיטיזם האָט איר?

— איך ווייס נישט.

— אַ מענטש וווינט אין אַ לאַנד און ווייסט נישט וואָס עס טוט זיך דאָרטן!

— האָט איינע פון די פרויען געזאָגט און זיך הויך צעלאַכט.

איך האָב זיך געפילט אַ ביסל פאַרלוירן און צו זיי געזאָגט:

— לאָמיר ריידן וועגן עפּעס אַנדערש.

— וועגן וואָס ווילט איר ריידן? וועגן ליבע, סעקס?

— איך בין צו אַלט וועגן דעם צו ריידן. — האָב איך זיי געענטפערט און געזוכט אַ וועג אוועקצוגיין.

— אַ מאַן איז קיינמאָל נישט אַלט! — האָבן זיי ביידע מיטאַמאָל געענטפערט.

— קומט, זעצט זיך צו אויף דעם דעק־שטול! — האָט איינע פון זיי מיך איינגעלאַדן און דערביי געשמירט מיט ליפּסטיק איבער אירע גראָבע ליפּן.

— איך איל זיך. — האָב איך געענטפערט.

— ער איז אַ חסיד! — האָט די צווייטע געזאָגט.

— ניין, נישט דאָס, — האָב איך זיי געזאָגט. — איר זעט דאָרטן די פרוי?

— האָב איך זיי אָנגעוויזן אויף מיין פרוי, וואָס איז געזעסן אויף אַ בענקל און געוואַרט אויף מיר.

— ווער איז זי? — האָבן זיי מיך געפרעגט.

— דאָס איז מיין פרוי.

ביידע ווייבער האָבן זיך איבערגעקוקט און גאַרנישט סימפּאַטיש צו מיר געזאָגט:

— אַ יאָלד דאָס איז. קומט מיט דער ווייב דאָ! אויב אזוי איז גייט אייך געזונטערהייט און פטרט נישט אומזיסט אונדזער צייט.

ווי אַן אָפּגעשמיסענער בין איך אַוועק...